נח וויטאַל

# שטאָט און פעלד

## געקליבענע דערציילונגען



אַרויסגעגעבן דורך דעם

ליטוויש־יידישן פאַרבאַנד אין אַרגענטינע

בוענאָס איירעס

1946

# נחום

עס איז געווען אַרום צען אַזייגער פרי, ווען נחום האָט זיך אויפגעכאַפּט און באַלד דערפילט, אַז ער איז הונגעריק.

דורך די שפּאַרונעס פון הילצערנעם צימערל האָט זיך אַריינגעריסן די זון פון אַלע זייטן, און דאָס דאָזיקע צימערל איז געווען דורכגעזיפּט ווי אַ זיפּ מיט ליכט און זונען־שטראַלן. עס האָט אים געברענט אין די אויגן פון ליכטיקייט און דער קאָפּ פון אַ סך שלאָפן איז אים אָנגעגאָסן געווען ווי מיט בליי. ער האָט זיך פויל אויפגעהויבן פון בעטל, און דערביי האָבן זיך די ספּרוזשינעס אויפגעבלאָזן און אַרויסגעשטופּט קנוילן וואָל פון צעריסענעם מאַטראַץ.

ער האָט גענומען דעם האַנטוך און זיך געגאַנגען וואַשן; איידער ער איז אַרויס אין הויף, האָט ער פּאָרזיכטיק געעפנט דאָס לאָדנדל פון שויבן־טירל און אַרויסגעקוקט אין הויף אַרויס, צי דרייט זיך נישט אַרום די „ענקאַרגאַדעבע”, ווייל ער האָט שוין דריי מאָנאַט קיין דירה־געלט נישט געצאָלט און געשעמט זיך צו ווייזן דאָס פּנים פאַר איר... צודריקנדיק דעם קאַלטן שטערן צום שויב, האָט ער געקוקט אין הויף. די סטעזשקע, וואָס האָט געפירט פון געפלאַסטערטן הויף צו זיין צימערל, איז געווען פאַרשאָטן מיט בלעטער פון פייגנבוים, וואָס האָט צוגעגעבן דעם הויף אַן אויסזען פון אַ דאַטשע. נאָר דאָרטן, וו דער ענקאַרגאַדאָ האָט געוווינט, אין דעם ערשטן הויף, איז געווען אויסגעפלאַסטערט און ריין אָפּגעקערט. די זון האָט זיך אָפּגעשפּיגלט אויף די מאָזאַיקעס; אַ שטילקייט, וואָס אָטעמט מיט פוילקייט און זון, איז געלעגן אויף אַלעם אין הויף, אַפילו אויף די ברייטע בלעטער פון צעוואַקסענעם פייגנבוים. אויף אַ צווייג פון דעם דאָזיקן בוים איז געווען אָנגעבונדן אַ הוידעלקע, און ראָסיטאַ, דעם ענ־

קארגאדאס טאכטער, א מיידל פון א יאר זעכצן, מיט שווארצע, קורץ-גע-שוירענע האר, האט זיך געהוידעט.

דערזען, אז קיינער אויסער ראסיטאן איז נישטא אין הויף, האט נחום באשלאסן, אז ער האט א גוטע געלעגנהייט ארויסגיין וואשן זיך. ער האט געכאפט א האנטוך און איז צוגעלאפן צום קראנט, זיך שנעל אפגעשווענקט און אריינגעכאפט זיך צוריק אין צימערל. ווען ער האט זיך פארקעמט און אנגעטאן, האט ער נאך שטארקער דערפילט, אז ער איז הונגעריק, אבער ער האט גארנישט געהאט אין שטוב און קיין געלט צו קויפן אויך נישט, האט ער פארוויכערט א האלבן פאפיראס און זיך נישט וויסנדיק געמאכט, אז ער איז הונגעריק...

אין דער גרויסער שטאט בוענאס איירעס איז אנגעפירט געווארן א פארעקשנטער שטרייק, וואס האט זיך שוין געצויגן דריי מאנאטן אן א רעזולטאט. פיל פאמיליעס האבן געהאלטן ביים אויסגיין פון הונגער און דער ענטוזיאזם איז נישט געפאלן. אלע טאג זענען אפגעהאלטן געווארן פארזאמלונגען, ווו דער פירער פון די שטרייקער האט געהאלטן באגייס־טערטע רעדעס און דערציילט, אז זיי מוזן זיגן.

ער, נחום, איז אויך געווען איינער פון די שטרייקער, נאר ער האט זיך די גאנצע צייט נישט געקאנט פונאנדערקלייבן אין די פארפלאנטערטע „באדינגונגען״, איבערהויפט פון די יידישע ארבעטער און באלעבאטים, און ווו עס הייבן זיך אן די „קלאסן־אינטערעסן״ און ווו זיי לאזן זיך אויס און פארשטייענדיק, אז ער איז נאך דא א גרינער, פארווארפן פון זיין היים אין רוסלאנד, דא אין דער ברייטער, פרעמדער בוענאס איירעס, האט ער זיך אינגאנצן פארלאזט אויף דעם פירער, אז ער וועט שוין מן הסתם דורכפירן אלעס אין בעסטן ארדענונג. דערווייל שטרייקט ער און גייט א טאג איבער א טאג אויף די פארזאמלונגען און עסט אויף איין ברייטל אין צווי טעג. קיין שטארקן הונגער אבער פילט ער נישט, נאר א מאדנע קלעמעניש און נאגעניש פלעגט אים באפאלן ביז צום אויסגיין.

ווען ער האט אויסגערויכערט דעם האלבן פאפיראס, האט ער בא־שלאסן צו גיין אויף א פארזאמלונג פון די שטרייקער. ער האט דעריבער א קוק געטאן אין פענצטערל, צי קיינער איז נישטא אין הויף, האט געמאכט א שטרענגע מינע און זיך געלאזט גיין מיט דער סטעזשקע צום הויף־טיר.

ער איז פארבייגעגאנגען דעם ערשטן צימער פונעם ענקארגאדאס וווינונג און עס האט אים עפעס א צי געטאן אריינצוקוקן אין דער אפע־

נער טיר, כאָטש ער האָט מורא געהאַט זיך צו טרעפן מיט די בליקן פון דער בייזער ענקאַרגאַדעכע. אין צימער איז קיינער נישט געווען, אויפן טעפּיך איז דאָס הינטל „טשיטשע" געשלאָפן צונויפגעדרייט אין אַ קנויל. ער איז פאַרבייגעגאַנגען דעם צווייטן צימער און דאָרטן איז אויך קיינער נישט געווען. דאָס איז געווען דער עס־צימער און אויפן געדעקטן טיש איז גע־שטאַנען אַ פּאָלומיסעק מיט אַן אָפּגעבראָטענער הון און אַ פלאַש ווייַן. ווען ער איז פאַרבייגעגאַנגען דעם דריטן צימער און געוואָלט עפענען די טיר פון הויף־קאָרידאָר, האָט אים די דיקע ענקאַרגאַדעכע פאַרשטעלט דעם וועג, אַרויסלויפנדיק פון דער סאַלע.

די ענקאַרגאַדעכע איז געווען אַ דיקע מאַדאַם, מיט אַ גרויסן קאָפּ פאַרעמדע האָר, מיט געלע קאַמען און אַ גאָלדענע בראָש.

— וואָס ווילט איר? — האָט זי אים דעם וועג פאַרשטעלט — מיר דאַרפן געלט, אומזיסט וווינט מען נישט אין קיין דירה.

נחום האָט ערשט באַמערקט, אַז הינטער איר איז געשטאַנען איר מאַן, סעניאָר שטופּעלמאַן, אַ דאַרער בייניקער יידל, מיט לויפיקע אייגע־לעך און אַ געל אָפּגעבלאַקירט פּנים.

ראָסיטאַ איז אַראָפּ פון דער הוידעלקע, איז צו צום רעדל און גע־קוקט מיט מיטגעפיל צו נחומען.

אים האָט מער פון אַלץ פאַרדראָסן, וואָס דאָס מיידל קוקט אויף אים מיט מיטגעפיל, גלייך מען דאַרף אויף אים רחמנות האָבן.

ער האָט געוואָרפן אַ שטרענגן בליק צו דער ענקאַרגאַדעכע און זיך געלאָזט צו דער טיר.

— איר וועט גיין פון דאַנען! איר'ט גיין! — האָט דער סעניאָר שטופּעלמאַן אים נאָכגעשריען.

עס האָט אים געשווינדלט פאַר די אויגן און ער האָט אַליין נישט געוווסט, ווי אַזוי ער האָט זיך געפונען אויפן גאַס. אין דרויסן האָט ער זיך דערפילט פרייער. עס איז געווען הייס און איבערנאַטירלעך ליכטיק. עס האָט אים אַזש ווי געטאָן די אויגן פון ליכטיקייט. די גאַסן האָבן זיך ווי געשמאָלצן אונטער דער היץ. די איינשטאָקיקע הייזער האָבן זיך גע־באָדן אין שטראַלן.

צוערשט האָט ער זיך געלאָזט גיין צו זיין חבר נאָך פּאַפּיראָסן. זיין חבר פּנחס איז קיינמאָל נישט געווען אין דער היים, זיין צימערל אָבער איז געווען תמיד אָפן פאַר נחומען, און כאָטש ער האָט דאָרטן קיינמאָל

נישט געפונען קיין סימן פון ברויט, ווייל פּנחס אַליין האָט נישט געהאַט וואָס צו עסן, האָט ער אָבער דאָרטן געטראָפן פּאַפּיראָסן. זיין חבר פּנחס האָט נישט גערויכערט און נחום האָט אַליין נישט געוווּסט, פון וואַנען עס קומען צו אים פּאַפּיראָסן, א גאַנצער שקאַרמיץ מיט פּאַפּיראָסן. ער האָט אים אָבער נישט געוואָלט פרעגן, כדי ער זאָל זיך נישט כאַפּן, אַז אַלע טאָג ווערט דער שקאַרמיץ ליידיקער...

פּנחסעס צימערל איז געווען אויפן צווייטן שטאָק, א באַזונדערס, מיט א גאָרן הילצערנע טרעפּ, וואָס האָבן געפירט גלייך אין צימערל אריין. ארויפגיין איז אָבער געווען שווער, ווייל די טרעפּ זענען געווען צעבראָכן, אַז ס'איז געווען א מורא א פוס צו שטעלן, האָט מען זיך געמוזט ארויפציען אויפן פּאָרענטש און זיך דראַפּען אַזוי לאַנג, ביז מען האָט אָנגעכאַפּט די קליאַמקע פון טיר...

ווען נחום איז ארויפגעקראָכן אין זיין חברס צימערל, האָט ער זיך ארומגעקוקט און ווי אַלע טאָג גאָרנישט געפונען. אויפן טיש איז געשטאַנען א טשייניק, וועלכער איז נאָך געווען לעבלעך, און א גלאָז מיט א ביסל געלבלעכן טיי. עטלעכע ברעקלעך האָבן זיך געוואַלגערט אויף די בלעטער פון אַן אָפענעם ביכל. אויף א צונויפגעלייגטער צייטונג איז געלעגן דער שקאַרמיץ מיט פּאַפּיראָסן, נחום האָט אריינגעשטעקט די האַנט און ארויסגענומען א גאַנצן הויפן... און מאָדנע, ער האָט זיך נישט געפילט שולדיק, וואָס ער רויכערט אוים זיין חברס פּאַפּיראָסן אָן זיין ווימן, ער האָט נאָר געוואָלט, אַז דער שקאַרמיץ זאָל זיך קיינמאָל נישט אויסשעפּן... און ווען ער פלעגט זען, ווי דער שקאַרמיץ ווערט פון טאָג צו טאָג ליידיקער, פלעגט ער פילן ווי איינער, וואָס זעט ווי פאַר זיינע אויגן פאַרשווינדט לאַנגזאַם א גרוים גליק.

ער איז אַוועק אויף דער פאַרזאַמלונג מיט א פולער קעשענע פּאַפּיראָסן.

די זון איז שוין געשטאַנען הויך אין הימל. עס איז געווען אומדערטרעגלעך היים. דער אַספאַלט פון די גאַסן האָט זיך געקנאָטן פון וואַרימקייט. דער עולם אין גאַס האָט זיך באַוועגט פויל, באַגאָסן מיט שווייס.

נחום האָט געפילט א שוואַכקייט אין גאַנצן קערפּער, גלייך ער וואָלט אַקאָרשט אויפגעשטאַנען פון א קרענק. און אין האַרצן האָט אַלץ גענאָגט, טויטלעך גענאָגט. פאַר די אויגן איז אים געשטאַנען א נעפּל, און ער האָט קוים געזען די גאַס פאַר זיך.

דאָך, טיף אין האַרצן איז ער געווען צופרידן מיט זיך. ער איז געווען צופרידן, וואָס ער איז איינער אַליין אין אַ פרעמדער וועלט, ווו קיינער ווייסט נישט פון זיין עקזיסטענץ, פון זיין ליידן. ער, נחום, געפינט זיך איינער אַליין אין אַרגענטינע, אין דעם דאָזיקן ווייטן, כמעט אומבאַקאַנטן לאַנד. און אָט גייט ער אַרום איבער די ציכטיקע גאַסן פון דער גרויסער שטאָט, אַ פרייער און אַ פרעמדער, און די זון פון דער דאָזיקער שטאָט איז אַזוי פייערדיק הייס און אָנציענדיק, אַז זי מאַכט פאַרגעסן אָן הונ־גער... ער האָט געגלויבט פאַטאַל אין אַ געוויסן מאָמענט, וואָס וועט קו־מען און אים גליקלעך מאַכן. עס איז אוממעגלעך, אַז אין דעם דאָזיקן זוניקן לאַנד זאָל מען אַליין קיין זון נישט ווערן...

וועגן דעם דאָזיקן געדאַנק האָט ער שוין פון לאַנג געקלערט, און תמיד האָט ער עס פאַרבונדן מיט אַן אומקלאָרן פּראָפיל פון אַ פריילין, וואָס ער האָט געזען אין זיין דמיון. דעם פּראָפיל פון דער דאָזיקער פריילין, פלעגט ער אַרויסרופן אין זיין פאַנטאַזיע יעדעס מאָל, ווען ער האָט זיך געפילט שוין צו שוואַך, אַזוי, אַז עס מוז קומען צו עפּעס אַ סוף.

האָט ער געוואָלט, האָט די דאָזיקע פריילין אומגעדרייט צו אים איר פּנים און צוויי שוואַרצע אויגן, פון דער טונקל אַרויס, האָבן צו אים ליב־לעך געקוקט. אין דעם האָט ער געפונען אַ גרויסע האָפענונג, עס וועט מיט אים עפּעס פּאַסירן, וואָס וועט אים מאַכן אומאָפּהענגיק פון אַלעמען, און ער וועט ווערן גרויס, און דאָס דאָזיקע, וואָס וועט פּאַסירן, וועט האָבן אַ שטאַרקע פאַרבינדונג מיט יענער פריילין...

ווען ער איז געקומען אויף דער פאַרזאַמלונג, איז שוין דער סאַלאָן געווען פול. מען איז געזעסן אויף די בענקלעך, אויף די פּאַרענטשן און מען האָט זיך אויסגעשטעלט אין דער גאַנצער לענג פון ביידע זייטן ווענט. אויף דער בינע איז געשטאַנען דער אָנפירער פון שטרייק און געהאַלטן אַ רעדע.

דאָס איז געווען אַ נידעריק מענטשל מיט ברייטע אַקסלען און קורצע נערוועזע הענט; זיין גרויסער קאָפּ, אינגאַנצן ליסע, וואָס האָט געגלאַנצט ווי אַ ביינערנער באַל, איז ווי איינגעקרעמפּט געווען אין קורצן האַלדז. עס האָט זיך געדאַכט, אַז דער קורצער האַלדז ציט דעם קאָפּ און לאָזט אים נישט אַראָפּשפּרינגען פון די אַקסלען. ער האָט געהאַט גרויע, לויפנ־דיקע אויגן; און מען האָט נישט געקענט באַמערקן אויף אים, צי לאַכט ער, צי בייזערט ער זיך, אַזוי באַוועגלעך און פאַרקרימט איז געווען ביי

אים דאָס פּנים, און די געלע וואָנסעס זיינע האָבן זיך געשאָקלט ווי זיי וואָלטן פּאַטאַקעוועט דאָס אַלעס, וואָס ער רעדט. און גערעדט האָט ער זייער הייס און ענטוזיאַסטיש; ער האָט גערעדט פון דעם זיג, וואָס די אַרבעטער וועלן אָפּהאַלטן איבער די קאַפּיטאַליסטן. די פאַרזאַמלונג האָט שטיל אויסגעהערט דעם רעדנער, מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ, ווי יעדער וואָלט געווען פאַרטיפט אין די געדאַנקען, וואָס דער פירער זאָגט אַרויס.

די פאַרזאַמלונג איז געווען אַ יידישע, ווייל דער שטרייק איז געווען אַ יידישער. יידן מיט בערד האָבן אויסגעהערט דעם רעדנער מיט ישוב הדעת, נישט מיט אייַלעניש און ווײַלנווייז האָבן זיי צוגעשאָקלט איינשטימיק מיט די קעפּ.

נחום האָט זיך פאַרגעשטעלט דעם פירער זייערן און די באַלעבאַטים, איינגעקרעמפּט איינער דעם צווייטן אין די העלדזער און איינער וויל דעם צווייטן דערשטיקן, אָדער אומוואַרפן. דער קאַמף איז אַ ביטערער און איינער וויל דעם צווייטן נישט נאָכגעבן. נאָר וואָס טוט ער דאָ? ער, נחום? וואָס האָט ער פאַר אַ שייכות מיט זיי?

אים דערוואַרט דאָך אַ גרויס גליק וואָס מוז קומען, אויב נישט היינט איז מאָרגן, אָבער קומען מוז דאָך עס. די פאַרזאַמלונג ווערט ביסלעכווייז צעשווומען פאַר זיינע אויגן, ער קאָן שוין נישט אונטערשיידן פון פּנים צו פּנים, און דער רעדנער, וואָס שטייט אויף דער בינע, האָט אים דערמאָנט אָן עפּעס אַ מעכאַניזם, וואָס מאַכט משונהדיקע באַוועגונגען און גיט דערביי אַרויס אַ הייזעריקן רוישן.

ס'איז אים טונקל געוואָרן פאַר די אויגן און אַלעם האָט זיך אויסגעמישט אין אַ מיש-מאַש. דער סאַלאָן מיט די פאַרזאַמלטע האָבן זיך אוועקגערוקט אין הינטערגרונט און פון דאָרטן, פון יענעם רוישנדיקן, טומלדיקן כאַאָס, האָט אַרויסגעשוועבט דאָס געשטאַלט פון יענער פרייל'ן. און דאָס געשטאַלט שמייכלט צו אים, לאַשטשעט אים מיטן בליק. און אָט זעט ער שאַרפער אירע אויגן, וואָס זאָגן צו אים: „מוט, אַ סך מוט! אין קורצן וועסטו אויסגעלייזט ווערן”.

אַ גערודער פון בענקלעך און אַ געשריי האָט אים ווי אויפגעוועקט.

עטלעכע אַרבעטער זענען אַריין אין סאַלאָן, בלייכע און צערודערטע; זיי האָבן געהאַלטן אין איין רעדן אַלע מיטאַמאָל און איינער האָט דעם צווייטן געוואָלט איבערשלאָגן. דער עולם האָט זיך אַ ריר געטאָן פון די בענקלעך און אַלע פּנימער האָבן זיך אויסגעדרייט צום טיר.

נאָך אַ לאַנגער ווײַלע פֿון טומלעניש האָט מען זיך דערוווּסט, אַז אַ באַלעבאָס איז זיך געקומען „אונטערגעבן“.

און טאַקע באַלד איז דער באַלעבאָס אַרײַנגעקומען אין סאַלאָן.

דאָס איז געווען אַ ייִד פֿון אַ יאָר פֿינף און פֿערציק, מיט אַ צעאַקערט פֿאַרטרוקנט פּנים, מיט אַ בערדל און וואָנסעס פֿון אַן אומבאַשטימטן קאָליר, ענלעך צו אַלטן טאַבאַק, און בלינד אויף אַן אויג... דאָס זעענדיקע אויג זײַנס איז געווען אָנגעצונדן ווי אַ קויל און געקוקט אויף אַלע זײַטן, גלײַך ווי עס וואָלט וועלן פֿאַרהיטן פֿון אַן אומגעריכטן קלאַפּ בײַדע אַקסלען פֿון באַלעבאָס. די אַרבעטער, וואָס האָבן זיך אַרום אים אַרומגעקליבן, האָבן אָנגעקוקט זײַער „שונא“ מיט גרויס פֿאַרוווּנדערונג, אויסגעמישט מיט אַ געוויסן שטאָלץ: פֿאַרט געקומען צו זיי אין סאָסיעדאַד זיך „אונטערגעבן“.

נחום איז צוגעקומען צום רעדל; ער האָט אים געקענט, דעם „בלינדן“. ער האָט אַמאָל געאַרבעט בײַ אים. דאָס איז געווען אַ פֿאַרביסענער ייִד און אַן אײַנגעקשנטער באַלעבאָס. און איצט האָט ער אים דערמאָנט אַן אַ פֿאַרוווּנדעטער חיהלע, פֿאַרטריבן אין אַ ווינקל, וואָס קריצט שטילערהייט אירע שאַרפֿע צײַנדלעך פֿון שרעק און כּעס.

אָפּטמאָל, אין פֿינצטערן, פֿאַררויכערטן טאַזשערל, אין אַ „ספּעשקע“, ווען מ'האָט געריסן די אַרבעט פֿון די הענט, איז דער דאָזיקער „בלינדער“ פּלוצים אויסגעוואַקסן אין נחומס אויגן. ער פֿלעגט דאַן באַווײַזן אַ ווילדע איבערנאַטירלעכע גבֿורה. ער פֿלעגט דאַן אַרבעטן פֿאַר צען און זײַן זעענדיק אויג האָט נישט דורכגעלאָזט קיין איין דעטאַל פֿון אַלעם, וואָס איז פֿאָרגעקומען אין טאַזשער. און נחומען האָט זיך געדאַכט, אַז די דאָזיקע גבֿורה ליגט איצטער צונויפֿגעקאַמקעט און פֿאַרטײַעט אין אַלע באַוועגונגען פֿון דעם באַלעבאָס, נאָר דאָס זעענדיקע אויג זײַנס קאָן זיך נישט פֿאַרשטעלן און ברענט און פֿיבערט.

— איך בין געקומען זיך אונטערגעבן. — האָט דער באַלעבאָס געזאָגט דעם רעדנער, וועלכער איז צו אים אַראָפּגעגאַנגען פֿון דער בינע. — איך שרײַב זיך אונטער.

— ווער האָט בײַ אײַך געאַרבעט? — האָט געפֿרעגט דער פֿירער.

— שלמהלע, אַבֿרהמל און חיים באַבעס...

— זיי האָבן געמאַכט אַ טאַזשער פֿאַר זיך — האָט זיך אָנגערופֿן איינער פֿון רעדל — אַ „קאָאָפּעראַטיווע“ האָבן זיי געמאַכט.

— ווילט איר נעמען אַנדערע? — האָט דער רעדנער געפרעגט.

— זאָל זיין אַנדערע — האָט דער „בלינדער" געענטפערט, און זיין זעענדיק אויג איז אומגעלאָפן הין און הער, הין און הער...

נחום האָט זיך שטיל אַרויסגעשלייכט פון סאַלאָן און זיך געלאָזט איבער די גאַסן אָן אַ ציל. ביז נאַכט האָט ער גאַרנישט געקלערט פון גיין אַהיים, נישט וועלנדיק זיך זען מיט זיין ענקאַרגאַדאָ. אין קאָפּ האָט גע־רוישט און דאָס האַרץ האָט גענאָגט, אומדערטרעגלעך גענאָגט. ער האָט נאָכאַנאַנד געראויכערט פּאַפּיראָסן.

די זון איז שוין פאַרגאַנגען ווייט הינטער די הייזער. איר רויטער אָפּשיין האָט געפאַרבט די גאַסן מיט טונקל־רויטע אוזאָרן. די לופט איז געווען אַ הייסע און שטיקנדיקע, עס האָט געשמעקט מיט סמאַלינעס, ווי ערגעץ וואָלט מען געברענט אַלטן פּאַפּיר.

אין גאַס האָט געשפּילט אַ קאַטערינקע. אירע הייזעריקע טענער האָבן אויסגעקלאַפּט אַ טאַנגאָ. די קינדער האָבן געטאַנצט אויף די טראָטואַרן אונטערן טאַקט פון די טענער. דער קאַטערינשטשיק, אַ קאַליקע, מיט אַ פאַרשיכורט פּנים, האָט געקלאַפּט מיט די קוליעס אין די טירן און אַריינ־געשטעקט דאָס היטל אין די קאָרידאָרן. אין דער זעלבער צייט האָט אַ צען־עלף יעריק יינגל, דעם קאַטערינשטשיקס באַהעלפער, מיט אַ פאַרשייט פּנימל, אויסגעשמירט און אויסגעפּאַטשקעט, געדרייט דאָס הענטל פון דער קאַטערינקע.

נחום איז דורכגעגאַנגען די ענגע גאַס מיט ברייטע שפּאַנען, ווי גע־טריבן פון עפּעס. עס איז אים פּלוצלינג באַפאַלן אַ טויטלעכע בענקשאַפט, און דער הונגער האָט אים אָנגעהויבן מאַטערן אומדערטרעגלעך. פאַר זיינע אויגן איז שאַרף אַרויסגעטראָטן די פראַגע: וואָס וועט זיין מיט אים? ער האָט זיך דערפילט אַזוי עלנט, אַז ער האָט אויף זיך אַליין מיטלייד באַקומען. לאַנג נאָך האָט ער זיך אַרומגעשלעפּט איבער די גאַסן. ביז עס איז געוואָרן גוט פינצטער און דאַן האָט ער זיך געלאָזט גיין אַהיים.

אין הויף האָט ער זיך אַריינגעכאַפּט אויף די שפּיץ פינגער. ער האָט זיך אָבער אומזיסט געשראָקן, ווייל עס איז סיי ווי קיינער אין הויף נישט געווען. דאָס גאַנצע ענקאַרגאַדאָס געזינדל איז אַוועק אין קינאָמאַטאָגראַף, און נאָר „טשיטשע", דאָס ווייסע לאַטשעענדיקע הינטל, האָט אים באַ־געגנט מיט אַ צופרידענעם קוויטש און זיך געפּלאָנטערט אונטער זיינע פיס ווי אַ ווייס קנוילכל. ער האָט זיך אַ וואָרף געטאָן אויפן בעטל, צוגעדריקט

מיט די העגט פעסט די אויגן און געלעגן אומבאַוועגלעך. פלוצלינג איז ער אויפגעשפּרונגען און איז אַרויס אין הויף; ער האָט זיך געלאָזט גיין אין קיך, נאָר זי איז געווען פאַרשלאָסן. דאַן האָט ער זיך אַוועקגעזעצט אויף דער הוידעלקע אונטערן בוים.

שוין לאַנג ווי ער האָט געוואָרפן אַן אויג אויפן פייגנבוים מיט די טויזנטער פייגן, וואָס וואַקסן אויף אים, אָבער די פייגן האָבן זיך נישט געאײַלט צייטיק צו ווערן. זיי זענען געווען גרין און האָבן געפרוווירן די ציין. דאָך מוז ער פאַרזוכן אַ פּאָר. ער איז אַרויפגעקראָכן אויפן בוים און געזוכט די מער־צייטיקע פייגן. און אָט האָט ער דערזען אַ בינטל צייטיקע פייגן, שוין שוואַרצלעכע און צעשפּאָלטענע פון צייטיקייט. ער האָט זיי אָפּגעריסן און באַהאַלטן אין קעשענע. און אָט איז נאָך אַ בינטל און נאָך איינס... ער האָט אָנגעלייגט פולע קעשענעס און איז אַראָפּגעקראָכן פון בוים. ער האָט זיך אַוועקגעזעצט אויפן שוועל פון זיין צימערל און מיט גרויס הנאה געגעסן די פייגן. דאָס הינטל איז צו אים צוגעלאָפן, האָט געדרייט מיטן עק פאַר צופרידנקייט און זיינע ברוינע, פייכטע אויגן האָבן געקוקט אויף נחומען מיט הארציקן מיטגעפיל.

עס איז געוואָרן קילער; אַ פרישע ווינטל האָט געבלאָזן און גערוישט צווישן די בלעטער פון פייגנבוים. איבער די הייזער, נידעריק, איז גע־האַנגען דער בלויער הימל. דאָ און דאָרט אין דער טיף־בלויער לופט זענען געהאַנגען לייכטע נעפּלען ווי אָנגעוואָרפענע פּאַלדן פון אַ דינינקער טיו־לענער קלייד. די לופט האָט געאָטעמט מיט גרינס און האָניק, און עס האָט זיך געדאַכט, אַז מען אָטעמט איין דעם גערוך פון אַ געדיכטן זיסן וויין. איבער די דעכער אין די דורכזיכטיקע נעפּלען, האָט זיך אויפגע־הויבן דער שפּיץ פון אַ ריזיקער געביידע און אין סאַמע שפּיץ האָט גע־ברענט אַ גרויסער עלעקטרישער לאָמפּ, וואָס האָט אויסגעוויזן ווי אַ לייכט־טורעם איבער דער ריזיקער שטאָט.

נחום איז געווען זאַט; קיין זאַך האָט אים אין יענער רגע נישט גע־פעלט; ער איז געווען אַליין, ער איז געווען זאַט, און איבער זיין קאָפּ איז געהאַנגען אַזאַ מין שיינער בלויער הימל, נאָר אין האַרצן נאָגט אַלץ דאָס זעלבע, אין זיין פאַנטאַזיע האָט זיך פלוצלינג געמאָלט די מיט שניי פאַר־שאָטענע פינקלדיק־ווייסע רוסישע סטעפּעס, די פּראָסטיק־שיינענדיקע פנימער פון די רוסישע פרויען און זיין היימיש שטעטל פאַרשאָטן מיט שניי, ווי איינגעוויקלט אין ווייסע ליילעכער.

עס האָט אים געשלאָגן אין די שליפֿן ווי מיט האַמערס; נאָר אָט וועט ער ווידער אַרויסרופֿן זיין ליבע געשטאַלט, די איינציקע טרייסט אין זיין לעבן. נאָר ניין, ער וויל זי נישט אומזיסט אַרויסרופֿן! צו וואָס זי אומ־זיסט וועקן פֿון דער טיף פֿון זיין איך, ווען עס איז נאָך נישט געקומען די צייט פֿון זיין דערלייזונג? ער איז אַריין אין צימער, האָט אָנגעצונדן דאָס לעמפּל און זיך געזעצט שרייבן. ער האָט נישט געוווּסט, וואָס ער שרייבט, ער האָט נאָר טריי קאָפּירט די מאָדנע משונהדיקע זעאונגען, וואָס ער האָט אַרויסגערופֿן פֿון דער טיף פֿון זיין איך.

עטלעכע טעג נאָכאַנאַנד האָט נחום געלעבט מיט די פייגן, וואָס ער פֿלעגט ביינאַכט אָפּרייסן פֿון בוים. די גרעסטע טייל אָבער פֿון זיין פּרי־מיטיווער שפּייז האָבן אויפֿגעגעסן די מוראַשקעס, וואָס האָבן זיך פֿאַר־קליבן צו אים אין צימערל.

ווען ער פֿלעגט קומען ביינאַכט אַהיים אַן אויסגעמאַטערטער און הונגעריקער, פֿלעגט ער די פייגן, וואָס ער האָט איבערגעלאָזט, געפֿינען באַשאָטן מיט מוראַשקעס און האַלב אויפֿגעגעסן. ער האָט שוין געפּרוּווט איינוויקלען די פייגן אין אַ פּאַפּיר און אויפֿהענגען אויף אַ שטריקל אין מיטן צימער. האָבן די מוראַשקעס דערצו אויך געפֿונען אַ מיטל: זיי האָבן זיך געלאָזט, ווי געוויינלעך, אויפֿן טיש, נאָר נישט געפֿינענדיק דאָרטן דעם זיסן מאכל, האָבן זיי געקלעטערט אויף דער וואַנט אַזוי לאַנג, ביז זיי האָבן געפֿונען דאָס שטריקל צוגעבונדן צום טשוואָק און זיך אויף דעם אַראָפּגעלאָזט צו די פייגן... די אַנדערע, וואָס זענען אונטערגעקומען, זענען שוין געגאַנגען דירעקט, מיט אַ גלייכן וועג, פֿונעם לעכל אין דיל אַרויף אויפֿן באַלקן און באַלד צום שטריקל... און ער פֿלעגט נישט קאָנען פֿאַר־שטיין, וואָס יאָגן זיי זיך אַזוי נאָך די עטלעכע פייגן, ווען זיי האָבן פֿאַר זיך פֿריי דעם גאַנצן בוים, מיט אַזוי פֿיל גרינע בלעטער, יונגינקע, פֿרי־שינקע צווייגלעך און פייגן, וויפֿיל זיי ווילן נאָר. זיי קאָנען אַפֿילו בייטאָג זיך גאַנץ רואיק עסן פֿון בוים און קיינער וועט זיי גאָרנישט זאָגן, בעת ער מוז זיך גנבֿענען נאָר ביינאַכט, ווען דער ענקאַרגאַדאָ שלאָפֿט...

נחום האָט זיך געקלערט, אַז דאָס מוז שוין זיין דאָס לעצטע שטע־רעניש, וואָס ליגט אים אויפֿן וועג צו זיין גרויס גליק, נאָר קיין אויסזיכטן אויף גרויסע גליקן האָבן זיך דערווייל נישט געוויזן. דער שטרייק איז אָנגעגאַנגען ווי געוויינלעך ענטוזיאַסטיש און אָן אַ רעזולטאַט. דער רעד־

נער האָט אַלע טאָג געהאַלטן זיין רעדע מיט ברען און מיט פייער. פון צייט צו צייט פלעגט זיך אַ באַלעבאָס, מיט אַ דערשראָקן פּנים און מיט אַ פאַרטייעטן גיפטיקן כעס, אריינכאַפּן אין סאָסיעדאַד זיך „אונטערגעבן". נאָר דאָס זענען געווען נאָר איינצלנע פאַלן, וואָס האָבן נישט געענדערט דעם אַלגעמיינעם אויסזען פון שטרייק.

אין אַן אָוונט, ווען נחום איז געקומען אַהיים, האָט ער געטראָפן אַ צעטל אָנגעקלעפּט אויף זיין טיר. די ענקאַרגאַדעכע זיינע איז אַרומגע־גאַנגען אין הויף און געבלאָזן פון זיך, דער מאַן אירער, סעניאָר שטופעל־מאַן, האָט אָנגעקוקט נחומען מיט אַ זייטיקן ווונק, ווי ער וואָלט פרעגן: וואָס זאָגסטו עפּעס אויף דעם, יונגערמאַן, איך וויים ווי אַזוי צו „אַרעג־לירן"?

נחום האָט באַלד פאַרשטאַנען, אַז דאָ האַנדלט זיך וועגן אַ „דעסאַ־לאָכאָ", אַז זיין ענקאַרגאַדאָ איז נישט געשלאָפן און אַז ער וועט אינגיכן זיך מוזן אַרויספּעקלען. ער האָט זיך געמאַכט ווי נישט וויסנדיק, האָט אַפילו נישט אַ קוק געטאָן אויפן צעטל, איז אַריין צו זיך אין צימער און זיך פאַרמאַכט. ער האָט זיך אַ וואָרף געטאָן אויפן בעטל און זיך גע־סטאַרעט נישט קלערן פון קיין זאַך, אָבער עמיץ האָט אים געהאַלטן אין איין פרעגן: „וואָס וועט זיין?" און פאַר זיינע אויגן האָט זיך געמאָלט ווי ער בלאָנדזשעט אום טאָג איין טאָג אויס איבער די מיט זון פאַר־גאָסענע ליכטיקע בוענאָס איירעסער גאַסן, שלאָפט אין פּלאַסעס און קוקט אויס הונגעריק נאָך אַ שטיקל ברויט, וואָס ליגט ערגעץ אויף אַ פענצטער. נאָר אַ צווייטע שטים, וואָס האָט אָפּגעהילכט אין זיין „איך", ווי אַ צאַרטער נעמורמל פון אַ קוועלכל, האָט גערעדט צו אים: „דאָס, אויף וואָס דו וואַרטסט, וועט קומען, עס וועט דאָך קומען!" און אַ ווילדע פרייד איז אים פּלוצים באַפאַלן. צו וואָס טויג אים אַ דירה? אויף וואָס דאַרף ער עס? פאַרקערט, ער וועט זיין ווי אַ פרייער פויגל, וועמען מען האָט מיט געוואַלד פון זיין שטייגל אַרויסגעטריבן. ער וועט אומבלאָנדזשען מיט אַ לייטזעליקייט אין דער נשמה דורך טעג און דורך נעכט, ער וועט נישט ציילן די גאַסן און די קוואַרטאַלן, אָן אַ מאָס וועט ער דורכשניידן די ווייטקייטן פון דער ריזיקער שטאָט, ביז... ביז עס וועט קומען דער מאָ־מענט, ווען ער וועט זיין גרוים, און דאַן וועט ער פאַרלאָזן די שטאָט, די קאַלט־הייסע זוניקע שטאָט, און וועט זיך אַוועקלאָזן ערגעץ, וווּ עס זענען פאַראַן וועלדער מיט קרישטאָל־קלאָרע טייכלעך, מיט פעלדער, מיט זאַנ־

גען, — און אונטערן אָרעם פון זיין היים־געליבטער, יענער אומבאקאנ־טער פריילן, וואָס ווייזט פאַר אים איר לאַכענדיקן ליבלעכן פּנים און גיט אים האָפענונג, ווען ער פילט זיך שוואַך און הערט אויף גלויבן, — אָט מיט יענער פריילן וועט ער שפּאַצירן איבער דער מיט זון פאַרגאָ־סענער סטעזשקע.

ער איז געלעגן אויפן בעטל מיט די הענט אונטערן קאָפּ און געקוקט אין יענער ליכטיקער ווייטקייט, וועלכע ער האָט זיך אַליין אויסגעמאָלט. פון הויף האָט זיך געהערט אַ גערודער. מאַן און ווייב האָבן זיך געקריגט און געשאָלטן. נחום האָט אָנגעשפּיצט די אויערן און געזוכט צו וויסן, וואָס זיי קריגן זיך. ער האָט געהערט דעם סעניאָר שטופּעלמאַנס האַלב פּיש־טשענדיקן און האַלב וויינענדיקן קול. „איך בין שולדיק? דו אַליין!" און באַלד נאָך דעם אַ קלאַפּ פון אַ טיר און עס איז געוואָרן שטיל אין הויף.

נחום האָט זיך ווידער אַריינגעלאָזט אין זיינע מחשבות. אין צימערל איז געווען פינצטער. אין די שייבלעך פון טיר האָט אָפּגעשיינט די בלויע נאַכט, אין דעכל פון צימער האָט געקלאַפּט אַ צווייג אומרואיק און נישט רעגלמעסיק; מיט אַ נישט זיכערקייט, ווי עמיץ וואָלט זוכן אין דער פינצטער דאָס הענטל פון טיר. עס האָט געבלאָזן אַ ווינט אין דרויסן און דער בוים האָט געראַשט און געמורמלט. אין דעם האָט זיך געהערט אַ ריטמיש גרילצן פון אייזערנע רינגען פון דער הוידעלקע: דאָס האָט זיך ראָסיטאַ געהוידעט.

— — — — — — — — — — — — — — — —

נחום האָט אַליין נישט געוווּסט, צי דרעמלט ער, צי ער איז וואַך. ווייל ביי זיין בעט איז געזעסן די פריילן און געהאַלטן די האַנט אויף זיין שטערן. איצט האָט ער שוין געזען דאָס גאַנצע געשטאַלט, נישט נאָר איר פּנים. זי איז געגאַנגען אָנגעטאָן אין אַ ווייס טיולן קלייד, ווי אַן ערשט געפאַלענער שניי, אַזוי בלאַנקענדיק ווייס, אַז אויפן דיל אַרום איר האָט אָפּגעשלאָגן אַ העלקייט ווי פון אַ גרויסן בריליאַנט אין דער פינצ־טער. און אים איז געווען גרינג און גוט, ער האָט נישט געפילט קיין קערפּער, ווי ער וואָלט געווען פון דורכזיכטיקן עטער, נאָר דער שטערן זיינער האָט געפילט איר האַנט, ווי אַ קיל ווינטל וואָלט איבער זיין פּנים געבלאָזן. די אויגן אירע, די שוואַרצע, די לאַכנדיקע, האָבן זיך איינגע־געסן אין אים און זענען געשטאַנען אומבאַוועגלעך, גלייך דער געלעכטער און זיי איז פון אייביק אָן און וועט זיך קיינמאָל נישט אויסלעשן. עס האָט

זיך אים געדאַכט, אַז ער שוועבט ערגעץ, ווי מיט אַ ריזיקער שנעלקייט, נאָר טאָקע צוליב דער זעלבער שנעלקייט דאַכט זיך, ווי ער וואָלט גע־שטאַנען אויף איין פּלאַץ. און זי שוועבט מיט אים, דאָס פּירט זי אים אין יענע געגנטן, פון וועלכע איר בליק האָט צו אים תמיד גערעדט. דאָס צימערל איז שוין קיין צימערל נישט, דאָס האָט קיין ווענט נישט, נאָר אַ טירל אין בלויען הימל אַריין, דאָס טירל דאַרף ער שוין אויך נישט, ווייל ער איז שוין קיין קערפּער נישט, נאָר עפּעס דורכזיכטיקס און גרינגס. ווי עטער...

און אָט בייגט זי זיך איבער איבער אים און שעפּטשעט אים עפּעס אויפן אויער. און איר אָטעם איז אנגענעם און שמעקט מיט בלומען און האָניק...

אַ קלאַפּ אין טיר האָט נחומען געמאַכט אויפציטערן און ער איז אי־בערראַשט אַראָפּגעשפּרונגען פון בעטל.

ראָסיטאַ איז געשטאַנען אין טיר מיט אַ בריוו.

— אַ בריוו פאַר אייך, סעניאָר!

—פאַר מיר? גראַסיאַס. — האָט ער צעשטרייט געענטפערט.

ער האָט מיט ציטערנדיקע הענט אָנגעצונדן דעם לאָמפּ און געקוקט אויפן פאַרמאַכטן קאָנווערט, וואָס האָט געהאַט פיר מאַרקעס און אַ סך שטעמפּלען, קיינער פון זיי נישט קלאָר.

אַז דאָס איז נישט פון בוענאָס איירעס, האָט ער באַלד געזען, ווייל דער קאָנווערט איז געווען מיט אַ „מעמברעטע" אויף ענגליש, נאָר אַז דער בריוו איז פאַר אים, איז ער געווען זיכער, זיין נאָמען און פאַמיליע איז געווען קלאָר אויפגעשריבן.

— דאָס איז עס — האָט ער אַ קלער געטאָן און געקוקט אויפן בריוו מיט ליבשאַפט. ער האָט אים אָבער נישט געעפנט, טיף אין זיין נשמה האָט עמיץ אַ פרעג געטאָן: „אפשר נישט?" און עס איז אים געוואָרן אייז קאַלט. ער האָט לאַנג געקוקט אויפן בריוו און אים ענדלעך אריינגעלייגט אין בוזים אונטערן העמד, צום האַרצן. ער וועט עס נישט עפענען דאָ אין דעם צימערל, נאָר ערגעץ אויסן שטאָט אין אַ פאַרוואָרפן ווינקל, כדי ער זאָל צוריק נישט דאַרפן קומען אין דעם דאָזיקן צימערל...

.1919

# אין כישוף־קרייז

— תמיד, ווען איך קלער וועגן דער פּאַסירונג, וואָס איך גיי אייך דאָ דערציילן, פאַרטראַכט איך מיך, ווי איין נישט געלונגען וואָרט אָדער אַ שלעכט אַרויסגעזאָגטע פראַזע קאָן אַראָפּפירן פון וועג אַ מענטשן מיט דער שטאַרקסטער לאָגיק און אים אָפּט ברענגען צו זעלבסטמאָרד.

— אָן קאָמענטאַרן... — האָט באַמערקט איין פריילן.

— צו דער זאַך... — האָט באַמערקט אַ צווייטע פריילן און די איבעריקע געסט האָבן צוגעשאָקלט איינשטימיק מיט די קעפּ.

דער דערציילער, דער ליטעראַט ב. האָט אַ שמייכל געטאָן מיט זיינע קלוגע גרויע אויגן, זיך באַקוועם געמאַכט אויף זיין שטול, פאַררויכערט אַ פּאַפּיראָס און אָנגעפאַנגען דערציילן:

„מיר זענען דאַן געווען אַ קרייז פון יונגע שרייבער, אָנפאַנגער. און ווי די טבע איז שוין ביי אָנפאַנגער, האָבן מיר תמיד גערעדט פון ליטעראַטור און קונסט.

דער גרעסטער אויטאָריטעט צווישן אונדז איז דאַן געווען איינער הורוויץ. און כאָטש ער איז נישט געווען קיין שרייבער, האָבן מיר דאָך פון אים געהאַלטן, ווייל ער איז געווען זייער באַלעזן און אַ גוטער פאַרשטייער פון ליטעראַטור.

געווען איז ער אַ מענטש אַ שווייגער, אַ פאַרשלאָסענער אין זיך; און דער גאַנצער אויסזען זיינער האָט געמאַכט דעם איינדרוק פון אַ נזיר, אַן אָפּגעזונדערטער, וואָס טראָגט זיך אַרום מיט אַן „אידעע פיקס", פון וועלכער ער וויל נישט אָפּטרעטן אויף אַ האָר.

אַ בלייכער, מיט אַן אויסגעצויגענער שמאָלער נאָז און גרוילעכע שפּיציקע אויגן, איינגעוויקלט כמעט תמיד אין זיין לאַנגן ברוינעם פּאַלטאָ,

מיטן גרויסן קאָפּ האָר, האָט ער דערמאָנט אָן אַן איינזאַמען דענקער, וועמענס אנטדעקונגען אין דער וועלט פון וויסנשאַפט זענען פאַרוואָרפן און פאַרגעסן געוואָרן.

ער איז געווען דער עלטערער צווישן אונדז און ווי געזאָגט האָבן מיר אים זייער געשעצט. מען זאָל ווען זיך גריבלען, וואָלט מען געקאָנט קומען צום שלוס, אַז אַ גרויסע ראָל האָבן דאָ געשפּילט זיינע גוטע מיינונגען איבער אונדזער שאַפן.

ער איז געווען תמיד בייז און אָנגעבלאָזן אויף פרויען, גלייך זיי וואָלטן אים עפּעס שלעכטס געטאָן..

ראַיסע, דאָס גראַציעזע און לעבנסלוסטיקע מיידל מיט די העל־בלויע אויגן, וואָס האָבן אַרויסגעשמראַלט מיט פרייד און באַוווּנדערונג (זי איז אויך געווען אין אונדזער קרייז), האָט צו אים אַרויסגעוויזן אַן אָפענע פיינטשאַפט, און אָפטמאָל פון אים אָפּגעשפּאָט.

:: :: ::

עס איז געווען אַ מאָנטיק און דווקא אַן אומעטיקער מאָנטיק. דעם גאַנצן טאָג בין איך נישט אַרויס פון שטוב, כ'האָב געאַרבעט איבער אַ דערציילונג און, ווי דער אמת איז, איז זי מיר נישט געלונגען. דער הויפּט־טיפּ איז אויסגעקומען בלאַס, אָן לעבן, ווי אַ געשפּענסט, וואָס האָט זיך ווי דורכגעגליטשט, כמעט אומבאַמערקט, אויפן גרונט פון דער דער־ציילונג.

איך האָב שוין דאַן איבערגעקלערט: „וואָלט זיך אפשר געלוינט נעמען צו אַן אַנדער באַשעפטיקונג?"... ענדלעך בין איך מיד געוואָרן, האָב גע־באַפּט די פאַרשריבענע בויגנס, צעריסן אויף פיר טיילן, צונויפגעקאַמקעט און אַרויסגעוואָרפן דורכן פענצטער... האָב אָנגעטאָן דעם פּאַלטאָ און אַרויס אין גאַס.

די פרישע לופט האָט מיך באַלעבט און איך האָב ווידער אָנגעהויבן קלערן פון מיין דערציילונג און צוטראַכטן נייע סיטואַציעס און מעגלעכ־קייטן.

אין גאַס איז געווען אַ ביסל כמאַרנע, ווי עס וואָלט זיך געשניטן אויף אַ רעגן. אַ צפון־ווינטל האָט קאַלט געבלאָזן מיר אין קראַגן אַריין. עס איז מיר אָבער געווען אַנגענעם אַזוי אַרומבלאָנדזשען איבער די גאַסן און קלערן פון טיפן, וואָס האָבן געזאָלט זיין די העלדן פון מיינע צוקינפטיקע דערציילונגען.

איך האָב זיך פּלוצלינג געפונען אין אַ גאַנץ רוישיקער גאַס, ווו די דורכגייער האָבן געאיילט גרופּעסווייז איבער די ברייטע טראָטוארן. אַלע האָבן זיי מיר אויסגעוויזן אייגנטאָניק, בלייכע און מידע און געקליידט שוואַרץ גרוי. זיי האָבן זיך מערסטנטייל געשטופּט צו די אויסשטעלונגען אין די פענצטער מיט אַזאַ אינטערעס און ליידנשאַפט, ווי דאָרטן אין די קלייטן וואָלט מען זיי געוויזן וואונדערבאַרע זאַכן און אויסערגעוועגלעכע קוריאָזן.

צווישן דעם דאָזיקן שפּאַרעניש האָב איך פּלוצלינג דערזען ראַיסען. איר קליינע פיגורקע האָט פון רגע צו רגע אויפגעציטערט. זי האָט געזוכט אַ וועג, אויסצודרייען זיך פון דער מענטשן־מענגע, און געהאַלטן דאָס טיכל צו די אויגן. זי האָט געוויינט.

איך האָב איר געהאָלפן זיך אַרויסדרייען פון דער ענגשאַפט און מיין ערשטע פראַגע איז געווען:

— ראַיסע, וואָס וויינט איר?

— הורוויץ איז געשטאָרבן...

איר פּנים האָט אויסגעדריקט דאָס טיפסטע פון מענטשלעכע ליידן, און אירע אויגן, וואָס האָבן תמיד געקוקט פריילעך און באַוואונדערנדיק, האָבן געקוקט פאַרצווייפלט, פאַרצויגן מיט אַ טרערן־גלאַנץ.

— אונדזער הורוויץ? — האָב איך זי איבערגעפרעגט און געפילט אַ מאָדנע בענקעניש.

— אונדזער הורוויץ... היינט איז ער געשטאָרבן. דריי אַזייגער נאָכמיטאָג.

איך האָב געפילט ווי איך וואָלט פאַרלוירן דאָס טייערסטע אין מיין לעבן. ערשט מיט אַ פּאָר טעג צוריק האָב איך מיט אים גערעדט און ער האָט זיך אויף גאַרניִשט באַקלאָגט.

— פון וואָס איז ער געשטאָרבן?

— שווינדזוכט.

— איך האָב זי גענומען אונטערן אָרעם און מיר האָבן זיך געלאָזט גיין מיט שנעלע טריט צו אַ זייטיקער גאַס, ווו דער מענטשן־טומל איז נישט אַזוי גרויס.

ראַיסע האָט זיך פעסט צוגעדריקט צו מיר און געוויינט. פּלוצלינג האָב איך מיך פאַרוואונדערט, וואָס ראַיסע וויינט אַזוי נאָך הורוויצן, ווייסנדיק די קאַלטקייט, וואָס זי האָט תמיד אַרויסגעוויזן צו אים.

מיר זענען אריין אין שטאָט־גאָרטן. זיך געזעצט אויף אַ באַנק אין אַ שטילער, פאַרשאָטנטער אַלייע.

ראַיסע האָט מיך ווי נישט באַמערקט, האָט אראָפּגענומען איר פינ־גערל מיטן בלויען שטיינדל און עס געקושט.

— דאָס פינגערל איז נישט אייערס? — האָב איך זי געפרעגט.

— דאָס איז זיינס... הורוויצס. ער האָט עס מיר געשאָנקען אין דעם אָוונט, ווען ער האָט זיך מיר דערקלערט...

ראַיסע מיט הורוויצן פאַרליבט!

אין דער רגע האָב איך פאַרגעסן אָן אַלעס אין דער וועלט און האָב נאָר געקלערט וועגן מיין אומפעאיקייט צו פּסיכאָלאָגירן אפילו יענע, מיט וועמען איך טרעף זיך כמעט אַלע טאָג. איך בין געווען אויף אַזוי פיל קורצזיכטיק, אַז איך האָב נישט געקאָנט איינזען, אַז אונטער דעם דאָזיקן מאַנטל פון פיינטלעכקייט, וואָס זיי האָבן תמיד געזוכט אַ געלעגנהייט אַרויסצוווייזן, איז געלעגן פאַרבאָרגן אַ היים לײדנשאַפטלעכע ליבע. איך בין געקומען צום שלוס, אַז איך מעג שוין מיין פען צעברעכן, ווייל אויב איך בין נישט פעאיק איינצוזען די ליבעס־באַציאונגען צווישן מיינע בעסטע באַ־קאַנטע, ווי־זשע קאָן איך שרייבן פון גאָר ווייטע און איבערגעבן זייערע געפילן און איבערלעבונגען?

— איר האָט אים ווירקלעך געליבט, ראַיסע?

ראַיסע, ווי באַצויבערט פון אירע ליבעס־דעראינערונגען, האָט גע־קוקט ערגעץ אין דער זייט מיט אַ פאַרטרוימטן קינדערשן בליק.

— צי איך האָב אים געליבט, פרעגט איר? יאָ, איך האָב אים ווירק־לעך געליבט. שטאַרק, שטאַרק געליבט. איך האָב אין אים פאַרלוירן מיין איינציקן פריינט אין לעבן. איך האָב אין אים געשעצט די מילדע נאַטור, זיין ווייכע מעלאָדישע שטימע האָט מיך תמיד באַצויבערט. יאָ, איך האָב אים ווירקלעך געליבט און דערפאַר טאַקע זיך אַזוי געשראָקן פאַר זיין געזונט. ער איז דאָך תמיד געווען אַזאַ בלייכער, אַזאַ צאַרטער...

זי האָט זיך צעוויינט ווי אַ קליין קינד און די טרערן האָבן געוואַשן איר צעשראָקן פּנים.

— וואָס קאָן מיך שוין איצט פאַראינטערעסירן אין לעבן, אַז ער איז נישטאָ!

זי האָט געבראָכן די הענט און איר נאָך קינדערישער קערפּער האָט גע־ציטערט.

בדי זי אַביסל צו באַרואיקן, האָב איך זי געבעטן זיך דורכגיין. זי האָט זיך פאַרטרויליך אָנגעשפּאַרט אין מיין אָרעם און מיר זענען אַרוים פון גאָרטן.

איך האָב אַלץ געקלערט פון דעם, ווי קורצזיכטיק איך בין געווען אין באַצוג צו די פאַרליבטע. און איך האָב מיך געפילט קליין און דערשלאָגן.

ראַיסע האָט אַלץ דערציילט איינצלהייטן פון זייער ליבע, ווי אַזוי זיי פלעגן פאַרברענגען די אומעטיקע האַרבסט־אָוונטן, ווי זיי האָבן זיך אויסגעהיט, אַז קיין זייטיק אויג זאָל נישט אַריינדרינגען אין זייער קליין, ליבלעך וועלטל.

אונזערע טריט אויף דעם הילצערנעם טראָטואַר, וואָס איז באַלויכטן געווען מיט די גאַז־לאָמפּן, האָבן אָפּגעהילכט מיט אַ שטילן טרויעריקן קלאַפּן, וואָס האָט מאָדנע האַרמאָנירט מיט ראַיסעס מעלאַנכאָלישער שטים.

— אונדזערע באַציאונגען וועלן דאָך סוף כל סוף אַרויסשווימען אין דער עפנטלעכקייט — פלעג איך אים זאָגן — און ער, הורוויץ, פלעגט ענטפערן: „וואָס לענגער דאָס געהיימניש, אַלץ גרעסער דאָס גליק".

מיר זענען צוגעקומען צו הורוויצס וווינונג. אַ יאָמער פון פיל פרויען האָט זיך געטראָגן פון הויף אַרויס. ביים טויער האָבן זיך באַוועגט קליינע רעדלעך מענטשן מיט איינגענורעטע קעפּ און האָבן גערעדט שטיל, און אויף זייערע בלאַסע אויסגעצויגענע פּנימער האָט געשוועבט עפּעס אַ מאָדנע שרעקעדיקע צעשטרייטקייט, ווי דער שאָטן פון הורוויצן.

ראַיסע איז מיט געוויין אַריינגעלאָפן אין הויף; איך בין איר נאָכגעגאַנגען.

דער הויף איז געווען פול מיט מענטשן. איך האָב זיך דורכגעשפּאַרט צום צימער, וווּ דער מת איז געלעגן. ער האָט מיר אויסגעוויזן אַזוי אומנאַטירלעך לאַנג, אַז דער קאָפּ מיט די אָנגעצונדענע ליכט אַרום איז געלעגן האַרט צום וואַנט און די פיס האָבן דערגרייכט ביזן טיר, אַ זאַך וואָס איז כמעט אוממעגלעך; נאָר דאָס האָט זיך מיר זיכער אַזוי אויסגעוויזן, ווייל עס האָבן מיר געשווינדלט פאַר די אויגן דער שוואַרצער איבערדעק, די געלע פלעמלעך פון די גרויסע ליכט אין די מעשענע לייכטער און די פאַרוויינטע פּנימער פון די פרויען, וואָס האָבן זיך געבויגן איבערן טויטן.

דער טומל און יאָמער איז געווען אַזוי גרויס, אַז איך האָב נישט דערקענט די מענטשן אַרום זיך. עפּעס אַלעם האָט זיך אויסגעמישט אין

איין יאָמערלעכער מאַסע. גרויע בערד מיט לאַנגע אָראָפּגעהאַנגענע ברע־מען, ווייס־רויטלעכע פּנימער פון יונגע מיידלעך מיט פאַרפלאַכטענע צעפּ, און גרויע האָר אונטער טונקעלע טיכלעך פון אַלטע פרויען. און אַלעס האָט געוויינט און זיך געשאָקלט. הענט האָבן זיך געבראָכן; און איינער איז געפאַלן דעם צווייטן אויפן ברוסט און געכליפּעט.

איך בין אַרויסגעגאַנגען פון דאָרטן אַ צעטומלטער און זיך געלאָזט גיין אַהיים. איך בין געגאַנגען שנעל, ווי איך וואָלט אַנטלאָפן פון אַ גע־פאַר. אומעטיקע געדאַנקען זענען מיך באַפאַלן ווי אַ כמאַרע פליגן. איך האָב געזען דעם סוף פון זיך און פון אַלע מיינע באַקאַנטע, וואָס וועלן אַוועקשטאַרבן אין אָנפאַנג וועג. עס איז שוין ביי מיר קיין צווייפל נישט געווען, אַז עפּעס אַ פאַטאַלע קראַפט וועט אונדז אַלעמען, די יונגע, וואָס רייסן זיך צו ליכט, צו לעבן, אַוועקרייסן אין אָנפאַנג פון בליען.

תמיד — האָב איך מיר געטראַכט — ווען די פאַרמאַכטע טיר פון יענעם געטרוימטן פּאַלאַץ וועט זיך עפענען און מיר וועלן שוין האַלטן מיט איין פוס אינעווייניק, וועט די ביינ‌יקע האַנט פון טויט אונדז ברוטאַל אַוועקרייסן אין מאָמענט, ווען מיר וועלן ווייניקער טראַכטן וועגן דעם.

מיט די דאָזיקע נישט היימלעכע געדאַנקען בין איך אַריין צו מיר אין צימער און אָנגעצונדן דעם לאָמפּ.

די בילדער אויף די ווענט האָבן מיר אויסגעוויזן אָפּגעבלאַקירט און טויט; אין די טונקעלע ווינקלען פון צימער האָבן זיך באַוועגט די שאָטנס און עס איז מיר געווען אומהיימלעך. פון גאַס האָט זיך געהערט דאָס בילן פון אַ הונט, וואָס האָט יאָמערלעך אָפּגעקלונגען אין דער שטילקייט.

אין קאָפּ איז מיר געקראָכן עפּעס אַ משונהדיקער געדאַנק, אַז הור־וויצס קערפּער וואָלט מען נישט געקאָנט לייגן אין מיין קליינעם צימער און מען וואָלט אים געמוזט איינבויגן די קני... עס איז מיר געוואָרן קאַלט און איך האָב פעסטער צוגעמאַכט די טיר. איך האָב געקוקט אויפן בענקל, ווו הורוויץ פלעגט כסדר זיצן, שוין אַן אַלט בענקל מיט אַן אויסגעבוי־גענעם אָנלען. און דאָרטן אויפן בעטל פלעגט ראַיסע ליב האָבן צו זיצן. ווער קאָן נאָך פילן אַזוי שטאַרק דעם קלאַפּ ווי די אָרימע ראַיסע?

— מען קאָן?... — האָב איך דערהערט אַ שוואַכע שטים ענלעך צו הורוויצס קול.

איך האָב באַלד פאַרשטאַנען, אַז דאָס האָט זיך מיר אויסגעדאַכט און האָב זיך געזעצט ביים טיש לעזן אַ ביכל.

— מען קאָן?... — האָב איך ווידער דערהערט די זעלבע שטים, אָבער שוין פיל דייטלעכער און אַ לייכטן קלאַפּן פון פינגער־ביינדלעך אָן שויב.

אַז דאָס איז אַ רעזולטאַט פון מיין צעהיצטער פאַנטאַזיע, איז ביי מיר גאָר קיין צווייפל נישט געווען; און איך האָב געקוקט מיט נייגערי־קייט צום טיר, צו וויסן אויף וויפל קאָנקרעט איך קאָן מיר פאָרשטעלן די זאַכן ארום זיך. און ווירקלעך האָט זיך די טיר געעפנט און הורוויץ איז לאַנגזאַם אריינגעקומען אין צימער. ער האָט אויסגעזען ווי תמיד, דעם קאָפּ עטוואָס אַראָפּגעלאָזט, אין זיין לאַנגן ברוינעם פּאַלטאָ. דעם שטעקן פאַרטשעפּעט אויף אַ קנעפּל. זיין פּנים איז געווען פיל בלייכער און די נאָז אויסגעצויגן.

ער האָט זיך אַוועקגעזעצט אויף זיין בענקל און אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ אויפן ברוסט. ער איז געווען אַזוי נאָענט, אַז איך האָב געזען די פאַלדן פון זיין פּאַלטאָ און די גרויסע ברוינע קנעפּ.

איך האָב אָנגעהויבן שווידערן פון דער נאָענטקייט פון פאַנטאַזם און עס האָט זיך מיר געדאַכט, אַז מען שיט מיר שניי אויפן רוקן. דאָך האָב איך מיט אַ געוויסער דערלייכטערונג געפילט, אַז באַלד וועט די דאָזיקע זעאונג צעשוווּמען ווערן און דאָס בענקל וועט ווי פריער בלייבן ליידיק.

ער האָט זיך נישט באַוועגט און איך האָב מורא געהאַט זיך אַ ריר טאָן פון אָרט. פּלוצלינג איז מיך באַפאַלן אַ מאָדנע לוסט אַ וואָרף טאָן זיך צו אים און מיט גוואַלד אויפדעקן די דאָזיקע רעטעניש.

עס קאָן זיין, איך וואָלט עס אפשר געטאָן, נאָר פּלוצים האָט זיך ראַשיק געעפנט די טיר און ראַיסע איז ווי אריינגעפאַלן אין צימער און זיך אַ וואָרף געטאָן אויף מיין בעטל.

איך האָב אַ וואָרט נישט געזאָגט, עס האָט זיך מיר געדאַכט, אַז אויך זי, ראַיסע, איז אַ זעאונג, וואָס וועט באַלד צעשוווּמען ווערן אין אַ בלוי־לעכן רויך און מיין צימער וועט, ווי פריער, בלייבן פּוסט און פּראַקטיק. פונדעסטוועגן האָב איך נאָכגעקוקט אַלע אירע באַוועגונגען. זי האָט ממש געוואַשן דאָס קישן מיט אירע טרערן. איך האָב נאָך קיינמאָל נישט געז־זען אַ פרוי אַזוי פיל וויינען. זי האָט זיך געקלאָגט אויף גאָט, וואָס ער האָט אַוועקגענומען פון איר איר ליבן הורוויצן. „איר פאָטער", „איר קינד", „איר געליבטן".

הורוויצן האָב איך אַלץ געזען זיצן אין דער זעלבער פּאָזע מיטן קאָפּ

אראָפּגעהאנגען אויפן ברוסט. איך האָב שוין אפילו באַמערקט א לייכטן ציטער אויף זיינע אָנגעצויגענע דינע ליפּן.

זי האָט אָפּטמאָל געקוקט צו זיין זייט, עפּעס ווי אַריבער זיין קאָפּ און איר בליק איז געווען א פאַרנעפּלטער, א טרערן־בליק.

— האָט איר געגלויבט, אז ער זאָל אזוי שנעל אוועקשטאַרבן? — האָט זי געזאָגט צו מיר מיט א פאַרלאָשענעם קול.

מיר האָט זיך געדאַכט, אז ער האָט א ציטער געטאָן.

איך האָב מורא געהאַט צו זאָגן א וואָרט. איך האָב דאן געהאַט דאָס געפיל פון איינעם, וואָס האָט אויפגעשטעלט א קאָרטן־שטיבל און האָט מורא ארויפצולייגן די לעצטע קאָרט, דאָס גאַנצע שטיבל זאָל נישט איינ־פאַלן. עס האָט זיך מיר געדאַכט, איך זאָל נאָר ארויסלאָזן איין קלאַנג, וועט זיך אַלעס איבערבייטן. איך וועל דערהערן א פּאָכען פון פליגל. א שאָרך, א רויכל און דאָס בענקל וועט בלייבן ליידיק...

עס איז שוין ביי מיר קיין צווייפל נישט געווען, אז זי זעט „אים" נישט, און פאָלגלעך איז עס א פּראָדוקט פון מיין אייגענער פאַנטאַזיע און איך האָב געוואָלט וויסן ווי לאַנג וועט מיין פאָרשטעלונגס־קראַפט קאָנען אָנהאַלטן.

ראַיסע איז געזעסן אויפן בעטל מיט די הענט אויף די קני א מידע און דערשלאָגענע. דער טרערן־קריזיס איז ביי איר איבערגעגאַנגען און מען האָט לייכט געקאָנט דערקענען, אז זי קלערט: „וווהין גייט מען איצט?" „און וואָס טוט מען?" איר קליינע, גראַציעזע פיגורקע אין געפּאַסטן קורצן מאַנטל האָט אין יענער רגע אויסגעדריקט דעם טיפסטן עלנט. עס האָט מיר באַנג געטאָן אויף דאָס שיינע הילפלאָזע מיידל, וועלכע איז איצט אוועקגעשטעלט געוואָרן פּנים אל פּנים מיט יענעם אומבאַוווסטן מוראדיקן וואָרט: דער טויט.

פּלוצלינג האָב איך באַמערקט א מאָדנע ענדערונג אויף איר פּנים. זי איז געוואָרן ווייס ווי זילבער און אירע אויגן האָבן געשפּריצט מיט פונ־קען. זי האָט זיך אויפגעהויבן פון בעטל און מיט א טיפער פאַראַכטונג, וואָס אָט־אָט און עס וועט זיך פאַרוואַנדלען אין א פאַרניכטנדיקן ווערטער־פלוס, געקוקט צו דער זייט, וווּ „ער" איז געזעסן.

— שעמען מעגט איר זיך! — האָט זי געזאָגט צו זיין זייט — שע־מען מעגט איר זיך, אַן אייגענער ברודער און קיין איין טרער נישט ארויס־געלאָזט!

הורוויץ האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ און אין זיינע האַלב פאַרמאַכטע אויגן זענען געשטאַנען טרערן.

:: :: ::

דער ליטעראַט ב. האָט פאַרצויגן זיין ציגאַר און געקוקט אויפן רויך, וואָס האָט זיך געקרייזלט פאַר זיינע אויגן.

— שוין געענדיקט? — האָט געפרעגט איין פריילן.

די צווייטע פריילן האָט געקוקט מיט אַ שעלמישן שמייכל צום דער־ציילער און געדראָט מיטן ציינג-פינגער.

— שוין געענדיקט, — האָט באַמערקט דער ליטעראַט און זיך לאַנג־זאַם געצויגן זיין ציגאַר. זיינע גרויע קלוגע אויגן האָבן מיט אַ קאָנצענט־רירטן שמייכלענדיקן בליק געקוקט צו די געסט.

.1919

# אויף נאָרט

ווען זיאַמע איז אַרויף אויפן שיף, איז שוין געווען פאַרנאַכט. ער האָט נישט קיין סך באַדאַרפט וואַרטן און די שיף איז אָפּגעשווומען. האָט ער זיך אָנגעשפּאַרט אָן פּאָרענטש און געזען, ווי דער ברעג דערווייטערט זיך, ווי פישל דער קראַוואַטן־מאַכער האָט געפּאָכעט מיט אַ טיכעלע און אים געווונטשן אַ גליקלעכע רייזע. דער ברעג האָט זיך אַלץ מער דער־ווייטערט, די הייזער פון שטאָט האָבן זיך געהילט אין טונקלקייט און זיך פאַרלוירן אין די בערג, ווי אין פאַלדן פון אַ גרין קלייד. די שטאָט האָט איצט אויסגעזען פול מיט ווייטקייט און סודות. טיף אין די בערג האָבן זיך אָנגעצונדן פייערלעך און געצוקט אין דער טונקלקייט, אַ ריזיקער שאָטן האָט זיך געלייגט אויפן ים, ווי אַ נאַכטיקער פליגל, וואָס האָט אָנגעצויגן אַ קילקייט. זיאַמע האָט דערפילט אַ קאַלט נאַכטיק ווינטל בלאָזן, איז ער אַוועק פון פּאָרענטש, און זיך געלאָזט צו די קאַיוטן; אַ טונקעלער ים האָט זיך אויסגעשפּרייט אונטערן האָריזאָנט. עס האָט געווייעט מיט קאַלטער אומהיימלעכער נאַכט. גייענדיק אַזוי מיט זיין רענצל אויפן שיף, האָט ער זיך פּלוצלינג דערפילט אַזוי עלנט, אַזוי, אַז עס האָט זיך אים געדאַכט, אַז ווען ער וואַרפט זיך אין וואַסער אַריין, וואָלט קיינער אים אַפילו נישט דערמאָנט, אויסער אפשר פישל דער קראַוואַטן־מאַכער, וועלכער האָט אים באַגלייט צום שיף, און אפשר דערפאַר, ווייל ער פירט אין רענצל זיינע קראַוואַטן צו פאַרקויפן...

און אָט פאָרט ער, זיאַמע, אויף נאָרט מיט קראַוואַטן, פּרובירן מזל און טאַקע באַווייזן פישלען דעם קראַוואַטן־מאַכער, אַז ער האָט זיך אין אים נישט אָפּגענאַרט, אַז עס וועט נישט פאַרפאַלן גיין איין קראַוואַטל אַפילו; — ער ברענגט אים, אָדער געלט, אָדער סחורה...

ער האָט זיך אָפּגעשטעלט ביי א פּאַרענטש, עס האָט אים געצויגן דער ים, וואָס האָט איצט געשטורעמט. די שיף האָט זיך געשניטן אין דער נאַכט אריין מיט א קרעכץ ווי א פאַרוווּנדעטע חיה, די כוואַליעס זענען מיטאַמאָל ווי שוואַרץ געוואָרן און זיך געריסן מיט געפּילדער צו די באָרטן פון שיף. „דאָס הייסט א פּאָר!" האָט ער זיך געקלערט און דער־זען, ווי עמיצער קומט אים אנטקעגן. דאָס איז געווען א נידעריקער, ביי־כיקער פּאַרשווינדל מיט א סיגארעטל אין מויל. דאָס פייערל האָט אויפ־געפינקלט און די פונקען פון סיגארעטל האָבן זיך צעשאָטן ארום פּנים.

— א יידלאַק?

— א ייד.

— מיט וועמען האָב איך די ערע? — האָט זיאַמע געפרעגט.

— אראָן ליפּסקי! נישט געהערט אין סאַנטיאַגאָ? אראָן ליפּסקי, דער קאָרטל־פּאַרקויפער!

— נישט געהערט — האָט זיאַמע געזאָגט און באַטראַכט דאָס יידל מיט זיין קיילעכדיק בייכלדיקן סילועטל.

— וואָס הייסט, נישט געהערט? — וווּנדערט זיך דאָס יידל. — אראָן ליפּסקי קענען אַלע, קינד און קייט, ייד און קריסט.

ער וואַרפט אַוועק דאָס סיגאַרעטל, די פונקען צעשיטן זיך אויפן דעק און לייכטן אויף אין דער פינצטער.

— מאָדנע, — זאָגט זיאַמע, — און איך זע אייך דאָס ערשטע מאָל.

— זענט איר א גרינער! — זאָגט דאָס יידל מיט פאַרדראָס — ווער קען נישט אראָנטשיק דעם קאָרטל־פּאַרקויפער, פון נאַגאַזשאַנעס ביז ארי־קאַ, איר הערט, גרינער? פון מאַגאַזשאַנעס ביז אריקאַ! גובערנאַדאָרן קויפן ביי מיר קאָרטלעך, כועסן!...

די שיף האָט פּלוצלינג א שטאַרקן וויג געטאָן, די נאָז פון שיף האָט זיך איינגעשניטן אין א טיפן אָפּגרונט און זיך אויפגעהויבן אַן אָפּגע־וואַשענע מיט שוים.

דער ים איז פּלוצלינג העלער געוואָרן, פון צווישן די כוואַליעס איז ארויס די לבנה, א קיילעכדיקע, א געלע און אַזאַ גרויסע, אַז זיאַמע האָט זיך איבערראַשט, עפּעס א מאָדנע גרויסע לבנה, וואָס ער האָט דאַכט זיך אַזאַ קיינמאָל נישט געזען. זי האָט אויסגעזען ווי א געלע ראָד, וואָס קייקלט זיך לאַנגזאַם איבער די כוואַליעס, און אָט הייבט זי זיך אויף העכער, און זעט שוין אויס ווי א לאַכנדיק פּנים פון א כינעזער... די שיף

האָט זיך געשניטן פונקט צו דער לבנה צו, זיאַמע האָט דערפילט ווי אַ הויך פון אַ ווייטער בענקשאַפט, וואָס איז געקומען מיט די ים־ווינטלעך, וואָס האָבן אים געבלאָזן אין פנים אַריין, געבלאָזן און געגלעט. ער דערמאָנט זיך, אַז ער פאָרט איצט אין די ווייטסטע ווייטענישן פון די ימען, ביי די ברעגן פון אַ לאַנד, טשילע. אַ ווייט לאַנד, אַ מאָדנע לאַנד און אַ שיין לאַנד.

זיי האָבן זיך געלאָזט גיין צו די קאַיוטן. זיאַמע איז אַראָפּ צו זיי־נער, אַ טונקעלע שיין פון אַן עלעקטריש לעמפּל האָט געברענט איבער די אייזערנע בעטלעך. די גאַנצע נאַכט האָט ער זיך געוואָרפן אויפן געלע־גער, דאָס רודערן פון די מאַשינען און דאָס פּאַטשן פון די כוואַליעס אָן די באָרטן פון שיף האָט אים אַזוי געררוישט אין קאָפּ, אַז ער איז צומאָרגנס ווי פאַרחלשט געוואָרן. ווען זיאַמע איז אַרויס אויפן דעק, איז די שיף געשטאַנען אין אַ האַלב רונדיקער בוכטע מיט שטילע וואַסערן. ער האָט זיך אַרומגעקוקט און האָט זיינע אויגן נישט געגלויבט. אַ האַלבע רונדיקע שטאָט איז געלעגן אין די בערג אָפּן פאַר דער גאַנצער וועלט, ווי זי וואָלט געזאָגט: נאָט, זעט, ווי איך זע אויס! איך בין אַ טשילענער בערגיקע פּאָרט־שטאָט בין איך. דער הימל איז געלעגן העל און אויסגעצוואָגן. און די לופט איז געווען אַזוי דורכזיכטיק און גרינג, כמעט זיס.

זיאַמע האָט זיך דערמאָנט, אַז ער האָט געלייענט אין די צייטונגען, אַז אין דער דאָזיקער געגנט האָט אַ ווולקאַן אויסגעבראָכן און די איינ־ווינער פון די אַרומיקע שטעט זענען ביינאַכט די פייערן, וואָס ער שפּייט אַרויס אויף אַ ריזיקער הויך. און איצט האָט זיך אים געדאַכט, אַז אָט, אָט וועט ער דערזען דעם ווולקאַן, ער וועט זען די געדיכטע קנוילן רויך און זיילן פייער, וואָס שלאָגן פון דעם קראַטער אינעם בלויען הימל אַריין.

— וואָס קוקט איר אַזוי פאַרחושט? — האָט ער דערהערט דעם יידלס קול.

זיאַמע האָט זיך אויפגעכאַפּט, ווי פון אַ וואַכנדיקן דרעמל. האָט גע־נומען דאָס רענצל און איז צוגעשוווּמען מיט אַ שיפל צום ברעג.

— „קאַרוואַטאַס דע סעדאַ!" — האָט זיאַמע געשריען; האָט גע־פּאַכעט מיט אַ בונט קראַוואַטן אין האַנט, האָט זיך אָפּגעשטעלט ביי די טירן, אַריינגעקוקט אין די קלייטן, אָבער קיינער האָט זיך נישט אומגע־קוקט אויף אים מיט זיינע קראַוואַטן.

שוין מער ווי אַ האַלבן טאָג ווי ער שפּרייזט אַרום איבער די גאַסן,

באַט יעדן אַן זיין סחורה און ער האָט נאָך איין קראַוואַטל נישט פאַרקויפט. ער דערמאָנט זיך אָן פישלען, וואָס וועט ער אים שרייבן און ווי וועט ער זיך אהינטאָן מיט די קראַוואַטלעך? וואָס וועט ער טאָן מיט זיי? פון אַ זייטיקער גאַס זענען אָנגעקומען צוויי פאַרשווינען מיט ברעזענטענע זעק אויף די פּלייצעס. אין איינעם האָט ער דערקענט דאָס יידל ליפסקי, ער האָט געטראָגן אַ בלויען, וואָלענעם סוועטער, ווי אַ מאַטראָז, מיט געלע גרויסע בוכשטאַבן אויסגעמאָלט אויפן ברוסט; אַ קאַסקעטל אַראָפּגערוקט איבער די אויגן. דער שווערער ברעזענטענער זאַק מיט די קאָרטלעך איז שווער אַראָפּגעהאַנגען און זיך כמעט ווי געשאַרט אָן דעם טראָטואַר. זיין פּנים איז געווען אָנגעגאָסן מיט בלוט, די אויגן אַרויסגעקראָכן פון קאָפּ, ווי ביי אַ געשאָכטענער קאַלב.

— קאַסימירעס! (שטאָפן) — האָט ער אַריינגעשריען אין אַן אָפענעם טויער פון אַ הויף און איז ווייטער געגאַנגען.

זיאַמע האָט אויסגעמיטן צו באַגעגענען זיך מיט אים. ער איז האַסטיק אַריבער אויף אַ צווייטן טראָטואַר און זיך אָפּגעשטעלט ביי אַ שויפענצטער. ער האָט געוואָרפן אַ בליק אינעווייניק און דערזען זיין אייגענעם פּנים. ער האָט זיך מיט מער אויפמערקזאַמקייט צוגעקוקט; יאָ, דאָס איז ער אַליין, זיאַמע, אָדער ווי זיינע חברים פלעגן אים רופן: חבר זיאַמע! אָבער, וואָס איז ער עפּעס אַזוי פאַרעלטערט, פאַרשטויבט, ווי אָפּגעבלאַקירט, די אויגן פאַרשלעפּערטע מיט אַ שווערן, מידן בליק, און דער הוט אויפן קאָפּ איז אַרויפגערוקט אויף דער פּאַטילניצע, אַ בונט ברוינע האָר קנוילן זיך פון הוט אַרויס.

— חבר זיאַמע, ביסט אויף צרות! — האָט ער געזאָגט אין דער הויך, האָט אַ טרייסל געטאָן מיטן בונט קראַוואַטן און מיט אַ שווערן געמיט זיך געלאָזט ווייטער איבער די שטויביקע גאַסן פון שטאָט. צו פאַרנאַכט האָט זיך זיאַמע געפונען אויף אַ גרויסער, רוישיקער גאַס, דער שטויב האָט געשלאָגן פון אונטער די פאַרבייפאָרנדיקע אויטאָמאָבילן, האָט אים איינגעהילט אין געדיכטע וואָלקנס, די היץ האָט געשלאָגן ווי מיט פאַרע פון אַ געזאָטענעם טאָפּ וואַסער.

מיט גרויס עקשנות איז ער געגאַנגען ווייטער, האָט מיט אַ הייזעריקער שטימע געשריען „קאָרוואַטאַס דע סעדאַ!” אָבער ווי אַלע וואָלטן זיך צונויפגערעדט, האָט קיינער נישט געקויפט און אפילו זיך נישט אָפּגעשטעלט. ער האָט געקלערט, אַז עס זענען פאַלש די אַלע געשיכטעס, וואָס

מען דערציילט, אַז אויף נאָרט לייזט מען שטיקער גאָלד. אַזוי וועט ער מאַקסע שרייבן פּישלען דעם קראַוואַטן־מאַכער, וועלכער האָט אַרויסגעוויזן צו אים אַזוי פּיל צוטרוי און אים געגעבן קראַוואַטן אויף קרעדיט. ווען ער דערמאָנט זיך אין פּישלען, גיט אים אַ קלאַפּ אין האַרצן. ער פּילט שוין, אַז פּישלס קראַוואַטן זענען פאַרפאַלן. ווו וועט ער אים שוין זען נאָכאַמאָל! און ער זעט פּישלס פּנים, ווי עס שמעלצט זיך פון לייטזע־ליקייט, ווען ער האָט די קראַוואַטלעך געפּאַקט צו אים אין רענצל אַריין. ער וועט זיין גערעכט, פּישל, ווען ער וועט שוין מער קיינעם קיין סחורה נישט געטרויען... ער וועט יעדן איינעם זאָגן, אַז אַפילו זיאַמע האָט אים אָנגעזעצט...

ער האָט אַ זיפץ געטאָן און האָט זיך ווייטער געשלעפּט איבער דער שטויביקער גאַס. אָבער ער האָט שוין זיין סחורה אַפילו נישט אויסגע־שריען. די האַנט נאָר מיטן בונט קראַוואַטן האָט ווי מעכאַניש זיך שוואַך געטרייסלט אין דער לופטן.

ביי אַ ראָג האָט ער דערהערט דאָס כאַראַקטעריסטישע רוישן פון די ים־כוואַליעס, אַ שמאָל געסל האָט באַרג־אַראָפּ געפירט צו אַ פעלזיקן ים־ברעג.

זיאַמע האָט זיך געלאָזט אַראָפּ צום ים, זיך געזעצט אויף אַ פעלז זיך אָפּרוען. די זון איז שוין פאַרגאַנגען ערגעץ הינטער אַ באַרג, אַ טונקל רויטער אָפּשיין האָט אָפּגעשלאָגן אויף די שטילע וואַסערן, ביי די פעלזן האָבן כוואַליעס ריטמיש געשלאָגן, זיך צעשאָטן אין אַ ווייסן שטויב און צוריק אַריין אין די טיפענישן. ביי אַ פעלז האָט אַ נאַקעטער יונג גע־ריסן יב־מושלען, צו די נאַקעטע לענדן האָט ער געהאַט צוגעבונדן אַ טאָרבע געפלאָכטן פון שטריק, ווו ער האָט אַריינגעוואָרפן די „זשאַבעס“, וועלכע ער האָט מיט אַ רונדן מעסער אָפּגעריסן פון די פעלזן, צו וועלכע זיי זענען געווען ווי צוגעוואַקסן. יעדעס מאָל, ווען די כוואַליעס פלעגן צוקומען צו די פעלזן, פלעגט דער יונג אַריינגעכאַפּט ווערן אין ים אַריין ביזן האַלדז, און שפּעטער זיך ווידער באַווייזן מיט אַ פעלזן שטייניקער זשאַבע־שיסעלע.

זיאַמע האָט זיך געפילט ווי באַרואיקט, ער האָט זיך געקלערט, אַז מען דאַרף אָנפאַנגען דאָס לעבן פון דאָסניי, זיך אַרויסרייסן פון דער דאָזיקער סביבה, פאָרן ערגעץ, אפשר גאָר אין די צענטראַלע רעפּובליקן?

עס איז לאַנגזאַם צוגעפאַלן די נאַכט. ווייט צום האָריזאָנט צו האָט

ער דערזעען אַ פייער, וואָס האָט געשלאָגן פון דער נאַכט אַרויס צום הימל, זיך צעגאָסן ווייט אַרום, געפאַרבט רויט דעם טונקעלן האָריזאָנט.

עס האָט אים אַרומגעכאַפּט ווי אַ שרעק, אָבער זעענדיק ווי דער טשילענער נאַקעטער יונג רייסט רואיק די מושלען פון די פעלזן, און ווי אין שטאָט האָבן זיך ווי אַלע אָוונט אָנגעצונדן די עלעקטרישע לאָמפּן, איז ער עפּעס ווי אַנטטוישט געוואָרן, ער האָט אַריינגעלייגט די קראַוואַט־לעך אין רענצל און זיך אַ מידער און דערשלאָגענער געלאָזט אין שטאָט אַריין.

.1935

# אין מדבר פון אַטאַקאַמאַ

1

אָן אויסערגעווענלעכער טאָג האָט זיך פאַראויסגעזאָגט. אין דעם רונדן אָפענעם פּאָרט האָבן זיך ווייך געוויגט צוויי קריגס־שיפן, איינע אַ גרעפּערע, אַ בייכיקע, מיט צוויי גרויסע קאַנאָנען אָנגעשטעלט צו דער באַרניקער שטאָט; די צווייטע — אַ קלענערע, אַ פלאַכע;ביידע גרוי געפאַרבט, האָבן זיי אויסגעזען ווי גרויע פלעקן אויף די בלויע שטילע וואַסערן.

אויף די מאַסטן האָבן געפלאַטערט רויטע פאָנען, און דאָס דאָזיקע האָט אַריינגעבראַכט עפּעס אַ מאָדנע פריילעכקייט. די לופט איז געווען דורכזיכטיק און בלוי, ווי דער הימל, וואָס איז געלעגן איבערן ים און בערג, און אין די הערצער האָבן זיך, צוזאַמען מיט דער זיסער בלויער לופט, געגאָסן עפּעס נייע, אומבאַשטימטע האָפענונגען.

מען האָט גערעדט, אַז עס קומען נאָך שיפן, אַז דער גאַנצער פלאָט האָט רעוואָלטירט. קיינער האָט נישט געוווסט, וואָס די מאַטראָסן פאָדערן. מען האָט נאָר געוווסט, אַז זיי האָבן אַרעסטירט די אָפיצירן און זיי פאַרשלאָסן אין די קאַיוטן. אָבער יעדערער האָט געפילט, אַז די מאַנשאַפט פון פלאָט איז מיטן פאָלק. און דערצו האָבן עדות געזאָגט די פלאַטערנדיקע רויטע פאָנען אויף די מאַסטן און פון אַלע שטאָט־טיילן האָבן זיך געצויגן מאַסן צו די ברעגן פון ים. דער פּאָרט איז שוין געווען איבערפולט, האָט מען זיך אויסגעשפּרייט לענג־אויס מיטן ברעג, אויף די פעלזן, אַרום די מאַלעקאָנען; מען האָט געכאַפּט פישער שיפלעך און זיך געלאָזט צו די שיפן, אָבער פון דאָרט האָט מען געגעבן צייכנס, מען זאָל זיך נישט דערנענטערן.

מען האָט געפּאַכעט מיט ווייסע טיכלעך, אַריבערגעשריען צו די מאַט־ראָסן, געוואָרפן היטלען אין דער לופטן און פון די שיפן האָט די מאַנשאַפט געענטפערט מיט הילכיקע „וויוואַס". מען האָט געפילט, אַז עפּעס האָט מיטאַמאָל געפּלאַצט, געפּלאַצט ווי אַ פאַרזשאַווערטע ספּרונזשינע פון אַן אַלטער מאַשין, אָדער ווי מען וואָלט געעפנט די שליוזן פון אַ ריזיקן קאַ־נאַל און דאָס וואַסער צעגיסט זיך אויף אַלע זייטן.

די פּאָרט־אַרבעטער האָבן זיך אַפילו נישט געשטעלט אַרבעטן. די פּאָר לאַסט־שיפן, וואָס אין קליינעם פּאָרט, האָבן אומזיסט געברומט מיטן אור־מעטיקן געברום פון הודאָק, וואָס האָט דערמאָנט אין אַ טרויעריקן רעווען פון אַ פאַרבלאָנדזשעטער קו. — די אַרבעטער זענען נישט געקומען. די זעק מיט סאַליטרע זענען געבליבן ליגן ביים ברעג. די שטרייקער האָבן זיך אויף זיי אַוועקגעזעצט, זיך געוויצלט און געמאַכט מיט די הענט צו די מאַטראָסן פון די קריגס־שיפן.

צו מיטאָג־צו זענען אָנגעקומען נאָך דריי שיפן, צוויי גרעסערע און איינע אַ קלענערע און זיך פאַראַנקערט נעבן יענע. די מאַסע ביים ברעג איז אַלץ געוואַקסן; קעפּ אויף קעפּ. קינדער זענען אַרויפגעקראָכן אויף דיביימער, זיך געמאַכט נעסטן מיט זייערע מלבושים, און אין די הערצער איז אַלץ געוואַקסן אַן אומבאַשטימטע פרייד. די אַלע, וואָס האָבן זייער גאַנץ לעבן נישט פאַראויסגעזען קיין איין ליכטיקן פינטל, האָבן דערפילט, אַז עס איז געקומען זייער צייט. און זיי האָבן געוואָלט מיטהעלפן, זיך באַמיייליקן אין דער גרויסער ענדערונג, וואָס דאַרף פאָרקומען. אָבער זיי האָבן נישט געוווסט ווי אַזוי. דערום האָבן זיי אויסגעדריקט זייער פרייד און זייער גרייטקייט צו טאָן אַלעס, וואָס מען וועט פון זיי פאַרלאַנגען, אין „וויוואַ"־געשרייען צו די מאַנשאַפטן פון די שיפן. זייערע היטלען האָבן זיי כמעט אַלע שוין אַריינגעוואָרפן אין ים, אין גרויס ענטוזיאַזם. און עס האָט זיך געדאַכט, אַז אין דעם דאָזיקן ליכטיקן בלויען טאָג וועט זיך אַלעס ענדערן, עס וועט מוזן אַנדערש זיין, בעסער און מענטשלעכער. פון דער מאַסע, לענג־אויס פון ברעג, אויף די בערג און אויף די פעלזן, האָבן זיך אַרויסגערוקט רעדנער. זיי האָבן געשריען, פונאַנדערגעשפּילעט די אַרבעטער־העמדער, געוויזן די האָריקע בריסטן, געפּאַכעט מיט די פויסטן, אָבער קיינער האָט זיי נישט געהערט. זייערע רייד זענען איינגעזאַפּט געוואָרן אין די ים־ווינטן און זענען דערגאַנגען צו דער מאַסע ווי אַ גע־פּליסטער. מען האָט אָבער געפילט, וואָס זיי רעדן. זייערע שוואַרץ־פאַר־

ברוינטע פּנימער האָבן זיך געקרימט, די ציינער האָבן געקריצט; עס האָט דערמאָנט אָן אַ רויען טעמפּן געשריי פון מענטשן, וואָס האָבן אַלע יאָרן זייערע געטראָגן אויף זיך אַ בלוטיקן צייכן פון שקלאַפערײַ.

און די קריגס־שיפן האָבן זיך שטיל געוויגט אויף די בלויע וואַסערן, די רויטע פאָנען האָבן געפלאַטערט אונטערן מילדן ים־ווינטל און זייער רויטער פלאַטער האָט געוועקט נייעס און געשראָקן פאַר דעם דאָזיקן נייעס, וואָס דאַרף קומען.

אַרום שטאָט, אויף די בערג, אין גרינע גערטנער פאַרזונקען, אין די רייכע קוואַרטאַלן, ווו עס געפינען זיך די „טשאַלעטן" און „בונגאַלאָווס", איז געווען טויט־שטיל. די פענצטער צום ים אַרויס זענען געווען פאַר־מאַכט מיט זומער־לאָדנס. פון אונטער די לאָדנס האָט מען זיך געשושקעט, מען האָט געקוקט דורך די שפּעלטלעך צום ים. געזען די גרויסע מאַסע, די רויטע פאָנען אויף די מאַסטן פון די שיפן און אַן אומקלאָרע שרעק איז זיי באַפאַלן. פרויען זענען אַרומגעלאָפן איבער די רייכע זאַלן און נער־וועז געבראָכן מיט די הענט. זענען אַלע ווײַלע צוגעלאָפן צו די פענצטער, האָבן געקוקט דורך די שפּאַרונעס צום ים. זיי האָבן מיט אַנגסט דערוואַרט, עס זאָלן אָנקומען די עראָפּלאַנען, וואָס מען האָט אַרויסגעשיקט פון דער הויפּטשטאָט צו באַקעמפן דעם אויפגעשטאַנענעם פלאָט. זיי האָבן גע־שעפּטשעט שטיל ווי אַ תּפילה: „די עראָפּלאַנען". און ווי דורך אַ כּישוף האָט דאָס וואָרט זיך דערטראָגן פון די פאַרמאַכטע קאַבינעטן צו דער מאַסע ביים פאָרט.

— עראָפּלאַנען — האָט עמיצער אַ זאָג געטאָן.

—עראָפּלאַנען — האָט אַ צווייטער איבערגעחזרט.

די מאַסע האָט זיך אַ ריר געטאָן. אויגן האָבן געפינקלט, האָבן גע־קוקט מיט גלאַנץ אין בלויען הימל. עמיצער איז אַרויפגעקראָכן אויף דער־ווייטסטער סקאַלע אין ים און דורך אַ קאַרטאָנענער טרובע געשריען צו די מאַטראָסן:

— זייט גרייט, חברים, עראָפּלאַנען קומען!

זיין קול האָט אָפּגעהילכט ווייט אין ים.

אויפן מאַסטבוים פון דער ערשטער קריגס־שיף האָט זיך אַ ריר גע־טאָן אַ מאַטראָס און איז פלינק אַראָפּגעקראָכן פון אַ שטריקענעם לייטער. עס האָט זיך גענומען באַוועגן אויף די שיפן. מאַטראָסן זענען געלאָפן צו די באָרטן, האָבן אָנגעשטעלט קאַנאָנען מיט די מײַלער צום הימל.

די מאַסע ביים ברעג האָט דערפֿון געהאַט גרויס פֿאַרגעניגן. און „וויוואַ“־געשרייען האָבן זיך געטראָגן איבערן גאַנצן לענג פֿון ברעג. און פֿלוצלינג, ווי פֿון הימל אַראָפּגעפֿאַלן, האָבן זיך פֿון הינטער די בערג באַוויזן די שטאָלענע פֿליגלען פֿון פֿינף אעראָפּלאַנען. זיי זענען געפֿלויגן אַזוי נידעריק, אַז זייערע שאָטנס זענען געפֿאַלן אויף דער מאַסע. ווי רויבפֿייגל זענען זיי געפֿלויגן אַרום די שיפֿן אין קרייזן, דאָס האָבן זיי ווייזט אויס געגעבן אָנצוהערעניש, אַז די מאַטראָסן זאָלן זיך אונטערגעבן. אָבער די מאַטראָסן זענען געשטאַנען ביי די קאַנאָנען און זיך נישט גערירט. די אעראָפּלאַנען האָבן זיך אויפֿגעהויבן העכער און געצייכנט אין הימל רייזיקע קרייזן און מיט יעדן קרייז זיך אַלץ העכער אויפֿגעהויבן. אַ פֿריידנס געשריי האָט זיך געהערט פֿון אַלע זייטן פֿון ברעג. „זיי זענען אַנטלאָפֿן די פֿייגלינגעו!“ „האַלט אייך, חברים!“, „מיר זענען מיט אייך!“, „דאָס פֿאָלק איז מיט אייך!“ — האָט מען געשריען פֿון אַלע זייטן. דער וואָס איז געשטאַנען אויף דער ווייטסטער סקאַלע מיט דער קאַרטאָנענער טרובע אין האַנט, האָט זיך אויסגעצויגן, ווי ער וואָלט געוואָלט ווערן העכער, האָט גענומען די טרובע צום מויל און זיין קול האָט זיך צעשפּרייט איבערן ים, אַ ברייטס, אַ הייזעריקס:

— חברים, מיר זענען מיט אייך! דער גאַנצער מדבר פֿון אַטאַקאַמאַ איז מיט אייך! די אַרבעטער האָבן געוואָרפֿן די סאַליטרעראָס! זיי קומען אַהער אונדז צו הילף! זיי קומען אין די טויזנטער! זיי קומען אונדז באַפֿרייען! — זיין קול האָט אַ ציטער געטאָן. ער האָט זיך אַ צי געטאָן אין דער הויך, ווי ער וואָלט געוואָלט ווערן העכער און אויסגעשריען דורך דער טרובע:

— זאָל לעבן די רעוואָלוציע!

— בום!!

אַ טעמפּער עכאָ האָט אָפּגעהילכט און זיך געקייקלט איבער אַלעמענס קעפּ. פֿון איינער פֿון די שיפֿן איז אַרויס אַ רויכל און געבליבן הענגען אינדערלופֿטן איבערן באָרט ווי אַ שטיק וואַטע.

— בום!! בום!! צוויי רויכלעך האָבן זיך אָפּגעטיילט פֿון נאָך אַ שיף.

— וויוואַ! — האָט מען געשריען פֿון ברעג.

פֿון אונטער דער זון זענען אַרויסגעפֿלויגן די אעראָפּלאַנען. איינער איז איבערגעלאָפֿן איבער אַ שיף און בעת מעשה איז פֿון אים עפּעס אַראָפּ־

געפאַלן, ווי ער וואָלט פאַרלוירן אַ פּעקל, וואָס איז אַריינגעפאַלן אין וואַ-סער. עס האָט זיך דערהערט אַ קראַך, פון ים האָט אַרויסגעשלאָגן אַ פאָנטאַן און אַ שוימיקער וואַסער-זייל האָט זיך אויפגעהויבן און צעפאַלן געוואָרן אין אַ ווייסן שטויב. די מאַסע ביים ברעג האָט ווי איינגעהאַלטן דעם אָטעם, מען האָט זיך איבערגעקוקט מיט שרעק און אַנגסט. פון די ביימער אַראָפּ האָבן זיך געהערט געשרייען, דאָס האָבן די קינדער, וואָס זענען געזעסן אויף די צווייגן, געשריען צו די מאַטראָסן, זיי געגעבן מוט. אַ פלאַטער האָט זיך אַריבערגעטראָגן איבער אַלעמענס קעפּ. בום! בום! בום! פון אַ קליינער שיף האָט מען געשאָסן אין הימל אַריין. די אַעראָ-פּלאַנען האָבן געמאַכט אַ האַלבן קרייז, זיך געלאָזט גלייך אַרויף אין בלויען רוים. דאָס רוישן פון די מאָטאָרן איז שטילער געוואָרן. איצט האָט זיך די מאַסע געגעבן אַ וויג, ווי אַלע צוזאַמען וואָלטן געוואָלט אַריינשפּרינ-גען אין ים.

דער, וואָס איז געשטאַנען אויף דער סקאַלע, האָט זיך אויסגעצויגן שטייף און האָט געשריען דורך דער טרובע:

— חברים, האַלט אייך פעסט! גיט זיך נישט אונטער!... אַלע זענען מיט אייך!

— „מיט אייך!״ „מיט אייך!״ — האָט אָפּגעהילכט אַ ווייטער עכאָ און זיך אַריבערגעטראָגן איבער די קעפּ פון דער מאַסע.

2

אין דער ריינער געפּלאַסטערטער פּלאַסע, מיט קולטיווירטע פּאַלמען-ביימער און געשווירענע בייטן, איז געזעסן דער אַמבולאַנט זיאַמע. ער איז געווען איינער אַליין אין פּלאַסע, אַלע האָבן זיך געפונען אונטן, ביים פּאָרט און ביי די פּליאַזשן.

די האַלבע רונדע בוכטע איז געלעגן פאַר זיינע אויגן; רונד אַרום האָריזאָנט זענען געהאַנגען שיטערע וואָלקנס, ווי סאַלאַמאַנדרעס, וואָס בראָטן זיך אין פלאַמען. און ביי די ברעגן האָט זיך באַוועגט אַ לעבעדי-קער מענטשן־ים. עס האָט אויסגעזען ווי אַ ריזיקער אַמפיטעאַטער, און אין מיטן, אין גלאַנציקן אויבערפלאַך פון וואַסער, האָבן מיטגעפלאַטערט רויטע פאָנען אויף מאַסטן און עס האָט דערמאָנט אָן יום־טובדיקייט.

זיאַמע האָט באַטראַכט דאָס אַלעס, וואָס ער זעט אַרום זיך און אים

האָט זיך געדאַכט, אַז ער חלומט, אַז דאָס איז אַ מיראַזש אַזאַ, אַ זעאונג אויפֿן פּאַן פֿון דער דאַזיקער שטאָט, ווו ער געפֿינט זיך ווי אין הינער־פּלעט. נעבן אים איז געלעגן זיין רענצל מיט די קראַוואַטלעך. אין האַנט האָט ער נאָך געהאַלטן אַ בינטל קראַוואַטן מיט שרייענדיקע רויטע קאָלירן. ער האָט דערפֿילט ווי ער שעמט זיך מיט זיין סחורה פֿאַר זיך אַליין, פֿאַרן ים, פֿאַר די שיפֿן, און פֿאַר דעם ליכט פֿון טאָג, און ער האָט די קראַוואַטלעך שנעל באַהאַלטן אין רענצל. ער איז געזעסן ווי אַ פֿאַרלוירענער אַליין אין פּלאַסע אויף דער מאַרמאָרנער באַנק. קיינער האָט זיך אויף אים נישט אומגעקוקט, אויף דעם פֿאַרשטויבטן אַמבולאַנט, וואָס האָט זיך ארומגעשלעפּט איבער די לאַנגע שטויביקע גאַסן מיטן בינטל קראַוואַטן, אויסשרייענדיק זיין סחורה מיט אַ הייזעריקן פֿאַרמאַטערטן קול. „קאָרוואַטאַס דע סעדאַ!“ און דאָרטן, אונטן ביים ים, פֿאַר זיינע אויגן ווי אויף אַן אָרענע, שפּילט זיך אָפּ אַ בלוטיקער קאַמף. די פֿאַרפּייניקטע, אויסגענוצטע, פֿאַרשקלאַפּטע, האָבן זיך קעגנגעשטעלט זייערע פֿאַרשקלאַפֿער, ווילן אַראָפּוואַרפֿן פֿון זיך דעם בלוטיקן יאָך. ער גלייבט נישט זיינע אויגן. ער זעט די רויטע פֿאָנען פֿלאַטערן, די וויוואַ־געשרייען פֿון דער ריזיקער מאַסע און ער זיצט אַליין אין דער פּוסטער פּלאַסע, ווי דאָס וואָלט זיך גאָרנישט אָנגעהערט צו אים. און ער, זיאַמע, איז דאָך אַמאָל געווען אַ רעוואָלוציאָנער, ער האָט געקעמפֿט קעגן דעם צאַריזם, מען האָט אַפֿילו געלייגט אויף אים אַ סך האָפֿענונג. חבר זיאַמע פֿלעגט מען אים רופֿן, אָבער דאָס זעט אים אויס אַזוי ווייט ווי אַ לאַנג פֿאַרגאַנגענער חלום. לאַנגע יאָרן שלעפּט ער זיך ארום איבער זיד אַמעריקאַנער רעפּובליקן, איבער די אָפֿענע מיט זון־באַגאָסענע שטעט און לאַנגע שטויביקע גאַסן. וואָס האָט ער שוין נישט פּרובירט אין די דאָזיקע לענדער? געווען אַ לערער, אַ שוואַרץ אַרבעטער, אַ פּעאָן, געווען אַ קוענטעניק, אַ קאָמיביאַניסט, און צום סוף אַן אַמבולאַנט איבער די פּראָווינץ־שטעט מיט קראַוואַטלעך. דאָס פּנים אָפּגעברענט, מיט שטויב באַדעקט. ער האָט שוין אַפֿילו די אַמאָליקע שפּראַך פֿאַרגעסן, די שפּראַך פֿון די ביכער, מאַרקס, ענגעלס, לענין... און דאָ זעט ער ווי דאָס לעבן גייט זיך זיין וועג. מען ברעכט דעם יאָך. מען רייסט קייטן, און וואָס איז ער, זיאַמע? אַ וואָרים, וואָס פּיקט אַ ביטערן עפּל, אַ שמאַטע, וואָס אַלע טרעטן מיט די פֿיס.

אויף זיין פּנים האָט זיך דער שטויב געלייגט אין געדיכטע פֿאַלבן.

דער הוט צעקנייטשט, פאַרשטויבט, מיט אַ געדיכטן קנויל שוואַרצע האָר פון אונטערן שטערן אַרויס, האָט ער אויסגעזען, ווי ער וואָלט נאָר וואָס געקומען פון אַ ווייטן וועג. ווי אַ פוסגייער איבער פאַרלוירענע וועגן.

ער האָט דערפילט ווי עמיצער קומט אָן. ער האָט זיך אומגעקוקט. דאָס איז געווען דער קאָרטל־פאַרקויפער ליפּסקי.

— וואָס טוט איר דאָ אַליין, גרינער? — האָט ליפּסקי אים אַ לייכטן קלאַפּ געטאָן איבערן פּלייצע.

דאָס איז געווען אַ נידעריק־ביינדיק יידל, מיט אַ רויטן פון זון אָפּגע־ברענטן קאַרק, אַ קיילעכיק פּנים און רויטע אַרויסגעקראָכענע אויגן, ווי אַקסענע. ער האָט געטראָגן אַ בלויען מאַטראָסן־סוועטער מיט געלע בוכ־שטאַבן. ער האָט אויסגעזען, גלייך ער וואָלט נאָר וואָס אַראָפּגעגאַנגען פון אַ שיף.

— ווי געפעלט אייך עפּעס אונדזערע „ראַטאַס"? זיי האָבן זיך עס צעהוליעט! מען קאָן מיינען, אַז עס איז טאַקע עפּעס רעכטס, און איר, גרינער, זענט היינט אַרויס צו דער אַרבעט, איך האָב אַפילו דאָס פּעקל נישט פונאַנדערגענומען. היינט וועט איר אַ סענט נישט לייזן.

זיאַמע האָט געשוויגן. ער האָט אָנגעקוקט דאָס יידל און עס איז אים געוואָרן דערווידער, מיט וועמען ער איז פון איין „בראַנזשע", ער, זיאַמע. ליפּסקי האָט אים באַטראַכט מיט זיינע רויטלעכע אַרויסגעקראָכענע אויגן, און ווי ער וואָלט פאַרשטאַנען זיינע געדאַנקען, האָט ער געזאָגט:

— וואָס, איר ווילט אפשר אויך ווערן אַ רעוואָלוציאָנער? איר זענט נאָך גאָר אַ גרינער, אין די לענדער קומט מען נישט מאַכן קיין רעוואָלו־ציעס. אין די לענדער קומט מען געלט פאַרדינען. ווי איר זעט מיך אַ יידן, בין איך שוין צוואַנציק יאָר אין לאַנד און איך מאַך אַ לעבן, נישט צו פאַרזינדיקן. ווי איר זעט מיך אַ יידן, קענען מיך אַלע, פון זיד ביז נאָרט, פון מאַגאַזשאַנעס ביז איקיקי. פרעגט דעם היגן פּאָליציי־שעף אויף מיר. פרעגט דעם כועז, פרעגט דעם אינטענדענט... וואָס, האַ, איר מיינט, אַז איך בין אַ ייד פון הינטערן אויוון? איך בין פּראַקטישער פאַר אייך. איך קאָן דעם „ראָמאָ" און איך ווייס איין זאַך, אַז מיר יידן טאָרן זיך נישט מישן. מיר, יידן, איר פאַרשטייט. — ער האָט אַרויסגענומען אַ פּאַפּיראָס און פאַררויכערט.

אין זיאַמען האָט עס געקאָכט. ער האָט די דאָזיקע רייד געהערט אַ

סך מאָל, זיי קריכן אים שוין פון גאָרגל, די דאָזיקע רייד.

ליפּסקי האָט פאַרגעזעצט:

— ביי מיר אין שטוב, אין סאַנטיאַגאָ, איז פאַראַן אַ פּיאַנע, אַ ראַ־דיאָלאַ, און אַ ראַדיאָ. מיין עלטערע טאָכטער שפּילט פּיאַנע, מיין זון וועט שוין באַלד ווערן אַ דאָקטאָר. איך האַלט צוויי דינסטן... איר קוקט, וואָס איך גיי דאָ מיט דעם מאַטראָסן־סוועטער? דאָס איז, גוטער ברו־דער, אַנשטעל. אין סאַנטיאַגאָ בין איך אַ שטאָט־באַלעבאָס, עס איז אַמע־ריקע.

זיאַמע האָט אים אָנגעקוקט, ווי ער וואָלט אים דאָס ערשטע מאָל געזען. זיין בלויער וואָלענער סוועטער מיט די בלויע בוכשטאַבן, זיין היטל מיטן גלאַנציקן דאַשעק, זיינע גרויסע רויטלעכע אויגן און זיין גאַנצע פיזיאָנאָמיע האָט אים אויסגעזען עפּעס אַזוי נעבעכדיק, דערשלאָגן און שקלאַפּיש, אַז עס האָט אין אים דערוועקט רחמנות צו דעם דאָזיקן נפש, וואָס וואַלגערט זיך אין די שטויביקע שטעטלעך, פאַרשטעלט ווי אַ מאַט־ראָס און אין שטאָט האַלט ער צוויי דינסטן און האָט אַ פּיאַנע, ראַדיאָלאַ און ראַדיאָ...

און ער אַליין, זיאַמע, איז ער נישט גלייך צו ליפּסקין? וואָס האָט ער אויפגעטאָן פאַר דער צייט, וואָס ער וואַלגערט זיך אין די דאָזיקע לענדער? אמת, ער האָט קיינעם קיין שלעכטס נישט געטאָן, אָבער קיין גוטס אויך נישט. ער האָט געלעבט עפּעס אַ לעבן, אַ פאַרנעפּלטן, ווי אין הינערפּלעט. אָן חשבון הנפש, אָן ציל, אָן האָריזאָנט; און אַזוי האָט ער זיך געוואַלגערט ביים ברעג פון לעבן ווי אַן אָפּגעטראָגענער בגד, ווי אַ צעריסענער שוך, וואָס מען וואַרפט אַוועק אויפן מיסט. און אַזוי האָט ער זיך ווי אַרויסגעגליטשט פון לעבן, זיך נישט צוגעקלעפּט צו קיין קלאַס. און איצט? וואָס איז ער איצט? אַ וואָרים, און נישט מער.

ער האָט געקוקט מיט אַ שטאַרן בליק אויף ליפּסקין און אַליץ גע־קלערט זיינע געדאַנקען. ער האָט דערפילט, אַז ער איז צוגעקומען צו אַ פּונקט, פון וועלכן ער וועט זיך נישט קאָנען אַרויסדרייען. ער וועט מוזן געבן אַ קלאָרן ענטפער וועגן דעם, וואָס ער זאָל פון זיך מאַכן; ער מוז דאָך עפּעס זיין! פון דער זייט פון גאַס, וואָס שניידט זיך איין אין די בערג, האָט זיך דערהערט ווי אַ ווייטער אָפּקלאַנג פון אַ געזאַנג.

ליפּסקי האָט זיך אויפגעהויבן.

— איר בלייבט דאָ? — האָט ער געזאָגט און דערלאַנגט די האַנט.

מיר יידן טאָרן זיך נישט רוקן אין אַזעלכע ביזנעס — האָט ער צוגעגעבן און איז אַוועק. זיאַמע האָט אים נאָכגעקוקט מיט אַ שטאַרן בליק און עס האָט אויסגעוויזן, אַז ער זעט אים נישט.

דאָס געזאַנג איז געוואָרן דייטלעכער. זיאַמען האָט זיך געדאַכט, אַז דאָס איז אַ באַקאַנטער מאָטיוו. טענער פון „אינטערנאַציאָנאַל" האָבן זיך געלאָזט הערן. ער האָט זיך אַ שטעל געטאָן און געוואָלט זיך לאָזן גיין, האָט ער אָבער זיך דערמאָנט אָן דעם רענצל און איז געבליבן ווי אומאַנט־שלאָסן. צו וואָס דאַרף ער איצט דאָס רענצל מיט די קראַוואַטלעך, צו וואָס?... דערווייל איז דאָס געזאַנג געוואָרן נענטער, פון עק גאַס, פון אַ רינג אַרויס, פון צווישן צוויי בערג, האָט אַרויסגעמאַרשירט אַ גרויסע מאַסע, וואָס האָט אָנגעפולט די גאַס. דאָס זענען געווען אַרבעטער פון די סאַ־ליטרע־פעלדער פון מדבר פון אַטאַקאַמאַ. די מאַסע האָט זיך געצויגן אָן אַן ענדע. הינטער דעם ראָג גאַס, פון די בערג אַרויס, זענען אָנגעקומען אַלץ נייע און נייע רייען. אויסגעמישט מענער, קינדער און פרויען. עס האָט זיך געדאַכט, אַז אַ גאַנץ פאָלק וואָלט איבערגעוואַנדערט, ווי עפּעס אַן אוראַלטע מאַסע וואָלט געוואַנדערט דורכן מדבר, דורך די וויסטע סאַליטרע־פעלדער. די מאַסע האָט מיט זיך מיטגעשלעפּט דעם שטויב און זאַמד, דעם זאַלץ פון אַטאַקאַמאַ. די פּנימער פאַרברענט, פאַרצאָרנט, אויס־געדאַרט און אויפגעפּרעסן פון זאַלץ און רויע ווינטן. די פרויען האָבן געדריקט זייערע זויג־קינדער צו די דאַרע בריסטן. מענער זענען געגאַנגען האַלב נאַקעטע. די האָר ווי נאָדלען, שוואַרץ און שטויביק. עס האָט זיך געדאַכט, אַז אַ געלער מענטשן־ים האָט זיך צעגאָסן איבערן שטאָט און שטראָמט דורך דער הויפּט־גאַס צוריק צום ים. אָט גייט איינער עטוואָס פאָראויס פון דער רייע, ווי אָן אָנפירער, דאָס פאַרשטויבטע העמד פונאַנ־דערגעשפּילעט, דער שוואַרצער קאָפּ האָר צעפּאַטלט, די באָרוועסע פיס צעוווּנדיקט, ער מאַרשירט מיט דער ברוסט פאָראויס, ווי מיליטעריש. אין דער רעכטער האַנט טראָגט ער אַ קליינע רויטע פאָן, ווי די פון די סיגנאַלן ביי די אייזנבאַנען. און די מאַסע שטראָמט אָן אויפהער; מיט אַ שנעלן טראָט ציען זיך רייען נאָך רייען.

פון אַלע סאַליטרע־פעלדער האָבן זיי זיך אויפגעהויבן, די וואָס האָבן געאַרבעט, און אַרבעטסלאָזע, זיי האָבן געהערט, אַז איצט וועט שוין אַנ־דערש זיין, די אַרבעטער פון שטאָט און די מאַטראָסן האָבן זיך אויפגע־הויבן. גייען זיי זיי העלפן צוזאַמען אַנדערש מאַכן דאָס לעבן, בעסער

מאַכן. און איבער אַלעמענס קעפּ, אינעם געררויש פֿונעם מאַרש, אינעם טומל פֿון דער מאַסע, מישן זיך אויס ווי אַ וויטער עכאָ די טענער פֿון אינטערנאַציאָנאַל. נישט אַלע זינגען אים. דאָ און דאָרטן הערן זיך ווייטע שטימען, אומעטיקע אַזעלכע, פֿאַרצווייגנע, מדברדיקע; און זיאָמע שטייט און גלויבט נישט זיינע אויגן. פֿון וואַנען קומען זיי, אָט די אַלע טויזנטער און טויזנטער, וואָס דער געזאַלצענער מדבר האָט אויפֿגעהאַלטן און גע־נערט מיט שטויב און זאַלץ, זיך איינגעגעסן אין זייערע לייבער און זיי פֿאַרשוואַרצט און פֿאַרטריקנט.

און זיאָמע דערפֿילט ווי עס שטיקט אים אין האַלדז, ער שלוכצט; טרערן האָבן אַ שטראָם געטאָן פֿון זיינע אויגן. הייסע, גרויסע טרערן האָבן זיך געגאָסן אויף זיינע שטויביקע באַקן, געפֿאַלן און גערונען איבערן פּנים, איבערן רעקל.

ער האָט זיך געוואָלט באַהערשן, דערשטיקן אין זיך דעם אויסברוך. דערפֿילט, אַז ער קאָן נישט, האָט ער נאָכגעגעבן און אויסגעבראָכן אין אַ הילכיקן געוויין. ער האָט געשלוכצט און פֿאַרגאָסן געוואָרן מיט טרערן. נאָכדעם האָט ער אַ נעם געטאָן דאָס רענצל און איז אַריין אין דער מאַסע; פֿון אָנפֿאַנג האָט מען אויף אים געקוקט מיט ברוגז און מיט פֿאַרדאַכט. מען האָט אָבער געזען, אַז ער סטאַרעט זיך צו גיין אין דער געשלאָסענער רייע און ער זינגט מיט, האָט מען באַקומען אַ מין דרך ארץ פֿאַר אים, און זיך איבערגעשושקעט. „אַ רוסאַ".

זיאָמע האָט נישט געוווּסט, וואָס עס טוט זיך אַרום אים. ער האָט נאָר געפֿילט, אַז איצט איז ער אויפֿן פּלאַץ, ער איז אָן עפּעס אָנגעשלאָסן, ער איז מיט עפּעס באַהעפֿט. ער איז איינער אין אַ גרויסער, ריזיקער מחנה, וואָס דריקט אויס איר ווילן און אירע האָפֿענונגען. און ער זינגט אַלץ העכער און שטאַרקער. זיין קול הערט זיך דייטלעכער. ער באַמערקט נישט, ווי מען לאָזט אים גיין פֿאָראויס פֿון דער רייע. „ער איז אַ רוסאַ", מורמלט מען אַרום אים.

פֿאַר אים און הינטער אים גייען טויזנטער אַזעלכע ווי ער, דער־שלאָגענע און דערנידעריקטע; גייען מיט פֿרויען, וואָס האָבן זייערע קינ־דער געבוירן אין מדבר אונטערן וואָיען פֿון שאַקאַלן, אין די סאַליטרע פּאַמפּעס; גייען מיט קינדער באָרוועסע און נאַקעטע. און ער, זיאָמע, גייט מיט זיי. ער פֿירט זיי נישט; ער וויל נישט זיין קיין פֿירער, ער וויל זיין איינער פֿון דער גרויסער גרויער מאַסע, אָט פֿון דער מאַסע, וואָס

בילט שוין אן אלע גאסן אין שטאט, וואס האט זיך צעגאסן ווי א שטראמיקער טייך און פארפלייצט אלץ, וואס שטייט איר אין וועג. און די ערשטע רייען זענען צוגעקומען צום פארט. א וויוואַ־געשריי האט זיי באגעגנט. און איין שטראם האט זיך אריינגעשניטן און אויסגעמישט מיטן טונקעלן געמיש פון שטאטישע און פארט־ארבעטער, זיך צעגאסן ארום די מאלעקאנען, ביי די פליאזשן, אריינגעשניטן זיך אין די גרופעס ארום די פעלזן, ביי די פלייטן און גאלפאנען.

און פון הינטן זענען אלץ אנגעקומען נייע און נייע רייען; בארוועסע און פארשטויבטע, מיט ווייב און קינדער, האבן זיי זיך פונאנדערגעשאטן אין די דערבייאיקע גאסן און געסלעך, פארפלייצט די פלאסע, זיך געשפארט אויף די טראטוארן, ביי די פארהאקטע טירן און לאדנס פון די קלייטן; און אזוי האבן זיי געפלייצט אין שטאט אריין, געצויגן פון אלע עקן פון מדבר, פון די געזאלצענע סאליטרע פעלדער. די פרויען האבן זיך אפגערוט ביי די וועגן, זיך צעלייגט אויף די פרייע פלעצער, אויף די טראטוארן פון די שטילערע געסלעך און פון טארבעס ארויסגענומען ברויט פאר די קינדער.

ווייט אויפן וועג האט א פאליציי־פאטרול זיך אריינגעשניטן מיט די פערד אין דער מאסע און זי איבערגעשניטן אויף צווייען. אבער דאס האט אויסגעזען, ווי מען וואלט מיט א שפענדל וועלן פארהאלטן א שטראמיקן צעגאסענעם טייך; מען האט זיך דורכגעשפארט פון אונטער די פערד, געקלעטערט אויף די בערג, און די פאליציי איז מיטגעשלעפט געווארן מיטן מענטשן־צוג.

זיאמע איז פארטראגן געווארן נעבן א שטיינערנעם פלויט, ווו דער ים האט געקלאפט מיט א שטילן גערויש. ער האט זיך ארומגעקוקט. אין האנט האט ער נאך אלץ געהאלטן דאס רענצל מיט די קראוואטלעך. עס איז שוין געווען ווייט אין טאג אריין. און ארום אים האט די מאסע געדוישט און זיך געוויגט ווי א שטורמישער ים. און ער האט זיך פלוצלינג געגעבן א ריס פאראויס, האט זיך דורכגעשפארט צווישן עולם, האט פונאנדערגעעפנט דאס רענצל, ארויסגעשלעפט די קראוואטלעך און זיי א װארף געטאן איבער די קעפ פון דער מאסע. צו וואס דארף ער איצט קראוואטן, צו וואס? די קאלירטע קראוואטלעך האבן זיך געשלענגלט אין דער לופטן און געגלאנצט אונטער דער זון ווי קאלירטע סטענגעס.

וויוואַ! וויוואַ! האט מען געשריען פון אלע זייטן און געכאפט די

קראוואטלעך און זיי געוואָרפן ווייטער איבער די קעפּ, ביז זיי זענען צע־פּיצלט געוואָרן. רויטע סטענגעס האָבן זיך נאָך פון צייט צו צייט גע־וויזן איבער די קעפּ פון עולם.

איצט האָט ער געדאַרפט פּטור ווערן פון רענצל. ער האָט זיך דורכ־געשפּאַרט צום שטיינערנעם פּאַרענטש און אַריבערגעוואָרפן דאָס רענצל אין ים. ער האָט זיך דערפילט עפּעס ווי ניי געבוירן, ווי ער וואָלט ייִנגער געוואָרן, ייִנגער און זיכערער. ער האָט אָנגעשפּאַרט די הענט אויף צוויי פעסטע אַקסלען און זיך אַרויסגעהויבן. זיינע אויגן האָבן געפּיבערט; פון אַלע זייטן האָבן אים אונטערגעכאַפּט פעסטע הענט און מען האָט אים אַרויסגעהויבן, נאָך העכער, ער פילט זיך פעסטער, די הענט פריי און ווו נאָר דאָס אויג דערגרייכט, זעען זיך פינקלענדיקע אויגן, געווענדט צו אים, ווי זיי וואָלטן עפּעס פאַרלאַנגט פון אים. ער גיט אַ מאַך מיט די הענט און אַרום איז געוואָרן שטילער, די אַרומיקע זעען, אַז ער איז אַן אויסלענדער, און אפשר אַ רוסאַ, שטייען זיי אַלע אַרום אים מיט אָפּשיי. עס פאַרמירט זיך אַ געשלאָסענע וואַנט אַרום אים, און ער רעדט. פון וואַנען האָט זיך גענומען צו אים לשון? ער רעדט אויף שפּאַניש און עס קומען אים אונטער די ווערטער אַזוי לייכט, אַזוי פאַרשטענדלעך פאַר אים און פאַר די, וואָס הערן אים. ער רעדט צו זיי, צו די דערשלאָגענע אַרבעטער, צו די סאָלדאַטן, צו די מאַטראָסן; ער דערציילט זיי פון אַ ליב־טיקן מאָרגן. ער דערציילט זיי פון פרייהייט, פון אַ לאַנד, ווו די פריי־הייט איז שוין דערגרייכט געוואָרן... ער רעדט צו זיי פון גליק פון די אַרבעטער מאַסן, פון די האָרעפּאַשניקעס. און מען שטייט מיט אָפענע מיילער און מען שלינגט יעדעס וואָרט און ווען ער ענדיקט, שטורעמט אויף אַ וויוואַ, וואָס צעטראָגט זיך איבער די קעפּ אין קלינגענדיקע כוואַ־ליעס און די עכאָס קייקלען זיך ווייט אַוועק, איבער די אַרומיקע גאַסן און דאָרט שטורעמען אויף נייע אויסגעשרייען.

„מיר ווילן ברויט און פרייהייט!" — שרייט מען פון אַלע זייטן.

בום! בום! האָט זיך דערהערט אַ טרוקענער קנאַל פון דער זייט פון גאַס. די מאַסע האָט זיך אַ ריס געטאָן. פון די בערג אַרום האָט זיך צעטראָגן אַ טרוקענער קנאַלן פון קוילנוואַרפערס. פון אַ ווינקל גאַס איז אַרויסגעריטן אַ פּאָליציי אָפּטיילונג, האָט זיך אָפּגעשטעלט, האָט אָנ־געצילט די ביקסן אויף דער מאַסע און גענומען שיסן. זיאַמע האָט באַ־

מערקט, ווי דער וואָס איז געשטאַנען האַרט נעבן אים, ווי ער וואָלט אים געוואָלט באַשיצן, אַ ברייטפּלייציקער אַרבעטער, האָט זיך אַ וויג געטאָן, זיין פּנים האָט זיך פאַרקרימט, ווי אין אַ שולדיקן שמייכל, וואָס ער מוז אים פאַרלאָזן און ער האָט זיך לייכט אַראָפּגעזעצט און דאַן זיך אויס־געצויגן אין דער גאַנצער לענג, אַ שטייפער.

ווען די מאַסע האָט זיך געגעבן רעכענונג, וואָס דאָ קומט פאָר, אַז מען שלאַכט זי אויס, האָט די מחנה אַ ווילדן ברום געטאָן און זיך געגעבן אַ וויג. דער רייטער פּאַטרול איז אַראָפּגעשלעפּט געוואָרן פון די פערד און צעריבן געוואָרן אין אַ קנויל פון מיליטערישע מונדירן, אויף וועלכע עס זענען געקראָכן ווי מוראַשקעס, טונקלהויטיקע און פון מדבר פאַרברענטע אַרבעטער.

דאַן איז מען אַרויף אויף די בערג צו די קוילנוואַרפער און מאַשין־געווער האָט זיך ווייך אָן ריעש אַראָפּגעקייקלט פון די בערג אַראָפּ. עס האָט זיך געדאַכט, אַז אַ ריזיקער מוראַווייניק איז אַרויסגעקראָכן פון אַן אונטערערדישער באַהעלטעניש און פאַרפלייצט באַרג און טאָל. מאַסן האָבן זיך טעמפּ באַוועגט, געקראָכן אונטער די הייב־מאַשינעןביים פּאָרט, געריסן פרענט אייזנס פון די צעמענטענע פּלויטן, אויסגעריסןביימער מיט די וואָרצלען, טעלעפאָן־סלופּעס, און מיט ריזיקע צווייגן אויף די פּלייצעס זיך געלאָזט איבער די גאַסן און געסלעך, ווו טירן און טויערן זענען גע־ווען געשלאָסן. אויף די טראָטוארן און אינמיטן די גאַסן האָבן זיך גע־וואַלגערט טויטע קערפּערס, דורכגעשאָסענע ווי זיפּן, מיט די פּנימער אין לוזשעס בלוט, מיט פאַרביילטע פויסטן אין בלוטיקע קאַלוזשעס; אין דער לופטן איז געהאַנגען אַ מהומה, אַ געליאַרעם, וואָס האָט זיך אויסגעמישט מיט אַ געיאָמער פון פרויען, אַ געפּילדער און געוויין פון קינדער און אַ טרוקענער קנאַקן פון קוילנוואַרפערס און ביקסן. פון יעדער באַהעלטעניש, פון יעדן לאָך, האָט אַרויסגעקוקט אַ רער פון אַ ביקס און געשפּיגן מיט פייער. די בלוטיקע בעסטיע האָט פון אַלע באַהעלטענישן, פון צווישן די בערג, פון די דעכער, פון אונטער די זומער־לאָדן פון די רייכע הייזער, געשאָסן אויף דער גאַס אַראָפּ.

שעהן לאַנג האָט געדויערט די אויסשלאַכטונג, ביז די זון האָט זיך ווי אַ פאַרשעמטע פאַר איר אייגענער שיין און פאַר די מענטשן, וועמען זי שענקט יעדן טאָג איר ליכט, זיך אַראָפּגעזעצט אין רויטע פלאַמען אין קאַלטן ים אַריין.

אויף שטויביקע וועגן, איבער געל אפּגעקראָכענע בערג און פאַרבּרענטע שווארצע שטיינער, האָבן זיך געשלעפּט מחנות צום מדבר צו. דער גליענדיקער מדבר פון אַטאַקאַמאַ האָט זיי אויפגענומען מיט אָפענע אָרעמס.

א גאַנצן טאָג האָט די זון געברענט מיט גליענדיקן ליכט. אָנגעגליט די שטיינער אונטער די פיס און פאַר די פיבערישע אויגן פון די מחנות האָבן זיך געוויזן מיראַזשן אין דער ווייטער בלויער לופט, אַאַזיסן מיט פרישע קוואַלן זיסן וואַסער; ביימער מיט צייטיקע פרוכטן אויף זיי, גרינע לאָנקעס מיט שאָף...

צווישן א גרופּע וואַנדערער אין מדבר איז געגאַנגען איינער, וואָס האָט זיך אויסגעטיילט פון די אַנדערע מיט זיינע גרויסע פיבערדיקע אומרואיקע אויגן. ער איז געגאַנגען אָפּגעריסן, א פאַרוואַקסן בערדל האָט זיך צוזאַמען מיט שטויב געלייגט אויף זיין פּנים. אויפן פּלייצע האָט ער גלייך מיט אַלע פון דער גרופּע געטראָגן א טאָרבע. דאָס איז געווען זיאַמע, „על רופא", ווי די אַרבעטער רופן אים.

.1936

# אין צוויי צימערן

א שווערע שטילקייט הערשט ביי שלאָסבערגן אין שטוב. קוים וואָס עס הערט זיך דאָס הייזעריק קלאַפּן פון וועק־זייגער. דאָס צימער איז איינגעהילט אין אַ ראָזעווע טונקלקייט, וואָס קומט פון אַן עלעקטריש לעמפּל, אַרומגעוויקלט מיט אַ ראָזעווע שטיקל זייד.

די אייל־בילדער, אין דיקע באַגילדטע ראַמען, וואָס הענגען אין דער הויך אויף די ווענט, זענען פאַרהילט אין שאָטן. די גרויסע שאַפע מיט דריי שמאָלע שפּיגלען שטייט אין הינטער־וואַנט ווי אָנגעכמורעט, אין אַ טונקעלן ראָזעווען נעפּל פאַרהילט. אויפן טיש, מיט אַ ברוין טישטוך איי־בערגעדעקט, ליגט אַ ווייס קעצל און וואַשט זיך די לאַפּקעס. ווײַלנווייז פאַרקוקט זי זיך צום בעט אין ווינקל און גיט אַ בליץ מיט אירע גרינע, ווי פאָספאָר, אויגן. די גאַרדינען פון פענצטער זענען אַראָפּגעלאָזט. דורך דעם ווייסן, שיטערן טיול גלאַנצן די שוואַרצן שויבן.

אין ווינקל פון צימער שטייט שלאָסבערגס בעט, ווו שלאָסבערג ליגט אונטער דער קאָלדרע. פון זיין אויסגעדאַרט, פאַרטרוקנט פּנים גלאַנצן אַרויס צוויי גרויסע שוואַרצע אויגן, וועלכע ברענען ווי אין פיבער. עס דוכט זיך, אַז די שטילקייט אין צימער און אַרום צימער, אַז די שוואַרץ־גלאַנ־ציקע שויבן, וואָס לייכטן זיך דורך די גאַרדינען און דערציילן פון אַ שוואַרץ־שטילער נאַכט, אַז דאָס וואַשן זיך פונעם קעצל און איר פאָספאָר־בליק, האָבן אַ שייכות מיט שלאָסבערגס גרויסע, שוואַרצע אויגן, וואָס הויכן מיט שטילקייט און אינערלעכן פאַרבאָרגענעם טרויער. דאָס שיטער שוואַרץ בערדל זיינס איז ווי צוגעקלעפּט צום פּנים און גיט אים צו אַן אויסדרוק פון אַ מאַרטירער. ער מאַכט מיט די ליפּן, ווי ער וואָלט עפּעס געקייעט און בלאָנדזשעט אום מיטן בליק איבער די אַנטקעגנדיקע ווענט.

ער הייבט אויף די האַנט פון אונטער דער קאָלדרע און ווישט זיך דעם שטערן, דאַן שטעלט ער אָן די אויגן צו דער פאַרמאַכטער טיר פון צווייטן צימער און רופט מיט אַ הייזעריק קול:

— דינה!... דינה!... קום נאָר אַריין.

קיינער ענטפערט נישט. דאָס קעצל הייבט אויף דאָס קעפּל און קוקט אָנגעשטרענגט אויף שלאָסבערגן מיט אירע גרינע פאָספאָר־אויגן, דאַן נעמט זי זיך וואַשן אירע לאַפּקעס.

שלאָסבערג טוט אַ הוסט, וואָס הילכט־אָפּ מיט אַ דומפּיקן כריפּ, נעמט פון נאַכט־קעסטל אַ פּיל און שלינגט־אַראָפּ.

— דינה!... דינה!... — רופט ער נאָכאַמאָל און קוקט מיט בייזקייט צום טיר פון צווייטן צימער.

פון יענעם צימער הערט זיך אַ שנעלער, שטילער געשפּרעך, אַ סקריפּ פון אַ בענקל און אַ דריבנע קלאַפּן פון אָפּזאַצן אָן דיל.

די טיר פון יענעם צימער האָט זיך ראַש געעפנט און אַ שטראָם פון העלע עלעקטרישע ליכט האָט אַ לייכט געטאָן אין שלאָסבערגס צימער. דינה, אַ באַוועגלעכע, אַ שלאַנקע, אין אַ ווייס קורצן פאַרטוכל מיט טיול באַנייט, איז אַריינגעקומען, זיך אָפּגעשטעלט ביי זיין בעט מיט אַ פראַגע אין אירע טונקל־בלויע אויגן.

— דינה — האָט זיך שלאָסבערג ווי פאַרהיקעט — ווער איז איצט פאַראַן ביי דיר אין צימער?

— אַ שכנה...

— ס'איז נישט אמת... דו נאַרסט מיך, דינה...

שלאָסבערג האָט זיך פאַרהוסט און זיך אָנגעכאַפּט ביים ברוסט מיטביידע הענט.

— איך נאַר דיך נישט... איך ווייס נישט, וואָס דו ווילסט פון מיר — האָט זיך דינה אָנגעברוגזט.

— דו ווייסט יאָ, דו ווייסט... — האָט שלאָסבערג דעם אָטעם נישט געקענט כאַפּן און זיך ווידער פאַרהוסט.

— איך ווייס נישט, און דו ווייסט אַליין! — האָט שוין דינה אומגעדולדיק אַ זאָג געטאָן און זיך געלאָזט גיין צוריק אין איר צימער.

— שטיי! — האָט שלאָסבערג אַ געשריי געטאָן און אַ ברען געטאָן אויף איר מיט זיינע אויגן.

דינה איז שטיין געבליבן אַ מטושטשע. זי האָט געקוקט אויף שלאָס־

בערגן, אויף איר מאַן, ווי אויף אַ פרעמדן, אויף וועמען זי האָט רחמנות. דאַן האָט זי זיך אַוועקגעזעצט נעבן אים און אים גענומען באַרואיקן. שלאָסבערג האָט זי אָנגענומען פאַר דער האַנט, נאָר זי האָט די האַנט אַוועקגענומען.

אַ בליצל האָט אויפגעפינקלט אין שלאָסבערגס אויגן און ער האָט האַסטיק אַראָפּגעוואָרפן פון זיך די קאָלדרע.

— פיר מיך אין דיין צימער — האָט ער געזאָגט מיט אַ הייזעריק קול — איך וויל זען...

— וואָס ווילסטו זען? — האָט דינה אים פון דער זייט אָנגעקוקט.

— איך וויל זען דיין צימער...

שלאָסבערג האָט זיך שווער אויפגעזעצט אויפן בעט און זיך געסטאַרעט נישט צוריקצופאַלן.

— ביסט דאָך קראַנק. זע ווי דו פאַלסט — האָט אים דינה אָפּגערעדט.

— כע, כע... — האָט זיך שלאָסבערג אָנגעשטרענגט צו שמייכלען און קוים געעפנט זיינע פאַרטרוקנטע איינגעצויגענע ליפּן.

דינה האָט זיך אויפגעהויבן פון שטול און איז שטיין געבליבן אין אַן אַרויסרופנדיקער פּאָזע:

— ווילסט זען? קום!

זי האָט אים געהאָלפן אַראָפּקריכן פון בעט. שלאָסבערג האָט זיך קוים געהאַלטן אויף די פיס; ער האָט אויסגעזען ווי אַ סקעלעט, וואָס נאָר אַדאַנק דער הויט, וואָס האָט אָנגעצויגן זיין קערפּער, צעפאַלן זיך נישט די אויסגעטרוקנטע ביינער. דער קאָפּ, פאַרשוויצט און מיט צוגעקלעפּטע נאַסלעכע האָר, האָט זיך קוים געהאַלטן אַדאַנק דער אָנשטרענגונג פון זיינע בלויע אָנגעצויגענע אָדערן פון האַלדז.

דינה האָט אים געפירט אונטערן אָרעם און זיך געסטאַרעט וואָס ווייטער צו האַלטן דעם קאָפּ פון אים. זיין הייסער אָטעם איז איר געווען שרעקלעך דערווידער, און זי האָט זיך געמוזט אָנשטרענגען, ביז זי האָט אים אַריינגעפירט אין איר צימער.

אַ העל בלענדנדיק ליכט האָט אַ שיין געטאָן שלאָסבערגן אין די אויגן. ביי דינהן אין צימער האָט אַלעס געהאַט אַ פרייל עכן אויסזען; אַ בלענדנדיקע זויבערקייט האָט געבלאַנקט אין אַלע ווינקעלעך. אין מיטן צימער איז געשטאַנען אַ קיילעכדיק לאַקירט טיש מיט אַן אויסגעהאַפטן העל־בלויען

טישטוך איבערגעדעקט. דאָס בעט מיט אַ הימל־בלויער געהעפטער דעקע, מיט זיידענע ראָזעווע שלייפלעך און אויסגענייטע טיולענע דעקלעך; די ווייכע סאָפקע פון טונקעלן בלויען פליוש, מיט דיקע פרענדז ביי די עקן, די העלע שפּאַליר מיט מאַטע זילבערנע קווייטן, די בילדער אין ווייסע ראַמען — דאָס אַלעס האָט געאָטעמט מיט פרישקייט, מיט יוגנט.

שלאָסבערג האָט זיך אַוועקגעזעצט אויף אַ בענקל און געקוקט אויף דעם דאַזיקן צימער מיט פּאַרדרוס, מיט אַ טיפער האַרץ־קלעמעניש. ער האָט געקוקט אויף דער סאָפקע, וווּ דינה, זיין ווייב, האָט ליב געהאַט זיך אויסציען אין אַ צופרידענער מידקייט, פלעגט צומאַכן די אויגן און אַ באַהאַלטענער שמייכל, וואָס האָט זיך קוים דורכגעשפּאַרט ביי די ווינקלען פון קליינעם מיילכל, האָט געשפּילט אויף איר פּנים. און ער, שלאָסבערג, פלעגט זיצן נעבן איר און נישט אַראָפּנעמען די אויגן פון איר ליכטיק שיינענדיק געזיכט.

עס האָט אים אַ שטאָך געטאָן אין מוח ווי מיט אַ נאָדל און ער האָט צוגעמאַכט די אויגן. ער האָט זיך פּלוצים שטאַרק פאַרהוסט און זיך צו־געהאַלטן מיט די הענט אָן טיש.

— דינה... — האָט ער אַ כריפּ געטאָן.

— וואָס ווילסטו? — האָט דינה אַ קאַלטן קוק געטאָן אויף אים.

— ווער איז דאָ געווען ביי דיר?...

— כ'האָב דיר שוין געזאָגט, אַז די שכנה...

— דו זאָגסט ליגן! — האָט שלאָסבערג איר אַ קוק געטאָן גלייך אין די אויגן אַריין און איר אָפּגעבריט דאָס פּנים.

דינה איז רויט געוואָרן.

עס האָט אים פּלוצים אָנגעהויבן שווינדלען פאַר די אויגן. דאָס האַרץ האָט זיך ביי אים אָפּגעשטעלט; ער האָט זיך אַ וואָרף געטאָן אויף הינטער, אויפן ווענטל פון שטול.

דינה האָט אים לאַנגזאַם צוגעפירט צו זיין בעט, אין זיין צימער, און אים איינגעדעקט. ער האָט זיך געטרייסלט ווי אין קעלט און געקוקט צו דינהן מיט אַ דערשלאָגענעם הילפלאָזן בליק.

:: :: ::

נאָך פון יענעם טאָג אָן, ווען שלאָסבערג איז געקומען פון דאָקטאָר אַ בלייכער, אַ צערודערטער און געזאָגט, אַז ער האָט שווינדזוכט, האָט זיך דינה ווי אָפּגערוקט פון אים.

איר בליק האָט פאַרלוירן דאָס ליבלעכקייט; דער טאָן פון איר רעדן האָט זיך געענדערט, און נאָך מער האָט זי זיך געענדערט, ווען זיי האָבן זיך געמוזט ארויסציען הינטערן שטאָט, אינעם דאָזיקן ווינקל פון צוויי צימערן. זי איז געוואָרן קאַלט צו אים, האָט געטאָן יעדע זאַך אָן חשק, שעהן לאַנג אָפּגעזעסן איינגעקאָרטשעט אויף דער סאָפּקע אַ שווייגנדיקע.

שלאָסבערג האָט פון אָנפאַנג זיך כמעט ווי אויסגעלאַכט פון זיין קרענק: ער האָט געגלויבט אין זיין פעסט־געבויטן אָרגאַניזם און אין זיין געלט, וואָס ער האָט אין באַנק געהאַט. ער האָט אָנגעהויבן טרינקען מילך און זיך צערטלען. אין די לאַנגע אָוונטן האָט ער נאָר געוואָלט, דינה זאָל אָנשפּאַרן איר שיין קעפּל אויף זיינע קני און ער זאָל אירע שוואַרצע צעלאָזטע האָר גלעטן... זיינע אויגן האָבן באַקומען אַ מאָדנעם גלאַנץ. ווי אַ שוואַרץ פייערל וואָלט אין זיי געברענט.

זיין קראַנקהייט האָט זיך שנעל פאַרערגערט און אויף דער עצה פון דאָקטאָר האָט דינה איר בעט איבערגעפירט אין צווייטן צימער. דער רויש פון די רעדלעך פון בעט, ווען דינה האָט עס אַרויסגעפירט אין איר צימער, האָט יאָמערלעך אָפּגעקלונגען אין שלאָסבערגס נשמה; אַן אינערלעכע שטים האָט געקלאָגט אין אים. עס איז אים געוואָרן אומהיימלעך און קאַלט. גלייך עמיצער וואָלט אים אין אַ קערקער פאַרשלאָסן און פאַר זיינע אויגן די שליסלען ערגעץ פאַרוואָרפן. אַ לאַנגע צייט נאָכדעם האָט ער נישט געקענט שלאָפן; עס פלעגן אים באַפאַלן קאָשמאַרן און אַ האַלב דערשטיקטער פלעגט ער זי רופן פון שלאָף. עס האָט זיך אים געדאַכט, אַז דינה פאַרשטיקט אין זיך אַ געלעכטער, דאָרט אין איר בעט... אַז זי נעמט נקמה אָן אים, כאָטש ער האָט אַליין נישט געוווסט פאַרוואָס. זיינע אויגן האָבן אָנגעהויבן ברענען; און איז זי צוגעגאַנגען צו אים, נאָענט צום בעט, האָט ער זי אַרומגעכאַפּט מיט זיינע בייניקע קאַלטע הענט און געפּרעסט צו זיך איר וואַרעם צאַרט לייב; האָט דינה דערפילט דעם גערוך פון זיין מויל, וואָס האָט געשלאָגן מיט צעפוילטס און עפּעס אומדערטרעגלעכס, זוערס, האָט זי אים אָפּגעוואָרפן פון זיך און זיך פאַרשלאָסן אין איר צימער.

פון טאָג צו טאָג איז ער איר געוואָרן מער דערווידער; זי האָט שוין נישט דערקענט אין אים איר מאַן, זי האָט געזען פאַר זיך אַ פרעמדן מענטשן, אַ שווינדזיכטיקן, וועלכער האָט זי אומדערטרעגלעך באַלעסטיקט.

זיי האָבן אָנגעהויבן לעבן צוויי פאַרשידענע לעבנס, יעדער אין זיין צימער. אין די לאַנגע האַרבסט־אָוונטן איז דינה געלעגן אויף דער סאָפּקע

און זיך פֿאַרטראָגן אין בלויע וועלטן. אין וועלטן פֿון גרינס און בלומען; זי האָט נאָר געזען פֿאַר זיך אַ פֿרילינג און עמיצער שפּאַצירט מיט איר איבער גרינע פֿעלדער, העלפֿט איר אַריבערשפּרינגען קרישטאָל־קלאָרע קוועלכלעך און שטיפֿט מיט איר, ווי מיט אַ קינד. זי פֿלעגט זיך צוהערן צום ווייטן פֿייפֿן פֿונעם ווינט און עפּעס דערוואַרט, גלייך ווי עמיצער דאַרף קומען און זי אַוועקנעמען ערגעץ אין אַ ליכטיקע וועלט.

שלאָסבערג האָט שוין פֿון בעט נישט געקענט אַראָפּגיין. און קלערנדיק טאָג איין טאָג אויס פֿון זיין לעבן און פֿון זיין טויט, האָט ער ענדלעך אינגאַנצן פֿאַרלוירן דעם פֿאָדעם פֿון דער קעגנוואַרט. אָפֿטמאָל פֿאַרנאַכט, ווען אַ ברעג פֿון דער רויטער זון האָט נאָך אַריינגעקוקט אין זיין פֿענצטער, האָט זיך אים געגלוסט צומאַכן די אויגן און פֿאַרגעסן זיך, דאַן פֿלעגט זיך אים דוכטן, אַז ער וויגט זיך אויף אַ שיפֿל און שווימט מיטן שטראָם. ער ליגט אינגאַנצן אויסגעצויגן אין שיפֿל און קוקט אין דער הויך צו די טונקעלע הימלען. די זון איז שוין לאַנג פֿאַרגאַנגען און דאָס וואַסער פֿליסטערט אַרום זיין שיפֿל און סודעט... און וואָס ער שווימט מער, אַלץ טונקעלער ווערט. אַרום הערט זיך נישט קיין קלאַנג, קיין שאָרך, נאָר דאָרט אין ווייט דוכט זיך אים ווי ער וואָלט געהערט אַ שטילע מוזיק, וואָס רופֿט און צויבערט און ער שווימט צו יענעם פּלאַץ... עס ווערט פֿינצטערער און פֿינצטערער, ביז ער שווימט אַריין אין דער נאַכט...

אין יענע רגעים פֿלעגט זיך שלאָסבערג פֿאַרגעסן אָן אַלעם, אָן דינהן, אָן דער גאַנצער וועלט. אַן אינערלעכע פֿרייד פֿלעגט אים באַפֿאַלן — אַזוי האָט ער זיך פֿאָרגעשטעלט וועט זיין זיין טויט. ער וועט שטיל אַריינשווימען אין יענע אומבאַוווסטע פֿינצטערע פּלעצער. האָט ער אָבער נאָר אַ קוק געטאָן אויף דער טיר פֿון דינהס צימער, האָבן זיך זיינע אויגן אָנגעצונדן און ער האָט מיט אַ כיוון אַ בייזן הוסט געטאָן, ווי ער וואָלט דערמיט איר געוואָלט געבן צוּוויסן, אַז ער לעבט נאָך.

עס האָט זיך געצויגן אַ לאַנגער און פֿינצטערער האַרבסט, מיט גרויע רעגנדיקע טעג און שוואַרצע וויינענדיקע נעכט. שלאָסבערג האָט פֿון בעט נישט געקענט אַראָפּקריכן, און דינה האָט אים געמוזט יעדע זאַך צוטראָגן צום בעט. ער האָט ווייניק גערעדט און אַלעם אָנגעדייט מיטן בליק פֿון זיינע ברענענדיקע אויגן. אָפֿטמאָל פֿלעגט ער זיך פֿאַרהוסטן אַזוי, אַז ער פֿלעגט בלייבן ליגן אַ האַלב טויטער מיט אויסגעגלאָצטע שטאַרע אויגן; און איינמאָל שפּעט אין אָוונט האָט ער זיך אַ כאַפּ געטאָן ביים האַרצן

און איז געבליבן ווי פאַרגליווערט. דינה האָט אים געגעבן שמעק־טראָפּנס, האָט אים געמונטערט, ער האָט זיך אָבער נישט באַוועגט, פון זיינע אויגן־לעכער האָבן אַרויסגעקוקט צוויי פאַרשטאַרטע ווייסלען. אַ שרעק איז איר באַפאַלן, ווען זי האָט אַ קוק געטאָן אויף אים. זי איז געלאָפן אין דרויסן צו שכנים נאָך הילף. עס האָט געגאָסן אַ רעגן; דער רויש פונעם רעגן האָט פאַרהילכט איר געשריי. פון די אַנטקעגנדיקע הייזער האָט זיך קיינער נישט אָפּגערופן. אַ פאַרצווייפלטע איז זי געשטאַנען אונטערן רעגן און געשריען נישט מיט איר קול. אַ דורכגייער אין אַ רעגנמאַנטל, מיטן קאַפּושאָן טיף אַראָפּגעלאָזט, האָט זיך אָפּגעשטעלט. דינה האָט אים אָנ־געכאַפּט ביים אַרבל און געזאָגט אין שטוב אַריין: — „מיין מאַן, מיין מאַן שטאַרבט!" דער דורכגייער האָט לאַנג נישט איבערגעפרעגט און איז שנעל מיט איר אַריין אין שטוב, האָט אַראָפּגעוואָרפן זיין רעגנמאַנטל און זיך גענומען צום קראַנקן.

ער האָט אויסגעזען אַ מענטש פון אַ יאָר אַכט־און־צוואַנציק. מיט גע־שוירענע וואָנצעס און רונדע שוואַרצע ברעמען. אַ וווקסיקער, אַ באַוועגלע־כער אין אַ געפּאַסטן העל־געלבן אַנצוג, האָט ער דערמאָנט אָן אַ ספּאָרטס־מאַן. ער האָט אים איינגעריבן די ברוסט און געלייגט הייסע פלעשער וואַ־סער צו די פיס. נאָך לאַנגער מי האָט שלאָסבערג געעפנט די אויגן און געשמייכלט הכנעהדיק צום אומבאַקאַנטן. דערנאָך האָט ער זיך פאַרקלערט און אים האָט זיך געדוכט, אַז ער האָט דעם דאָזיקן מענטשן ערגעץ געזען.

— אַ דאָקטאָר? — האָט שלאָסבערג אָנגעוויזן דינהן אויפן אומבאַ־קאַנטן.

— איך ווייס אויך נישט. איך האָב זיי אַריינגערופן פון גאַס...

דער אומבאַקאַנטער האָט דערלאַנגט דינהן זיין וויזיט־קאַרטל, וווּ זי האָט איבערגעלייענט דעם נאָמען „אָסקאַר".

זי האָט געהאַלטן דאָס קאַרטל און געקוקט אויף די באַגילדטע קאַנטן, וואָס זענען געווען פאַרבויגן און געמאַכט דעם איינדרוק ווי דאָס קאַרטל וואָלט געווען צונויפגעלייגט. זי האָט נישט געוווּסט, וואָס צו טאָן מיט דעם, צי אָפּגעבן עס צוריק דעם יונגנמאַן, צי האַלטן עס. ענדלעך האָט זי עס אַוועקגעלייגט אויפן טיש נעבן וועק־זייגער.

זי איז געווען בלייך און מיד און האָט נישט געוווּסט ווו זיך אהינ־צוטאָן. אַ שווערער שלאָף האָט זי געמאַטערט. זי האָט זיך אַוועקגעזעצט נעבן בעט און האָט זיך געסטאַרעט וואַך זיין. עס האָט אָבער נישט גע־

דויערט קיין איין רגע, האָט זי שוין געהאַלטן פאַרמאַכט די אויגן, האָט זיך מיט א ציטער באַלד אויפגעכאַפּט און געקוקט איבעראַשט אויפן אומבאַקאַנטן, ווי ער שפּאַנט אַרום א רואיקער הין און צוריק, מיט די הענט אין די קעשענעס.

דינה איז א מידע און דערשלאָגענע איינגעשלאָפן אויף דער סאָפקע אין איר צימער. אָסקאַר, דער אומבאַקאַנטער יונגערמאַן, איז נאָך נישט אַוועקגעגאַנגען; ער איז געזעסן אויפן בעט און געקוקט אויף שלאָסבערגן. שלאָסבערג האָט געפינטלט מיט די אויגן און ווי מורא געהאַט צו קוקן אויפן פרעמדן. אים האָט זיך אַלץ געפּלאָנטערט אין קאָפּ, אַז ער האָט אים ערגעץ געזען. און עס האָט אים דערמאָנט אָן אומאַנגענעמלעכעס, אָן פאַרדרוס. מיט אַמאָל איז אים איינגעפאַלן, אַז ער האָט דעם דאָזיקן מענ־טשן געזען מיט פינף יאָר צוריק ביי אים אויף זיין חתונה, ווען ער איז געשטאַנען מיט דינהן אונטער דער חופּה. וואָס האָט דער מענטש דאָרטן געטאָן? דאָס ווייס ער נישט, ער געדענקט אָט די ברוינע אויגן פונעם אומבאַקאַנטן, ווי זיי האָבן געקוקט אויף אים אָנגעשטרענגט און נישט פאַרגינעריש. נאָר דאַן, דוכט זיך אים, איז דער דאָזיקער מענטש נישט געגאַנגען אַזוי געקליידט ווי איצט; ער האָט געטראָגן אַן ענגלישן רייט־קאָסטיום און געלע „פּאַלאַינעס"; ווי־זשע קומט עס — האָט זיך שלאָס־בערג געפרעגט — ער זאָל קומען אויף א חתונה אין אַזאַ קאָסטיום? ער האָט די פראַגע אַרויסגערעדט הויך, מיט א הייזעריק פאַרשלאָפן קול, אַזוי אַז אָסקאַר האָט אויפגעהויבן אויף אים די אויגן און א שמייכל געטאָן. שלאָסבערג האָט זיך פאַרשעמט, האָט פאַרמאַכט די אויגן און אָנגעהויבן שווער אָטעמען, כדי דער פרעמדער זאָל מיינען, אַז ער שלאָפט.

ער איז ווירקלעך באַלד איינגעשלאָפן. אָסקאַר האָט זיך אַרומגעקוקט, האָט זיך אויפגעהויבן פון בעט און מיט שטילע טריט געגאַנגען צו דינהס צימער, ער איז שטיין געבליבן אין טיר אומאַנטשלאָסן, האָט לאַנגזאַם אויפגעמאַכט די טיר און איז אַריינגעגאַנגען.

אויפן טישל האָט געברענט א קעראָסין־לעמפּל האַלב אַראָפּגעדרייט. דינה איז געשלאָפן אויפן סאָפקע אין די קליידער, א האַנט אונטערן באַק, די האָר צעוואָרפן איבערן פּנים. אָסקאַר האָט גענומען באַטראַכטן דאָס צימער, האָט זיך איינגעקוקט אויף דער בראָנזענער סטאַטועטקע, וואָס איז געשטאַנען אויף א שוואַרצן געשטעל אין ווינקל, האָט לאַנג געקוקט אויף דעם בעט, איז צוגעגאַנגען צום פענצטער, געקוקט אין דרויסן אַרויס,

ווו דער רעגן האָט נאָך אַלץ געגאָסן ווי מיט עמערס; ענדלעך איז ער שטיין געבליבן אַנטקעגן דינהן און זי לאַנג אָנגעקוקט, זיינע ברוינע אויגן האָבן זיך איינגעגעסן אין איר בלייך כמעט קינדיש פּנים; דערנאָך האָט ער זיך אַוועקגעזעצט אויף אַ שטול ביים טיש, פאַרוואָרפן דעם קאָפּ אויפן ווענטל און לאַנגזאַם געלאָזט דעם רויך פון ציגאַר.

אַ לאַנגע ווײַלע איז ער אַזוי געזעסן, דערנאָך האָט ער גענומען דעם אַלבום פון טיש און געבלעטערט. ער האָט זיך אָפּגעשטעלט אויף דינהס מיט שלאָסבערגס קאַרטע פון באַלד נאָך דער חתונה. זי אין אַ ווייסן שלייער מיט אַ ראָזן שלייף און אַ בלום אויפן ברוסט און ער, שלאָסבערג, אין אַ שוואַרצן פראַק און אַ ווייסע רויז אין לאַץ. אירע אויגן האָבן גע־רעדט פון בילד אַראָפּ, ווי זיי וואָלטן דערציילט פון גליק, פון פרייד, און שלאָסבערג איז געשטאַנען שטרענג, ווי איינער וואָס שטאָלצירט שוין נישט מיט זיין זיג, ווייל ער ווייס, אַז ער איז באַרופן צו דעם, ער איז באַרופן צו זיגן... ער האַלט זי אונטערן אָרעם און עס דוכט זיך, ווי זי שטייט נישט אויף דער ערד, נאָר שוועבט אין אַ ראָזעווער וועלט פון גליק און בלומען...

אָסקאַר האָט פאַרמאַכט דעם אַלבום און זיך איינגעקוקט אין דינהן, ווי ער וואָלט זי וועלן פאַרגלייכן צו דער קאַרטע. דינה האָט זיך אויפגע־כאַפּט און איבערראַשט זיך אויפגעהויבן פון סאָפע. אָסקאַר האָט זיך אויפ־געהויבן פון שטול און זיך פאַרנייגט מיט אַ סאַלאָנען־העפלעכקייט.

— איר זענט נאָך דאָ? — האָט זיך דינה נישט געוווסט קיין אָרט צו געפינען און זיך גענומען צורעכט מאַכן די האָר.

— אייך צו דינען — האָט זיך אָסקאַר ווידער פאַרנייגט.

— איך דאַנק אייך פאַר אייער מיען זיך! — האָט דינה צעשטרייט געענטפערט. — איך האָב זיך ווירקלעך געפונען אַזוי איבערראַשט, ווען מיין מאַן האָט באַקומען די אַטאַקע, אַז איך האָב זיך אינגאַנצן פאַרלוירן. און ווען נישט איר, ווער ווייסט, צי מיין מאַן וואָלט נאָך געבליבן לעבן...

זי האָט אָפּגעקערט דאָס פּנים און באַהאַלטן דעם אויסדרוק פון איר געזיכט.

אָסקאַר איז געשטאַנען אַ העפלעכער און אַ פרעמדער. ער האָט גע־קוקט אויף דינהן מיט אַזאַ אויסדרוק, ווי איינער וואָס וואַרט, ער זאָל אויף דעם צווייטנס אַ ווונק העפלעך און איינגעהאַלטן באַדינען.

— איך בין דאָ אַזוי עלנט — האָט דינה גערעדט מיט וואַרעמקייט

— קיינער באַזוכט אונדז נישט, אַלע האָבן אונדז פאַרלאָזן, און אַזוי זיץ

איך אָפּ טעג און נעכט אַליין. דער מאַן מיינער, ווי איר זעט, איז זייער קראַנק און איך בין שוין אַזוי מיד...

— דאָס איז נאַטירלעך — האָט אָסקאַר באַמערקט — ווען מען האָט אין שטוב אַ חולה, וועמענס טויט איז אַ לאַנגזאַמער און אומפאַרמייד־לעכער.

— אה!... — האָט דינה אָפּגעזיפצט.

זי האָט אָנגעצונדן דעם עלעקטרישן לאָמפּ און געבעטן אָסקאַרן זיצן. ער איז אָבער געשטאַנען ווי פריער, מיט דער האַנט אויפן ווענטל פון שטול אָנגעשפאַרט. מיטאַמאָל איז ער צוגעגאַנגען צו דינהן און אָנגענומען אירע ביידע הענט:

— איר זענט נאָך יונג און פריש, צו־וואָס זאָלט איר ליידן?

עס האָט זיך געפילט אַ וואַרעמער און מיטפילנדיקער טאָן אין זיין שמיס, עפּעס, וואָס האָט אים מיט אַמאָל נאָענט און אינטים געמאַכט מיט דינהן.

דינה האָט אים אָנגעקוקט איבערראַשט, האָט אים אָפּגעשטויסן פון זיך און אַליין געזוכט זיך אָפּצורוקן צום ווינקל.

— גייט, איך בעט אייך... קומט אַן אַנדערש מאָל.

אָסקאַר האָט זי אָנגעקוקט אַ שווייגנדיקער, האָט לאַנגזאַם אָנגעטאָן זיין רעגנמאַנטל, טיף אַראָפּגערוקט דעם קאַפּושאָן איבער דעם יהוט און איז אַרויסגעגאַנגען, זאָגנדיק אַ קאַלטן „גוט־נאַכט!"

:: :: ::

סוף הארבסט. די טעג זענען משושטשע און די פאַרנאַכטן — בלייך־ראָזעווע און קרענקלעכע, ווי אַ חולה, וואָס איז אָקאָרשט פון אַ קראַנק־הייט אויפגעשטאַנען.

אין די פרימאָרגנס האָט די זון אָנגעפולט שלאָסבערגס צימער מיט ליכט און אוצאָרן, וואָס די גאַרדינען האָבן אָפּגעשלאָגן. די אוצאָרן האָבן זיך געלייגט אויף די ריינגעוואַשענע דילן, אויף שלאָסבערגס בעט און אָפּטמאָל אויף זיין איינגעטריקנט, געל פּנים. קוקנדיק צום פענצטער און זעענדיק פאַר זיך אַ שטיקל בלויען הימל איבערן דעכל פון שכנהשן הויף און די דיקע צווייגן פונעם אָמבו, וואָס האָבן זיך געשאָקלט פאַרן פענצ־טער, פלעגט שלאָסבערג זיך דערמאָנען אָן די זונטיקן, ווען ער פלעגט נישט

גיין אין געשעפט אַריין און אויפן האַרצן איז געווען אַזוי אויפגעלייגט, אַזוי יום־טובדיק. מיט אַראָפּגעלאָזטע שלייקעס אין איין אויבערהעמד פלעגט ער אַרומשפּאַנען איבער די צימערן, כאַפּן אַ קוק אַריין אין קיך, וואָס פאַראַ מאכלים דינה מאַכט צו מיטאָג, און אָפּטמאָל זיך פאַרגינען, ביי דער געלעגנהייט, זי אויף די הענט אַרויסטראָגן אין צווייטן צימער... האָט אָנגעהויבן ווערן טונקעלער און די אויזאָרן זענען פאַרשוואונדן, האָט שלאָסבערגס פּנים באַקומען אַ בייזן אויסזען. דאַן פלעגט ער זיך הייסן דערלאַנגען פּאַפּיר מיט טינט און ליגנדיק שרייבן בריוו צו זיינע פריינט אין נאָרד אַמעריקע. ער האָט אָבער קיין איין בריוו נישט אַוועקגעשיקט. ער האָט אָנגעשריבן אַ בריוו צו זיינער אַ מומע, ווו ער האָט איר אָנגעזאָגט, אירע קינדער זאָלן זאָגן קדיש נאָך אים, האָט פאַרקלעפּט דעם בריוו, אָנגעשריבן דעם אַדרעס און אַרונטערגעלייגט אונטערן קישן. אַזוי האָט ער געהאַט פילע בריוו, וואָס ער פלעגט דערנאָך עפענען און פאַר זיך אַליין לייענען.

צוויי מאָל אין וואָך פּינקטלעך פלעגט קומען דער דאָקטאָר, און יעדעם מאָל האָט ער אים געטאַפּט דעם דופק, געמאָסטן די היץ, האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ, באַטראַכט דאָס צימער און געזאָגט:

— לופט! איר מוזט האָבן אַ סך לופט!

שלאָסבערג פלעגט קוקן מיט אַ שפּאָטישן שמייכעלע אויפן דאָקטאָר, ווי איינער זאָגט: „אַ נו, ווייז אַ קונץ און הייל מיך אויס... קענסט נישט!"...

ער פלעגט זיך דאַן פילן אין גוטן הומאָר, ווי איינער וואָס האָט זיך שוין איינגעלעבט מיט זיין שיקזאַל און איז געוואָרן היימיש מיט זיין קראַנקהייט. אין די אָוונטן איז שלאָסבערג געווען גאָר אַן אַנדערער, עס איז נישט אַוועקגעגאַנגען קיין האַלבע שעה, ער זאָל נישט האָבן גערופן דינהן אַ פּאָר מאָל; דאָ איז אים אַראָפּגעפאַלן די קאָלדרע פון די פיס און דאָ, דוכט זיך אים, אַז אין פּלייצע בלאָזט אים אַ קעלט. דינה פלעגט יעדעס מאָל אַרויסקומען פון איר צימער און געזען די טיר פעסט צו פאַרמאַכן, האָט אָפּגעטאָן איר אַרבעט און איז צוריק אַוועק אַ שווייגנדיקע און אָפּטמאָל — אַ צעשויבערטע, ווי זי וואָלט געווען אין עפּעס שטאַרק פאַרטאָן און דעריבער איילט זי זיך.

דאָרטן, ביי איר אין צימער, איז אָוונט נאָך אָוונט געזעסן אָסקאַר. שלאָסבערג האָט אים נישט געזען, ער האָט אים אָבער געפילט מיט זיין גשמה. אָפּטמאָל, ווען דינה האָט געעפנט די טיר פון איר צימער, האָט

שלאָסבערג באַמערקט אַ לאַנגן שאָטן אויף דער וואַנט זיך באַוועגן און פאַרשווינדן, דאַן פלעגט זיך אים עפּעס אָנצינדן אין מוח און ער פלעגט שרייען:

— טרייב אַרויס דעם פּאַרפירער!

— וואָסער פאַרפירער? וואָס רעדסטו זיך איין? — פלעגט זיך דינה בייזערן.

שלאָסבערג פלעגט זי אָפּבּרענגען מיט זיין בליק, זיך אומקערן מיטן פּנים צום וואַנט און זיך מאַכן שלאָפנדיק. ווען דינה איז צוריק אַוועק אין איר צימער, פלעגט ער אָנשטעלן די אויערן און זיך איינהערן אין יעדן שאָרך, אין יעדן ריר, וואָס איז געקומען פון יענער זייט וואַנט.

דאָרטן, ביי איר אין צימער, פלעגט אָסקאַר זיצן דורך די נעכט. דינה האָט זיך אים איבערגעגעבן אָן אַ ווידערשטאַנד; זי האָט ווי מורא געהאַט פאַר אים און מיט אַ ציטער, און אָפּטמאָל שרעק, זיך געוואָרפן אין זיינע אָרעמס. פיל מאָל, שפּעט ביינאַכט, ווען דינה איז מיט אָסקאַרן אין בעט געלעגן, פלעגט זי אויפציטערן און אַ לייכטן קוויטש טון: עס פלעגט זיך איר דאַכטן, אַז שלאָסבערג, איר מאַן, האָט באַרירט איר לייב מיט זיינע קאַלטע, בייניקע פינגער. פון שלאָסבערגס צימער פלעגט זיך דערהערן אַ פאַרשטיקט הייזעריק קול:

— איך שטאַרב נאָך נישט!...

עס פלעגט איר קלאַפּן אַ צאָן אָן אַ צאָן, און אַ שטיק צייט נאָך דעם פלעגט זי ליגן אַ פאַרפרוירענע אין בעט.

פאַרטאָג פלעגט אָסקאַר מיט שטילע טריט זיך אַרויסשלייכן פון צימער אָן אַ „גוטן טאָג".

דינה פלעגט נאָך לאַנג ליגן אין בעט אַ וואַכעדיקע; זי האָט געפילט, אַז זי האָט פאַרלוירן איר א י ך, אַז זי עקזיסטירט נישט, אַז עפּעס אָן אומבאַוווסטע קראַפט, וואָס אָסקאַר באַזיצט אין זיינע אויגן און אין גאַנצן אויסזען פון זיין פּנים, האָט זי באַהערשט. זי קאָן זיך נישט ווידערשטעלן, זי קאָן נישט זאָגן „ניין", ווען אָסקאַר גיט אויף איר אַ קוק מיט זיינע ברוינע אומבאַוועגלעכע אויגן, און קלערנדיק וועגן דעם, פלעגט זי זיך פּלוצים צעוויינען הויך אויפן קול; זי האָט זיך געפילט ווי אַ שפּיל־צייג אין זיינע הענט... און ווער איז ער, אָט דער אָסקאַר? זי האָט אים נישט געקענט און זי וויל אַפילו אים נישט קענען. איר דאַכט זיך, אַז

זיין פאַרגאַנגענהייט דאַרף זיין אַ שרעקלעכע, נאָר זי וויל נישט וויסן, ווער און וואָס ער איז.

אין איינעם אַן אָוונט, ווען אָסקאַר איז געקומען, האָט אים דינה אויפגענומען אַ ברוגזע. זי האָט זיך איינגעקאָרטשעט אויף דער סאָפקע און נישט געוואָלט רעדן; זי האָט געוואָלט, אַז אָסקאַר זאָל זיך בייזערן, ער זאָל איר זאָגן עפּעס שלעכטס און זי זאָל דאַן אַרויסשפּרינגען און אים אויפוואָרפן, אַז זי ווייסט נישט, ווער ער איז, אַז זי קען נישט זיין פאַר־גאַנגענהייט. אַז זי דענקט, אַז זיין פאַרגאַנגענהייט דאַרף זיין אַ שרעק־לעכע, אַז ער איז אַ דעספּאָט... זי האָט אַליין נישט געוווסט, פאַרוואָס אייגנטלעך איצט איז זי בייז אויף אים; עס האָט זי אָבער געמאַטערט אַ געדאַנק, אַז זי איז זיינע, אינגאַנצן זיינע און זי האָט געוואָלט זיך פּרווון קעגנשטעלן.

אָסקאַר האָט אומגעשפּרייזט איבערן צימער און פון צייט צו צייט געוואָרפן אַ קוק צו דינהן. ער איז מיט אַמאָל באַרעדעוודיק געוואָרן.

— ער, אָסקאַר, איז אַ מענטש, וואָס האָט אומגערייזט אַ וועלט, ער איז געווען אין עגיפּטן, אין יאַפּאַן, אין אינדיע און אין די ענגלישע קאָלאָניעס פון זיד־אַפריקע...

זיין קול האָט איר געקלונגען אַנגענעם און זי האָט געוואָרפן באַ־האַלטענע בליקן אויף אים.

אַרומגייענדיק איבערן שטוב, מיט די הענט אין די קעשענעס ווי ביי זיך אין דער היים, האָט אָסקאַר געהאַלטן אין איין רעדן.

— אין אַפגאַניסטאַן האָט זיך אין אים פאַרליבט אַ פּרינצעסין, אַ פרוי וואָס האָט געהערשט איבער אַ מעכטיקן שבט. וואָס האָט די דאָזיקע פרוי נישט אָפּגעטאָן, כדי זי זאָל געווינען זיין ליבע? זי האָט אויף אים אָנגעשטעלט מענטשן, מען זאָל אים נעמען מיט געוואַלד, עס האָט אָבער נישט געהאָלפן — ער האָט מיט איר נישט געוואָלט לעבן. פאַרוואָס?... פאַר איין קלייניקייט: ער האָט פיינט טונקל־הויטיקע פרויען.

ער, אָסקאַר, איז אַ מענטש, וואָס האָט שוין פיל דורכגעמאַכט אין לעבן; ער האָט מיט פיל פרויען געהאַט אינטימע קענטשאַפט, אָבער דאָס זענען אַלץ געווען אַזעלכע פרויען, וועלכע האָבן פאַרנומען אַ קליינעם פּלאַץ אין זיין נשמה — עס איז געווען אַ צייט־פאַרטרייב. זי, דינה אָבער, פילט אויס אַלע ווינקעלעך פון זיין איך. ער האָט נאָך ביי קיינעם נישט געפונען אַזוי פיל רייץ, אַזוי פיל שיינקייט ווי ביי איר.

דינה האָט אים אויסגעהערט און זיך נישט גערירט פון דער סאָפּקע. זי האָט געשמייכלט פאַר זיך, און ווען ער האָט געוואָלט אַריינקוקן אין איר פּנים, אָנבייגנדיק זיך צו איר, האָט זי געמאַכט אַ שטרענגע, קאַלטע מינע.

אָסקאַר האָט זיך אַוועקגעזעצט נעבן איר אויף דער סאָפּקע.

שלאָסבערג איז זיך געלעגן אין בעט און זיך איינגעהערט צום גער־ווען אומשפּאַנען אין יענעם צימער. זיין קראַנקער מוח האָט געברענט. מיט דער פּינקטלעכסטער דייטלעכקייט האָט ער זיך פאָרגעשטעלט אָס־קאַרס אומשפּאַנען. דערנאָך, ווען עס איז שטיל געוואָרן, האָט ער געפילט ווי ער גליווערט, ווי דער אָטעם שטאַרבט ביי אים אָפּ. ער האָט זיך פאָר־געשטעלט ווילד שענדלעכע בילדער: אין טונקעלן שיין פון זיין צימער האָבן זיך געוויזן פאַר זיינע אויגן דינהס און אָסקאַרס נאַקעטע קער־פּערס איינגעפלאָכטן איינס אין אַנדערן.

אַ גיפטיקער כעס האָט אויפגעברענט ביי אים אין האַרצן. ער האָט געחלומט פון נקמה, פון אַ משונהדיק ווילדער נקמה. ער שטעלט זיך פאָר, אַז ער איז אינקוויזיטאָר און הייסט זיינע מענטשן פּייניקןביידן — זי מיט יענעם אומבאַקאַנטן... און אָט טוט מען זיי אויס נאַקעט, מען בינדט זיי די הענט אַהינטער און מיט לאַנגע דינע בייטשן שמייסט מען זיי... עס רינט דאָס בלוט פון זייערע לייבער; און אָט שמייסט מען זי, דינהן, איבער די בריסטן... זי שרייט שרעקלעך און ער, שלאָסבערג, קוקט מיט אַ קאַלטן שמייכל אויף איר: „וועסט זיין אומטריי?! וועסט זינדיקן?!" שרייט ער איר אין אויער אַריין. די בייטשן פייפן איבער זייערע קער־פּערס און לאָזן איבער בלוטיקע שטרייפן...

און אָט שטעלט ער זיך פאָר, ווי ער גייט פּלוצים אין צימער אַריין צו זיי, ער איז שטאַרק ווי בחור־וויַיז, ער איז נאָך שטאַרקער. ער נעמט באַלד אָן יענעם אומבאַקאַנטן און גיט אים אַ קער איבער, און עס גע־דויערט נישט קיין פינטל מיטן אויג, שטעקט ער יענעם אין האַרצן אַריין אַ שאַרפן לאַנגן מעסער... דערנאָך שטופּט ער דאָס מעסער אַלץ טיפער, טיפער, ביז דער שפּיץ קריכט דורך דער פּלייצע דורך... און דאַן נעמט ער זיך צו איר, צו דינהן... מיט איר מאַכט ער נישט קיין גרויסע קונצן... ארומגענומען די פינגער ארום העלדזל און פאַרטיק... און גיי אין דרינ־רו אַריין...

שלאָסבערג האָט געמאַכט מיט די ליפּן ווי ער וואָלט עפּעס געקייעט מיט גרויס הנאה.

פון יענעם צימער האָט זיך פּלוצים דערהערט אַ קלינגענדיקער קוש. שלאָסבערג איז ווי פאַרשטיינערט געוואָרן. אַ קאַלטער שווייס איז אים באַפאַלן. ער האָט זיך מיט אַמאָל ווי אויסגעניכטערט; עס איז אים פּלוצים קלאָר געוואָרן עפּעס, וואָס ער האָט די גאַנצע צייט אַזוי קלאָר נישט גע־קענט באַגרייפן. ער איז געווען ביי זיך זיכער, אַז דינה לעבט מיטן פרעמדן, ער האָט זיך עס אָבער פאַרגעשטעלט ווי דורך אַ נעפּל, ווי זיין אייגענע פאַנטאַזיע וואָלט עס געשאַפן. און דאָס איז געווען ענג פאַרבונדן מיט אַלע מאָדנע איבערטראַכטונגען און חלומות זיינע. אין יענער רגע אָבער איז דער געדאַנק, אַז זיין ווייב לעבט מיט אַ צווייטן אויף יענער זייט וואַנט און ער, איר מאַן, ליגט דאָ און וואַרט מינוטנווייז אויפן טויט, שאַרף און בולט אַרויסגעטראָטן. די דאָזיקע לאַגע זיינע איז אים איצט אויס־געקומען ניי, ווי ער וואָלט דאָס אַקאָרשט דערפילט.

— פאַרברעכן... פאַרברעכן... — האָט ער געמורמלט און זיינע אויגן האָבן געגליט, ווי אָנגעברענטער אייזן.

דורך זיין מוח האָט זיך אין איין רגע דורכגעטראָגן דאָס גאַנצע לעבן זיינס; די חתונה מיט דינהן, ווען ער איז מיט איר אונטער דער חופּה געשטאַנען, האָט זיך פאַר אים בולט געמאָלט אויפן טונקעלן, ראָזעווען הינטערגרונט פון זיין צימער, גלייך די חופּה וואָלט ביי אים אין צימער געווען. און אָט זעט ער זיך נאָך פאַר דער חתונה, ווען ער פלעגט בחור־ווייז אַריינקומען צו דינהן אין דער היים, ביי אירע פריינט, ווי זיכער ער איז געווען, אַז ער האָט אויסגעפונען דאָס בעסטע צווישן אַלע פרויען. ער האָט זיך באַלד פאַרגעסן אָן דעם און אים האָט זיך געדאַכט, ווי ער פאַלט ערגעץ אין אַ טיפן תהום און אַרום אים הערשט אַ פינצטערניש. ער האָט געפילט, ווי עפּעס גליווערנדיקס קומט אים צו צום האַרצן; לאַנג־זאַם קומט עס צו, פון די פיס אַרויף, העכער... און אָט וועט ער באַלד דעם אָטעם נישט קאָנען כאַפּן. אַן אומקלאָרער געדאַנק פון טויט האָט אים באַהערשט. אין דער רגע איז ער געווען זיכער, אַז ער שטאַרבט, כאָטש עס האָט אים קיין זאַך נישט ווי געטאָן, און ער האָט זיך געפילט נישט איבעריק שלעכט... אַ מאָדנע שווערקייט איז אים געלעגן אויפן גאַנצן קערפּער און דער עיקר אויפן האַרצן, און דאָס איז געווען דאָס איינציקע, וואָס האָט אים געמאַכט ווי אומבאַקוועם.

אין טיפֿן גרונט פֿון זיין באַוווסטזיין האָט זיך נאָך געמאַטערט אַ געדאַנק; אַ געדאַנק וועגן דינהן און וועגן אומבאַקאַנטן, אָבער אַזוי אומקלאָר, אַזוי צעפּיצלט, אַז עס האָט נישט געהאַט קיין באַשטימטן אינהאַלט. נאָר אָט האָט אויפֿגעשיינט אַ ליכטיק פּינטעלע, וואָס ווערט אַלץ העלער און העלער, און שלאָסבערג האָט ווידער דערזען פֿאַר זיך די קאַנטורן פֿון זיין צימער און דעם ראָזעווען עלעקטרישן לעמפּל אין דעם שטיקל זייד פֿאַרוויקלט.

דער געדאַנק וועגן דינהן האָט ווידער אויפֿגעבליצט אין זיין מוח מיט אַ מאָדנער דייטלעכקייט.

— דינה... — האָט ער גערופֿן.

זיין קול אָבער האָט נישט געהאַט קיין קלאַנג און איז אָפּגעשטאָרבן ביי אים אין מויל, ווי אין וואַטע. ער האָט באַגריפֿן, אַז זי קאָן אים איצט נישט הערן, אַז ער רעדט שוין נישט, נאָר זי מוז זיין דאָ ביי זיין בעט, כדי אים צו באַגרייפֿן מיטן ווונק. און זאָל זי וויסן, וואָס זיין ווונק באַדייט, וואָס זיין בליק וועט צו איר רעדן.

— דינה... — האָט ער נאָכאַמאָל גערופֿן אָן אַ קול און זיך אַ וואָרף געטאָן מיט אַלע כוחות פֿון בעט אַראָפּ.

שלאָסבערגס פֿאַלן אויפֿן דיל האָט אָפּגעהילכט מיט אַ טעמפּן, פּוסטן קלאַפּ. עס האָט זיך קיין שאָרך נישט געהערט; עס האָט זיך געדוכט, אַז דאָרטן אין צווייטן צימער האָט עמיצער דעם אָטעם איינגעהאַלטן און פֿאַרגליווערט געוואָרן, אַזאַ שטילקייט האָט געהערשט אַרום.

דאָס קעצל איז פֿון ערגעץ צוגעלאָפֿן צו שלאָסבערגן און זיך אָוועקגעזעצט נעבן זיין קאָפּ.

מיטאַמאָל האָט זיך די טיר ראַש אויפֿגעעפֿנט און אָסקאַר מיט דינהן זענען אַריינגעלאָפֿן. דינה האָט אויסגעבראָכן אין אַ געוויין, וואָס האָט געווייעט מיט פֿרעמדקייט, אַ טרוקן געוויין, וואָס האָט פּוסט אָפּגעהילכט אין צימער.

שלאָסבערג איז געלעגן אויפֿן דיל אין איין העמד, מיט די אויסגעטריקנטע פֿיס צעשפּרייט. ער האָט אויסגעזען ווי אַ טויט קינד, ווען נישט דאָס שוואַרץ בערדל מיט די אַראָפּגעהאַנגענע צעפּלאָשעטע וואָנצעס.

אָסקאַר האָט אים אַריינגעלייגט אין בעט און איינגעדעקט מיט דער

קאַלדרע. שלאָסבערג האָט דעם קאָפּ אַ קער געטאָן און מיט מאַטערניש געעפנט די אויגן.

אָסקאַר האָט מיט גרויס נייגעריקייט זיך איינגעגעסן אין שלאָסבערגס פּנים, ווי ער וואָלט וועלן שטודירן די שטריכן פון זיין געזיכט. ער האָט זיך געטראָפן מיט שלאָסבערגס נעפּלדיקן, כמעט באַוווסטלאָזן, בליק.

דינה האָט מורא געהאַט צוצוגיין צום בעט. אַ טיפער אַנגסט איז זי מיטאַמאָל באַפאַלן. זי האָט מיט שרעק אין די אויגן געקוקט אויף אָסקאַרן און ווי דערוואַרט דאָס וואָרט: „שוין".

עס האָט זיך דערהערט אַ מאָדנער האַרץ־כאָרכלען און אַן אָפּגעהאַק־טער הוסט, און שלאָסבערג האָט אַ שפּיי געטאָן אין אָסקאַרן אין פּנים אַריין.

אַ געלע שטיק ליחה, מיט בלוט־שפּרינקעלעך, האָט זיך צוגעקלעפּט צו אָסקאַרס פּנים, נעבן מויל־ווינקל...

דער גוסס האָט זיך פאַרקרומט, וואָס איז ענלעך געווען צו אַ שמייכל און איז אויסגעגאַנגען.

אויף שנעל האָט אָסקאַר זיך אָפּגעווישט דאָס פּנים און אַוועקגע־וואָרפן דאָס טיכל.

— צום שוואַרץ יאָר! — האָט ער זיך געבייזערט און געשעמט קוקן צו דינהן.

דינה איז געזעסן אין אַ ווינקל און שטיל געוויינט; ווען זי האָט דערהערט דעם שפּיי, איז זי געבליבן ווי פאַרגליווערט. אַ טיפע שרעק איז זי באַפאַלן.

אָסקאַר איז געשטאַנען מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ. ער האָט גע־האַלטן די האַנט ביים באַק, ווי זי וואָלט אים שרעקלעך וויי געטאָן. ער האָט אויסגעזען מיט אַ קאָפּ נידעריקער און עפּעס איינגעפאַלענער, נישט דער אָסקאַר.

דאָס קעצל האָט אַ פינקל געטאָן מיט אירע פאָספאָר־אויגן, איז אַרויפ־געשפּרונגען אויפן בעט און זיך אַוועקגעזעצט ביי שלאָסבערגן אויפן האַרצן. ביידע האָבן זיי מורא געהאַט אַראָפּצוטרייבן דאָס קעצל פון שלאָסבערגס קערפּער. אַ פאַרגליווערטע שטילקייט האָט געפּרעסט די לופט פון צימער.

דינה האָט איינגעגראָבן דעם קאָפּ אין די הענט; די אַקסלען האָבן

איר געציטערט. פלוצים האָט דער וועק־זייגער אויפן טיש אָנגעהויבן אומ־דערטרעגלעך קלינגען. אָסקאַר איז צו צום טיש און אַרויפגעלייגט די האַנט אויפן גלעקל. דינה האָט זיך איינגעוויקלט אין איר שאַל און זיך שטיל אַרויסגעשלייכט אין איר צימער. ווען דער זייגער האָט אויפגעהערט קלינגען, האָט זיך אָסקאַר אַריינגעכאַפּט אין דינהס צימער, גלייך עמיצער וואָלט אים פאַרפאָלגט, איבערלאָזנדיק דאָס קעצל אויף שלאָסבערגס ברוסט.

פון דינהס צימער האָט זיך פלוצים דערהערט אַ ביטערער פאַרצווייפל־טער יאָמער.

.1919

# די קאָמונע

צווישן די אימיגראַנטן, וואָס זענען געקומען קיין אַרגענטינע צווישן פינפטן און זעקסטן יאָר, האָבן זיך געפונען פיר חברים, וואָס האָבן געלעבט אין אַ קאָמונע. זיי האָבן געוווינט אין אַ גרויסער סאַלע מיט צוויי פענצטער צום גאַס, אויף דער ברייטער און באַביימטער אַוועניִדאַ דיאַז וועלעז. אַנטקעגן אַנדערע אימיגראַנטן אין יענער צייט האָבן זיי געלעבט כמעט מיט לוקסוס. אַנשטאָט אויף „קאַטרעס", זענען זיי געשלאָפן אויף גוטע בעטן מיט ריינעם בעטגעוואַנט, מיט ווייכע קישנס, געבראַכטע פון דער היים.

אין מיטן צימער איז געשטאַנען אַ גרויסער און טאַקע „אמתער" טיש, נישט קיין צונויפגעקלאַפּטער פון קאַסטן־ברעטער, ווי ביי אַנדערע אימיגראַנטן. און זעקס פיינע שטולן; אַ חוץ דעם האָבן זיי פאַרמאָגט אַ קליידער־שראַנק, ווו עס זענען געהאָנגען זייערע אַלעמענס יום־טובדיקע מלבושים, און אַ קרעדענץ האָבן זיי געהאַט, ווו זיי האָבן געהאַלטן די קאָך־מכשירים; אויך האָבן זיי פאַרמאָגט אַ קליין שאַפקעלע מיט ביכער. פאַר יענער צייט אין בוענאָס איירעס האָט עס געהייסן אַ סך. די אימיגראַנטן פלעגן דאַן וווינען צו פיר־פינף פאַרשוין אין איין קליין צימערל, שלאָפן אויף לייוונטענע שערבעטלעך (קאַטרעס), איבער וועלכע זיי פלעגן אויפהענגען זייערע מלבושים. אַ חוץ דעם האָבן די חברים פון דער קאָמונע נישט געגעסן אין רעסטאָראַנדל אויף טאַלקאַהואַנאָ, ווו די באַלעבאָסטע פלעג קאָכן די געדיכטע באָרשטן מיט ביינער, נאָר זיי האָבן פאַר זיך אַליין געקאָכט. דער קוכער און עקאָנאָם פון דער קאָמונע איז געווען דער דריי און צוואַנציק יאָריקער בחור דוד, אָדער דאָווידקע, ווי זיינע חברים האָבן אים גערופן מיט ליבשאַפט.

דאָווידקע האָט געהאַט אַ קאָפּ געקרייזלטע שוואַרצע האָר, אָבער נישט

די געדיכטע האַרטע קרײַזלעך, נאָר ברײטע װײכע לאָקן, װאָס אײדער מען האָט זײ אָנגערירט, האָט מען שױן געפילט, אַז זײ זענען װי זײד. און ער האָט געהאַט גרױסע שװאַרצע אױגן, אַזעלכע גוטע און לאַכנדיקע, װי זײ װאָלטן געגלעט מיט זײער בליק. ער איז געװען אַ װײכער און האַרציקער בחור, און אַ לירישער איז ער געװען. ער האָט תמיד געקלערט װעגן דעם ציל פון אינדיװידואום אין לעבן. ער האָט זײער געשמאַק געלײענט ברענערס העברעאישע ראָמאַנען. און זײנע חברים איז ער געװען געטרײ װי אַ מאַמע. װען אַלע זענען נאָך געשלאָפן, איז שױן דאָװידקע געװען אױף די פיס, איז געלאָפן ברענגען מילך און געבעקס, האָט פאַרקאָכט קאַװע און געװעקט דעם עולם אױפשטײן עסן פרישטיק.

דער צװײטער חבר האָט געהײסן משהלע, אױך פאַרצװײגן מיט ליב־שאַפט. ער איז געװען אַ קלײן־געװיקסיקער ברונעטל, און זיך מיט קײן באַזונדערס נישט אױסגעצײכנט פאַר זײנע חברים, אױסער מיט דעם, װאָס ער פלעגט לײכט זאָגן אַ װיץ און קוקן מיט אַ קריטישן בליק אױף אַלעם אַרום זיך. ער האָט געפילט, אַז ער געפינט זיך אין אַ קרײז פון אינטעליגענטערע פאַר אים, האָט ער זיך געסטאַרעט צו אַנטװיקלען אַ באַזונדערע פעאיקײט. ער האָט געמאַכט געלונגענע קאָמענטאַרן אױף אַלעם אַרום.

דעם דריטן חבר האָט מען גערופן אױף זײן פאַמיליען־נאָמען: שאַט־לאָװ. ער איז געװען פון דער הײם אַן אינטעליגענט און האָט זיך געהאַלטן אַביסל העכער פאַר זײנע חברים. ער האָט געקענט רעדן װעגן אַלע שרײ־בער פון דער װעלט. װעגן ניטשען, װעגן טאָלסטאָיען, װעגן קאַנטן, װעגן שעקספּירן, װעגן מאַרקסן... אָבער קײן באַזונדערע קלאָרקײט האָבן די חברים פון זײנע רײד נישט געקענט אַרױסנעמען. ער איז געװען װי פאַרנעפּלט, װי אױף זײנע געדאַנקען װאָלט געלעגן אַ געדיכטער שלײער. און װען ער האָט גערעדט, האָט ער געהאַלטן פאַרזשמורעט די אױגן. בכלל האָט ער די אױגן ברײט קײנמאָל נישט געעפנט. ער האָט נישט געקוקט אױף דער װעלט מיט קײן שום פאַרװוּנדערונג, װי אַלע, װאָס ער זעט אין דעם נײעם לאַנד, װאָלט ער שױן לאַנג געזען. די חברים פון דער קאָמונע האָבן אים באַזונדערס געפּעסטעט; ער פלעגט זעלטן װען געפינען עפּעס אַן אַרבעט אױף אַ טאָג אָדער אױף צװײ.

דער פערטער חבר האָט געהײסן נחום; ער איז געװען דער ײנגסטער פון זײ און האָט זיך מיט קײן באַזונדערס נישט אױסגעצײכנט, אױסער

מיט דעם, וואָס ער האָט פון העלער הויט, גאָר פּלוצלינג, גענומען שרייבן. און פון וואַנען עס האָט זיך צו אים גענומען די ווערטער, די בילדער, די שפּראַך האָט ער אַליין נישט געוווּסט. אין דער היים האָט ער געלערנט אין חדר. דער ליטווישער מלמד האָט מיט אים געלערנט תנ״ך און משניות. געלייענט האָט ער זייער ווייניק. דערהויפּט רוסיש, אויף יידיש האָט ער ערשט אין בוענאָס איירעס גענומען לייענען. דאָווידקע האָט פון זיין שרייבן גאָר אָנגעקוואָלן.

נחום איז געווען אַ פּולבלוטיקער בחור, אַ געוויקסיקער, מיט בלאָנ־דע האָר און בלויע אויגן, האָט ער אויסגעזען ווי אַ סלאַוו. זיין פּנים איז געווען רונד און ווייס ווי פון אונטער דער מוטערס מילך ארויס.

דריי חברים פון דער קאָמונע, אויסער שאַטלאָוון, האָבן געאַרבעט ביי איין פאַך, אין די סטאָלארישע וואַרשטאַטלעך האָבן זיי פּאָלירט מעבל. יעדע צוויי וואָכן (קינסענע) האָבן זיי זייערע פאַרדינסטן געבראַכט „אַ־היים" צו דאָווידקען, ווי קינדער צו אַ מאַמען. און דאָווידקע האָט גע־זאָרגט, אַז עס זאָל אין „שטוב" נישט פעלן קיין זאַך. און פאַר בגדים פון די חברים האָט ער געזאָרגט ווי פאַר זיך אַליין. און עס איז געווען אַ שפע. חברים פון דרויסן פלעגן קומען צו גאַסט און זיך אונטערכאַפּן דאָס האַרץ מיט אַ גלעזל טיי אָדער וואַרעמען טעלער זופּ, וואָס דאָווידקע פלעגט אָפּקאָכן. און די געסט פלעגן זיך טאַקע נייטיקן אין אַ וואַרימען ביסל גע־קעכטס. עס איז געווען אין יענע יאָרן, ווען אין בוענאָס איירעס איז דאָס גאָלד געפלאָסן שטראָמענווייז. מען האָט געבויט די שטאָט. מען האָט גע־פּלאַסטערט גאַסן, מען האָט געלייגט בריקן, מען האָט געבויט געשעפטן, אָבער די יונגע אימיגראַנטן זענען דאַן ארומגעגאַנגען פאַרחלומט און פאַר־בענקט ווי אין אַ דעמערונג. זעלטן ווען עמיצער האָט זיך אַוועקגעריסן פון דער פּלאַסאַ לאַוואַזשע און זיך אַוועקגעלאָזט פאַרדינען געלט, ווערן אַ סוחר. דאָס רוב זענען געזעסן אויף די בענק פון דער פּלאַסאַ און גע־רעדט איבער ליטעראַטור, אַסימילאַציע, מאַרקסיזם; וועגן קראָפּאָטקינען... די ברייטע אָפענע שטאָט, מיט זון באַגאָסן, האָט זיי געבלענדט; עס זענען געווען צווישן זיי רעוואָלוציאָנערן, וואָס האָבן געלעבט קאָנספּיראַטיוו אין דער היים און דאָ האָבן זיי גערעדט וועגן רעוואָלוציעס פריי און אָפן. אַ פּאָר פון די דאָזיקע גרופּעס פלעגן זיך אַריינכאַפּן אין דער קאָמונע שמועסן און אונטערלענען דאָס האַרץ מיט אַ גלעזל געשמאַקן רוסישן טיי און פּו־טער־ברויט.

און אין א שיינעם טאָג איז שאטלאָוו נישט געקומען אין קאָמונע שלאָפן. ער איז פארשוואונדן געוואָרן. מען האָט געזאָגט, אַז ער האָט זיך ארויפגעזעצט אויף א שיף און איז אוועקגעפאָרן צוריק קיין רוסלאנד. דערפאר האָט די קאָמונע אויפגענומען אן אנדער מיטגליד. דאָס איז געווען עטיע. די צארטע יונגינקע עטיע. זי איז אַלט געווען א יאָר אכצן. מען וואָלט געקענט זאָגן, אַז זי האָט פארמאָגט עפּעס אזעלכעס, וואָס האָט זי געמאכט באזונדערס אינטערעסאנט. זי איז געווען דאַר, צו דאַר. די אויגן גרויסע, דאכט זיך ווייסע, אָדער וואסערדיק בלוי, דאָך האָבן זיי געווירקט אזוי, אַז עס האָט זיך געדאכט, אַז זיי הילן אייך איין אין א ווארעמען געלעכטער, אַז איר ווערט ווי פארכישופט, פול מיט פארשפּרעכונגען. זי איז געווען גרינג און געשוועבט ווי א דורכזיכטיק געוועב, ווי זי וואָלט נישט אָנגערירט דעם באָדן. און האָט זי זיך אָנגעבויגן, האָט מען געמיינט, אַז זי ברעכט זיך איבער אין דער טאַליע ווי א צווייגל. אירע האָר זענען געווען פון העלן אש־קאָליר און האָבן ארומגענומען איר ווייס דורכזיכטיק פּנים מיט א האַלבן רייף. אירע ווייסלעכע אויגן זענען געווען גרויסע און האָבן צו אייך גערעדט מיט באהאַלטענע מיינען.

האָט דאָס צימער פון די פיר חברים אויפגעשיינט. פאָרהענגלעך אויף די פענצטער, א ווייסער טישטעך אויפן טיש, א טעפּעלע בלומען, און פאָטאָגראפיעס אויף די ווענט... זענען די חברים געקומען נאָך דער ארבעט, האָבן זיי געמוזט זיך גוט ארומוואשן, אויסטון די ארבעטס־בלוזעס, און זיך זעצן צום טיש יום־טובדיק.

— משהלע, וואָס עסטו נישט — האָט עטיע געקוקט אויף אים מיט אירע לאַכנדיקע גרויסע אויגן, ווי פון א יונגער גאַזעל.

— כ׳וויים אַליין נישט וואָס, נישטאָ קיין אַפּעטיט — האָט משהלע אוועקגעקוקט און נישט געקענט אויסהאַלטן איר בליק.

די חברים זיינע האָבן גאָרנישט באמערקט, ווי לעצטנס האָט משהלע כמעט פארלוירן דאָס לשון. נישט ער ווילט זיך און נישט ער קאָמענדירט ווי זיין טבע איז געווען. ער פלעגט נאָר פון צייט צו צייט א זיפץ טאָן און זיך באקלאָגן אויף זיין מזל. נישטאָ קיין מזל, די וועלט איז נישט יושרדיק. דער מענטש איז הילפלאָז, פלעגט ער אריינוואַרפן פון צייט צו צייט ווערטער מיט א באהאַלטענעם מיין... אָבער דער זיידענער דאָווידקע האָט עפּעס יאָ באמערקט און פלעגט זיך אריינלאָזן מיט אים אין א שמועס.

— מזל, זאָגסטו, וואָס הייסט מזל? גלויבסטו אין א פון פריער בא־

שטימטן שיקזאַל? אָדער עס איז פאַראַן אַ האַנט, וואָס פירט אָן מיט אַלעם און אַלעמען?

— איך גלויב נישט, איך וויל נישט גלויבן... — האָט משהלע גע־ענטפערט, — אָבער, ווער באַשטימט דעם אונטערשיד פון מענטש צו מענטש? פון זיין שיין און זיין מיאוס? און ווער באַשטימט דעם שיקזאַל פון דעם, וועלכער איז פיזיש נישט שיין?

אַ רויטע פאַרב כוואַליעט זיך אויף דאָווידקעס פּנים. זיינע קאַרשן־אויגן, וואָס גלעטן מיט זייער וואַרעמען בליק, ווערן פייכט, מיט אַ הייסן גלאַנץ אין זיי. ער האָט אים ליב משהלען! און ווער האָט דאָווידקע נישט ליב? און עטיע לאַכט. און אין איר געלעכטער איז פאַראַן עפּעס אַזוינס, וואָס נאָר זי אפשר קאָן משהלען פאַרשטיין... און נחום קוקט אויף זיינע חברים און קלערט גאָר פון אַנדערע זאַכן, ער קלערט פון דער שטאָט בוע־נאָס איירעס, ביינאַכט, ווען די גאַסן זענען פאַרהילט אין זילבער־שיין פון די עלעקטרישע לאָמפּן, ווו ער פלעגט בלאָנדזשען אָן אַ ציל.

און ביינאַכט, ווען די חברים האָבן באַגלייט עטיען צו אירע עלטערן אַהיים, פלעגט דאָווידקע גיין מיט איר פאָראויס און משהלע און נחום פלעגן נאָכגיין. זייערע סילועטן דערווייטערן זיך, נאָר איר ווייס קלייד פלאַטערט אין טונקלקייט.

— נחום, ענטפער מיר אויף דער פראַגע — האָט משהלע אים אָנגע־נומען פאַר אַ האַנט, — פאַרוואָס ווערן געבוירן אויף דער וועלט אַזעלכע, וואָס זענען פאַרשאָלטן פון מזל? פאַרשאָלטן פון ליבע? פאַרוואָס?

— נאַרישקייטן! — גיט נחום אַ מאַך אַוועק מיט דער האַנט.

דאָווידקע מיט עטיען בלייבן שטיין, צוואַרטן אויף זייערע חברים. זיי שטייען אונטערן שאָטן פון די ביימער, וואָס זענען באַזילבערט פונעם שיין פון די עלעקטרישע לאָמפּן.

— מיר וואַרטן דאָך אויף אייך, וואָס שלעפּט איר זיך אַזוי לאַנג־זאַם? — לאַכט עטיע און אירע אויגן שיינען פון גליק. און אַ פייערל ברענט אין די אויגן פון דאָווידקען.

און משהלע קוקט אויף עטיען און שטראָמען בלוט פליסן אונטער דער הויט פון זיין טונקעלן פּנים.

און איינמאָל זאָגט משהלע צו נחומען:

— איך בין דיך מקנא.

— פאַרוואָס? — פרעגט נחום.

— ווייל דו ביסט אַן אַנדער מענטש. דו קענסט אַרויסברענגען אויפֿן פּאַפּיר די געפֿילן, וואָס דו לעבסט איבער. און ביי מיר ליגן זיי פֿאַרבאַהאַלטן און דריקן און פּייניקן ביז צום טויט.

— טויט! — האָט נחום זיך צעלאַכט און אַרומגענומען זיין געטרייען חבר און אים פֿעסט צוגעדריקט צו זיך.

משהלע האָט אָנגעקוקט נחומען פֿון דער זייט, ווי ער וואָלט באַהאַלטן פֿון אים עפּעס אַ געהיימניש.

ביינאַכט האָט נחום גענומען משהלען מיט זיך, צו וואַנדערן איבער די געהיימנישפֿולע בוענאָס איירעסער גאַסן.

— זע ווי שיין און סודותפֿול עס זענען די גאַסן — האָט זיך נחום באַגייסטערט — זע דעם הימל מיט די באַזילבערטע וואָלקנס. די לבנה, ווי זי שוועבט אין די העלע נעפּלען, זע ווי שיין גאָטס וועלטל איז!

—און ליבע? — האָט משהלע געפֿרעגט פֿאַרעקשנט.

— דאָס פֿרעג ביי גאָט — האָט נחום זיך צעלאַכט.

לאַנג האָבן זיי אַרומגעבלאָנדזשעט איבער די גאַסן פֿון דער פֿאַרכישופֿטער שטאָט. זיי האָבן דורכגעשניטן לאַנגע שטילע גאַסן, וווּ די עלעקטרישע לאַמטערנעס זענען געהאַנגען אין די צווייגן פֿון די ביימער. זיי האָבן זיך פֿאַרפּלאָנטערט אין געסלעך, קרומע און געדרייטע, פֿינצטערע, מיט געלבלעכע עלעקטרישע לעמפּלעך באַלויכטן, וווּ עס האָבן זיך געוויסט טירן פֿון פֿאַרדעכטיקע קאַפֿעען. זיי זענען אַריין אין גאַסן-גערטנער, וווּ עס האָט געוויייעט אַ קילקייט פֿון בלעטער און פֿייכטע גראָזן. זיי האָבן זיך אָנגענומען פֿאַר די הענט און ווי געטריבן פֿון אַ כישוף, ווי לונאַטיקער, האָבן זיי געוואַנדערט איבער דער שטאָט. זיי האָבן זיך פֿאַרפּלאָנטערט אין אַ לאַבירינט פֿון פּאַרקן, וווּ עס האָבן זיך געוויסט מאַרמאָרנע סטאַטוען אויף הויכע פּיעדעסטאַלן, פֿאַרהילטע אין שאָטן פֿון געדיכטע ביימער. און זיי זענען אַרויס אויף ברייטע גאַסן פֿון פּולירטן אַספֿאַלט, וואָס האָבן געגלאַנצט אונטער דעם לבנה-ליכט.

— נחום — האָט משהלע זיך צוגעדריקט צו זיין חבר — איך וויל שטאַרבן...

אָבער נחום האָט אים גאָרנישט געהערט. ווי אַ פֿאַרכישופֿטער פֿון דער נאַכט, האָט ער אים מיטגעשלעפּט אין וווּנדערלעכע פּלעצער. זיי זענען פֿאַרבייגעגאַנגען אַ פֿאָנטאַן, וואָס האָט געשפּריצט אין ברייטע דורכזיכטיקע קאַסקאַדן פֿון אַ מאַרמאָרנעם באַסיין אַרויס און פֿאַרשפּרייט אַ

דין רעגנדל. קראַנצן עלעקטרישע לאָמפּן, אין פּאַרמאַכטע רונדע אַבאַ־זשורן, זענען דאָ און דאָרטן געהאַנגען ווי קראַנצן ווייַנטרויבן.

— דו זעעסט דאָרטן? — האָט נחום געוויזן זיין חבר אויף אַ טונ־קעלע אַלעע, וואָס איז געווען פאַרפלאָכטן מיט צווייגן ווי אַ דורכגאַנג פון אַ טויער — קום צו יענער אַלעע, דאָרט איז קיל און דופּטיק.

מיט האַלב פאַרמאַכטע אויגן, ווי פאַרשלעפערט פון אַ זיסן חלום, זענען זיי אַריין אין דער אַלעע און געטרונקען די קילקייט פון דעם דופּ־טיקן אָוונט. נאָר אָט האָט אָנגעהויבן בלאָזן אַ רוי ווינטל מיט אַ קילער פייכטקייט און אַ געוויש ווי פון פאַרלאָשענע דונערן האָט זיך דערטראָגן פון דער ווייטן.

עס שמעקט מיט טייך — האָט נחום געזאָגט.

— דער טייך — האָט משהלע זיך ווי אויפגעטשוכעט.

ווען זיי זענען צוגעקומען צום סוף פון דער אַלעע, האָט זיך פאַר זיי אויסגעשפּרייט אַ טונקעלער האָריזאָנט, און דער וואַסער־שפּיגל פון לאַ פּלאַטאַ האָט געגלאַנצט אונטער דער לבנה.

פּלוצלינג האָט זיך משהלע אַ ריס געטאָן און זיך געלאָזט לויפן. נחום האָט זיך געלאָזט נאָך אים און מיט עטלעכע שפּרונגען האָט ער אים אָנ־געיאָגט. ער האָט אים אָנגעכאַפּט פעסט ביים קאָלנער, אָבער משהלע האָט זיך געריסן פון זיינע הענט מיט אַלע כוחות.

— איך וויל נישט לעבן, איך וויל נישט! לאָז מיך!

— איך וועל דיך שלאָגן, דו הערסט! איך וועל דיך שלאָגן! — האָט נחום געשריגן מיט אַ וויינענדיקן קול.

ער האָט אים אַוועקגעשלעפּט פונעם טייך און אַריינגעפירט אין אַ זייטיק געסל.

— אידיאָט! — האָט נחום זיך געבייזערט — די ליבע איז אילוזיע און דאָס לעבן איז ווירקלעכקייט...

— אויב דאָס לעבן איז ווירקלעכקייט, פאַרוואָס־זשע פאַרטיילט עס נישט אַלעמען גלייך?.. דעם אינגאַנצן און דעם גאָרנישט...

נחום האָט אַריינגעשלעפּט זיין חבר אין אַ קאַפע אַריין, דער שלע־פעריקער קעלנער האָט פויל דערלאַנגט די שפּעטע געסט צו טעפּעלעך קאַווע. משהלע האָט געזופּט די קאַווע מעכאַניש. אַ געלקייט איז געלעגן אויף זיין פּנים, און די נאָז זיינע איז געוואָרן מער אויסגעצויגן; ער האָט טאַקע אויסגעזען ווי ער וואָלט אַ בליק געטאָן אויף „יענער זייט".

— פאַרוואָס האָסטו מיך געראַטעוועט? — האָט משהלע געפֿרעגט מיט ברוגז. — וואָס פֿאַר אַ דעה האָסטו איבער מײַן לעבן. איך וויל — לעב איך, איך וויל — שטאַרב איך... ווער קען זיך אַרײַנמישן אין מײַנע פּריוואַטע ענינים...

— איך בין געקומען אין אַ לאַנד פֿון אַלע פֿרײַהייטן — האָט משהלע ווייטער גערעדט, ווי צו זיך אַליין.

— אָבער עס איז נישט קיין מאָדע איצט צו טרינקען זיך — האָט אים נחום איבערגעשלאָגן — פֿאַר אַן אינטעליגענט פּאַסט בעסער זיך צו סמען, זיך סמען שטילערהייט און נישט דולן קיינעם קיין ספּאָדיק...

משהלע האָט אויף אים אַ זײַטיקן קוק געטאָן, ווי ער וואָלט וועלן דער־גיין, צי וויצלט ער זיך.

ביידע חברים האָבן זיך אָנגעקוקט. נחום האָט אַרומגעכאַפּט זײַן חבר און אים פֿעסט געדריקט צו זיך.

— ס'איז אַ וווּנדער, וואָס פֿאַרהיילט זיך — האָט ער אים געטרייסט ווי מען טרייסט אַ קינד.

זיי האָבן זיך ווידער אַרויסגעלאָזט אין דער נאַכט אַרײַן. איצט האָבן זיי דורכגעשניטן קרומע געסלעך, וווּ די הײַזער און קלייטן זענען געווען פֿאַרהאַקט און פֿאַרריגלט, ווי מען וואָלט מורא האָבן פֿאַר אַן אָנפֿאַל. און נאָכדעם האָבן זיי ווידער געבלאָנדזשעט אין לאַבירינטן, וואָס האָבן זיך אַראָפּגעלאָזט צום וואַסער פֿון טײַך, וווּ עס זענען געדיכט געשטאַנען זעגל־שיפֿן מיט אויסגעשפּרייטע ווײַסע זעגלען. אויף אַ ברייטער גאַס האָבן זיי דערהערט דאָס בלאָזן פֿון אַ האָרן און דאָס קלאַפּן פֿון פֿערדישע קאָפּיטעס אויפֿן הילצערנעם ברוק. דאָס איז אָנגעלאָפֿן דער טראַמוויי. דער אָנטרײַ־בער האָט געשמיסן מיט דער בײַטש די צוויי דאַרע פֿערדלעך, זיי זאָלן לויפֿן שנעלער מיט דער אַרויפֿיקער גאַס. די צוויי חברים האָבן זיך אַרויפֿ־געכאַפּט אויפֿן טראַמוויי.

כאָטש עס איז נאָך געווען נאַכט, האָט דאָך שוין ערגעץ־ווו גענומען טאָגן. לאָמפּן האָבן זיך אויסגעלאָשן, אַ העלער נעפּל האָט זיך אַראָפּגעלאָזט נידעריק. דורכגייער זענען דורכגעלאָפֿן מיט שנעלע טריט. משהלע האָט זיך אָנגעשפּאַרט אין פֿענצטערל פֿון טראַמוויי און געדרעמלט. נחום האָט געקוקט אויף אים מיט גרויס רחמנות. ער האָט בעת מעשה געפֿילט אַ בייזקייט אויף עטיען, גלײַך זי וואָלט אין עפּעס שולדיק געווען. וואָס איז זי שולדיק, אַז אין אירע גרויסע אויגן, וואָס זענען העל ווי בורשטין, ליגט

אַ כישוף? וואָס איז זי שולדיק, אַז איר שמייכל פאַרשפּרעכט אַזוי פיל? ער, נחום, איז דאָך פון איר כישוף נישט פאַרכאַפּט געוואָרן. ער איז שטאַרק... אָבער זי איז דאָך אַזאַ גוט וועזן, עטיע! אַ שמעטערלינג אין אַ זוניקן טאָג. און איר גאַנג איז אַ מעלאָדיע, אַ ליד איבער שיינקייט. ער האָט טאַקע געוווידמעט איר אַ ליד... אָבער ער האָט עס קיינעם נישט גע־וויזן, קיינעם נישט... מענער דאַרפן שטאַרק זיין...

דער האָרן האָט גענומען שניידיק בלאָזן און משהלע האָט זיך אויפ־געכאַפּט.

ס'איז שוין טאָג, נחום, שוין טאָג — האָט ער געזאָגט און געקוקט דורכן פענצטערל אינעם העלן מאָרגן־נעפּל.

זיי האָבן נאָך געהאַט צו גיין צופוס עטלעכע קוואַרטאַלן. זיי זענען אַריינגעקומען אין צימער אויף די שפּיץ פינגער; אין דער וואַרימער לופט פון צימער האָבן זיי געבראַכט מיט זיך די קילקייט פון דער נאַכט און די פרישקייט פון די רויע ווינטן פון לאַ פּלאַטאַ טייך.

אָפּגעצוימט מיט אַ שפּאַניש ווענטל, איז אין איינעם פון די בעטן געשלאָפן עטיע.

.1945

# לאַ ווירכען דעל קאַרמען

אַרויסגעגאַנגען איז שלום אינדערפרי מיט גרויס האָפענונג, אַז ער וועט דעם טאָג לייזן געלט.

דער טאָג איז ווירקלעך געווען אַ שיינער, אַ ליכטיקער. די בלויע הימלען האָבן זיך אָנגעשפּאַרט אויף די בערג און געטוליעט זייערע ווייס באַשנייטע געלאָקטע קעפּ מיט דורכזיכטיקע, ליכטע נעפּלען.

דער אַרויסן שטאָט איז שוין געווען וואַך. אויף די שטויביקע גאַסן האָבן זיך געוויזן די ערשטע טראַמווייען און מיט אַ גרילצעריי זיך אַוועקגעגליטשט אויף די רעלסן אין שטאָט אַריין.

די בערג־איינוווינער האָבן אַראָפּגענידערט אויף זייערע אייזלען אין די גאַסן פון פאָרשטאָט. ביי די קליינע שטיבלעך צופיסנס פון די בערג האָט זיך אָנגעפאַנגען די מאָרגן־באַוועגונג. ווייבער האָבן געוואַשן וועש ביי די טירן פון זייערע שטיבלעך און די מענער האָבן, מיט די רעקלעך אויף איין אַרבל אָנגעטאָן, זיך געלאָזט אין שטאָט אַריין אַרבעטן.

שלום איז געגאַנגען מיט אַ ליכטן טריט איבערן וועג. ער האָט געטראָגן אַכט בילדער אין שווערע ראַמען. פיר אין איין האַנט און פיר אין דער אַנדערער, אָנהאַלטנדיק דאָס גלייכגעוויכט ווי צוויי עמער וואַסער.

ער דאַרף נאָר „אַראָפּלאָזן” אָט די אַכט „שטיקלעך”, וועט ער פריי זיין דעם גאַנצן טאָג. אַ פאַרטראַכטער וועט ער דאַן אַוועקשפּאַנען צופוסנס פון די קאָרדיזשערן, וועט אַרומבלאָנדזשען אויף די אויסגעטראָטענע סטעזשקעס, אַראָפּבליקן אין די אָפּגרינטן אַראָפּ, זיך צוהערן צום רוישן פון די באַהאַלטענע קוואַלן און איינזאַפּן אין זיך אָט דעם שטומען סוד, וואָס ליגט באַהאַלטן אין די אוראַלטע בערג־ריזן.

„קואַדראָס אי עספּעכאָס! קואַדראָס אי עספּעכאָס!” ער קוקט זיך

ארום די שטיבלעך, ווו די ווייבער וואשן וועש אין די פירקאנטיקע מולטערס.

אזוי איז ער געגאנגען און ביסלעכווייז „אראפגעלאזט" צו פארלעך בילדער.

אויפן הארצן איז אים געווארן פרייליכער, און אין די הענט גרינגער.

צו מיטאג־צו איז אים פארבליבן נאר איין בילד. דאס איז געווען „לא ווירכען דעל קארמען" (די יונגפרוי קארמען).

דאס בילד האט ער געמוזט פארקויפן. ער וועט דאך נישט גיין צו־ריק אהיים מיטן בילד. דאס וואלט נישט געהייסן, אז ער איז א פעאיקער „וועגדעדאר", איז ער געגאנגען, שלום, מיטן בילד אין האנט און זיך אפ־געשטעלט ביי די שטיבלעך פארצולייגן זיין סחורה. אבער פונקט איז אים נישט אזוי לייכט געווען צו געפינען א שטוב אן א „ווירכען דעל קארמען" אויפן וואנט.

די הייליקע יונגפרוי איז פארערכנט פאר די באשיצערין פון דער טשי־לענער ארמיי און בכלל פון טשילע. און וועלכע טשילענערין וועט נישט האבן א בילד פון דער הייליקער ווירכען?

נאר אט איז שלום צוגעקומען צו א שטיבל נישט ווייט פון די בערג. ער האט זיך אפגעשטעלט, האט אפגעווישט דעם שוויס פון פנים און האלטנדיק דאס בילד אנטקעגן דער זון אזוי, אז די שטראלן האבן גע־פינקלט אויף דער גאלדענער קרוין פון דער ווירכען — האט ער געזאגט צו דער פרוי, וואס איז געשטאנען אין טיר:

— דאס לעצטע בילד איז מיר געבליבן, קויף עס ביי מיר, דאס איז די הייליקע ווירכען דעל קארמען. קויף, האט שלום צוגעגעבן — איך גיב אויף אויסצאלן.

— נישטא קיין געלט. — האט די פרוי אפגעזיפצט.

אירע בליקן האבן זיך מיט גייציקייט איינגעגעסן אין בילד. די שטראלן פון דער זון האבן צוגעגעבן א מאדנעם גלאנץ דעם אין ראזן קא־ליר געמאלטן בילד. די קרוין, וואס די ווירכען האט געטראגן אויפן קאפ, האט שעמערירט מיט גאלד און דימענטן, פערל און צירונג האבן באצירט איר קלייד.

שלום האט פון צייט צו צייט א דריי געטאן דאס בילד, כדי צו מאכן עס נאך שענער אין די אויגן פון דער קליענטקע. אבער די פרוי האט זיך נישט גערירט פון ארט. זי איז געווען ווי פארגאפט.

זי האט געקלערט, אז ווען איר מאן וואסטענא וואלט נישט גע־

שיכורט, וואָלט זי יעדע וואָך געקאָנט צאָלן אַ פּעזע פֿאַרן בילד.

זי האָט געהאַט אַ קליין בילדעלע פֿון דער הייליקער קאַרמען, איז דאָס אַזוי אָפּגעריבן געוואָרן, אַז דאָס פּנים האָט זיך שוין נישט אָנגעזען. און איין מאָל, ווען זי איז אין שטוב נישט געווען, האָט איר מאַן באַדאַרפט האָבן אַ שטיקל קאַרטאָן אין אַ שוך אַריינצולייגן, האָט ער גענומען דאָס בילדל און עס צוגעשניטן ווי אַ פּאָדעשווע.

פֿון דאַן אָן האָט איר מיידעלע, פֿעליסאַ, גענומען אונטערקרענקען, וואָסטעגאַ האָט זיך איינגאַנצן פֿאַרגעסן אָן שוסטער־וואַרשטאַט און ליגט גאַנצע טעג אין די אַרומיקע שענקן, אָך, ווען זי וואָלט געהאַט ביי זיך אין שטוב אַזאַ פּרעכטיק בילד פֿון דער הייליקער קאַרמען, מיט די פּערל און דימענטן, מיט דער גאָלדענער קרוין אויפֿן קאָפּ, ווי געשיצט וואָלט זי געווען פֿון אַלדאָס בייז. יאָ, און אירע אַ שכנטע האָט איר געזאָגט, אַז די הייליקע איז נישט צופֿרידן, ווען מען קויפֿט זי אָפּ. מען דאַרף זי אַזוי באַקומען, אַוועקשענקען.

זי האָט אויפֿגעהויבן די אויגן צו שלומען, וועלכער איז געשטאַנען אַנטקעגן איר אויך ווי אַ פּאָרטראַכטער. פֿון אונטער זיין היטל האָט אַרויסגעשטאַרצעט אַ בינטל בלאָנדע האָר. די אויגן טיפֿע און טונקעלע האָבן געבלאָנדזשעט ווי אין ווייט אַריין.

נאָכדעם ווי זי האָט אים אַ היפּשע ווייַלע אָנגעקוקט, האָט זי באַשלאָסן, אַז דער עסטראַנכעראָ דאַרף נישט זיין קיין שלעכטער. אַ יונגער בלאָנדער אויסלענדער, מיט טיפֿע גוטע אויגן. האָט זי צו אים באַקומען צוטרוי און דרייסט געזאָגט:

— שענק מיר אָוועק דאָס בילד, דאָס איז צוליב אַ סגולה ווענן.

שלום האָט פֿון אָנפֿאַנג נישט פֿאַרשטאַנען און נאָכדעם האָט ער זיך הויך צעלאַכט מיט אַ מונטערן געלעכטער.

— נעמט עס אייך — האָט ער איר דערלאַנגט דאָס בילד.

די פֿרוי האָט אַ כאַפּ געטאָן דאָס בילד און צוגעדריקט צום האַרצן. דאַן האָט זי מיט גרויס פֿאָרזיכטיקייט דאָס בילד אַריינגעטראָגן אין שטוב. שלום איז איר נאָכגעגאַנגען. זי האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אויף די קני ביים קינדס בעטל, דאָס בילד אויפֿגעהויבן איבער זיך און פֿאַרמאַכט די אויגן אין אַ שטילער תּפֿילה.

שלום האָט זיך אַרומגעקוקט. אין אַ ווינקל פֿון צימער איז געשטאַנען אַ שוסטער־טישל, אַרום וועלכן עס האָבן זיך געוואַלגערט אַלטע קאַ־

פולן, צעריסענע שיך און פארזשאווערטע האמערס. דאס טישל איז געווען איבערגעדעקט מיט א געדיכטן סלוי שטויב, אונטער וועלכן עס זענען גע־לעגן צעשאטן הילצערנע שטיפטלעך און א פארזשאווערטער מעסער.

עס איז געווען קענטיק, אז דער מאן אירער, דער שוסטער, האט שוין לאנג דעם ווארשטאט נישט גענוצט.

פון די אפגעשיילטע שמוציקע ווענט האבן אראפגעקוקט עטלעכע אפגעבלאקירטע בילדער פון גייסטלעכע.

די פרוי האט זיך לאנגזאם אויפגעהויבן און פארזיכטיק אפגעווישט די טרערן, וואס האבן געפינקלט אויפן שויב פון בילד. דאן האט זי אויפ־געהאנגען דאס בילד איבערן בעט.

— גראסיאס, גראסיאס, — האט זי געדאנקט שלומען, וועלכער איז שטיל ארויס פון צימער.

די זון איז הויך ארויס איבער די בערג. די שיינע שפיצן האבן אפ־געשלאגן מיט בלענדנדיקן ליכט. דער שטויביקער וועג, איבער וועלכן שלום איז געגאנגען צוריק אין שטאט, איז געווען באגאסן מיט א פייער־שיין, א העלקייט און א קרעפטיקייט האט אנגעפולט די לופט.

שפעט אין אוונט, טאפנדיק די טיר, איז וואסטעגא ארייננעקומען אין שטוב אריין, א פארדרעמלטער און מיט א נעפלדיקן געדאנק אין קאפ, אז אין אלע זיינע צרות איז שולדיק זיין ווייב, מערסעדעס.

און דעריבער האט ער געברומט צווישן די ציין האלבע אפגעריסענע ווערטער, געברומט מיט בייזקייט און זיך געשארט צו דער פאליצע, ווו עס געפינט זיך דאס ברויט. זיינע הענט האבן עפעס אנגעטאפט ביים ראנד פון דער פאליצע און אראפגעווארפן א גלאז, וואס האט זיך צע־בראכן מיט א הילכיקן קלאנג.

— טייוול! — האט ער אויסגעשריען און אין טונקלקייט פון זיין דמיון האט זיך אנגעצונדן א טעמפער בלינדער כעס. ער האט צונויפ־געדריקט די פויסטן און גענומען זוכן זיין ווייב, מערסעדעס.

— שיכור! — האט ער דערהערט א שטיל, פארביסן קול.

עפעס האט אים אין הארצן א קלאפ געטאן און פאר זיינע אויגן זענען געלאפן טונקעלע רויטע כוואליעס. טאפנדיק און שארנדיק מיט די פיס אן באדן, האט ער ווי א בער זיך גערוקט צו דעם פלאץ, פון וואנען עס איז געקומען זיין ווייבס קול.

די רויטלעכע כוואליעס האבן גענומען שנעלער לויפן פאר זיינע אויגן

און אַט האָבן זיי זיך פאַרוואַנדלט אין רויטע ריזיקע רעדער מיט פונקען באַשפּריצט.

עפּעס האָט אים אַ הייב געטאָן, אין האַרצן האָט געגעבן אַ ציק און מיט בליץ שנעלקייט האָט ער אַ כאַפּ געטאָן דעם פאַרזשאַווערטן שוסטער־מעסער פון טיש און זיך אַ וואָרף געטאָן ווי אין אַ פינצטערן תהום אַריין.

— איי!!

וואָס האָט ער געזען?

ווי פאַרגליווערט און ווייס ווי אַ מת איז ער שטיין געבליבן. די רעכטע האַנט מיטן מעסער אין די איינגעקרעמפּטע פינגער איז געבליבן אויפגעהויבן. די אויגן פאַרגלעזערט. מיט אַ פאַרגליווערטן טויט־שרעק אין זיי.

פון איבערן בעט, פון וואַנט, האָבן אַראָפּגעקוקט צו אים צוויי לע־בעדיקע אויגן, זייער בליק האָט געלעכערט זיין טונקעלן מוח און אָפּגע־נומען דאָס לשון און באַוועגונג.

און אַט האָבן די אויגן באַפעלנדיק אים ווי אַרויסגעשטופּט פון שטוב, ער האָט געפילט ווי אַ פיזישן שטויס צוריק. דאָס מעסער איז אַרויסגעפאַלן פון האַנט, אין האַרצן איז ווי אַ צעשמאָלצענער אייז עפּעס צעגאַנגען געוואָרן. און אַרויסרוקנדיק זיך פון דער טיר, איז ער זיך פאַר־גאַנגען אין אַן אויסגעצויגענעם יאָמער, ווי אַ פאַרבלאָנדזשעטער הונט.

דאַן האָט ער זיך אַ וואָרף געטאָן אויף דער ערד, דעם קאָפּ אָנגע־שפּאַרט אָן שוועל און געגומען כליפּען אויף אַ הויכן יאָמערלעכן קול. דאָס איז געווען אַ טעמפּער געוויין, ווי פון אַ חיה, וואָס האָט אויפגע־הילכט אין דרויסנדיקער שטילקייט מיט אַ טרויעריקן עכאָ.

פון אונטער אַ פּלויט, ווייט אין גאַס, איז אַ הונט אַרויסגעלאָפן, האָט זיך אָוועקגעשטעלט אין מיטן שטויביקן וועג, אויפגעהויבן דעם פּיסק צו די פאַרשטייטע אַנדן־בערג, אויף וועלכע די לבנה איז געלעגן ווי אַ בליי־כער קאָפּ מיט אַ ווייטיקלעכער גרימאַסע, און זיך פאַרגאַנגען אין אַ יאָ־מערלעכן בילן.

די שכנים האָבן געהערט וואַסטעגאַס געוויין, אָבער קיינער איז פון שטוב נישט אַרויס. עס האָט זיי געשראָקן אַן אומקלאָר פאָרגעפיל פון אַ טראַגעדיע. דאָ און דאָרטן איבערן איבערן וועג האָבן פון שטיבלעך אַרויסגע־פינקלט פייערלעך, וואָס האָבן אויסגעוויזן ווי איינגעפּרעסטע אין די בערג. אַזוי האָט וואַסטעגאַ אָפּגעוויינט אַ שעה נאָכאַנאַנד. דאַן איז זיין

ווייב אַרוים און האָט אים גענומען טרייסלען ביים אַקסל, ער זאָל זיך אויפֿ־הייבן. גענוג געוויינט, גענוג.

אָבער וואַסטעגאַ האָט זיך נישט גערירט פֿון אָרט. ער האָט זיך נאָך שטאַרקער צעיאָמערט. האָט מערסעדעס אים גענומען שלאָגן מיט די פֿויסטן איבערן קאָפּ, ער זאָל אויפֿהערן. דאַן האָט וואַסטעגאַ זיך אַ ריר געטאָן, האָט אָנגעכאַפּט זיין ווייבס האַנט און גענומען קושן די פֿינגער. זיינע ליפּן, פֿאַרוויַיקטע אין טרערן, האָבן זיך געגליטשט איבער דער ווייבס האַנט.

— שלאָג מיך, ממית מיך — האָט ער זיך געבעטן — דערהרגע מיך דעם שיכור, צעשנייד מיך אויף שטיקער.

אַ גאַנצע נאַכט האָט מערסעדעס זיך געראַנגלט מיט איר מאַן, און ערשט, ווען עס איז טאָג געוואָרן, האָט זי אים קוים אַריינגעשלעפּט אין שטוב.

שפּעט נאָכמיטאָג איז וואַסטעגאַ אויפֿגעשטאַנען. די אויגן זענען ביי אים געווען אונטערגעשלאָגן און דאָס פּנים צעקנייטשט און געל. אָבער ער האָט געקוקט אויף זיין ווייב מיט אַ מילדן שמייכל.

ער האָט זיך געזעצט אַרבעטן. די אַלטע שיך זענען אָנגעצויגן גע־וואָרן אויף די קאַפּולן. און אינעם אָרימען שטיבל האָבן ווי אין די גוטע צייטן זיך געהערט די פֿריילעכע קלעפּ פֿון וואַסטעגאַס שוסטער־האַמער.

.1927

# אַ שרפה

עס איז שוין נאָך האַלבער נאַכט און ברוך לייב לייגט נאָך נישט אוועק די אַרבעט. ער מוז אַרויסענדיקן די „כויעגע", ווייל מאָרגן פרי דאַרף ער עס אוועקפירן אין קלייט.

דאָס קליינע טאַזשערל איז איינגעהילט אין פינצטערניש; דאָס לעמפּל, וואָס ברענט אין אַ ווינקל איבערן וואַרשטאַט, באַלייכט קוים דאָס ביסל געצייג אויפן וואַרשטאַט און אַ האַלבן קערפּער פון ברוך לייבן, וועלכער שטייט איינגעבויגן און הובלט אַ לייסטל.

ברוך לייב איז שוין אַן עלטערער ייד, מיט אַ געלער שיטערע באָרד, פאַרוואַקסן ביז אונטערן קאָלנער. אַ הויכער און אַן איינגעדאַרטער, ווי אַן איבערגעוואַקסענע זאַנג, וואָס האַלט זיך ביים איינברעכן.

שלעכטע צייטן איצט, און די טעגלעכע אַרבעט גיט נישט גענוג צום לעבן; שטייט ברוך לייב ביים וואַרשטאַט ביז די כוחות לאָזן זיך אויס, נאָר איצט רעדט זיך שוין נישט וועגן דעם, ער מוז דאָך מאָרגן אַרויס־פירן די „כויגע". זיין אָנגעשטרענגטער קערפּער טרייסלט זיך ביי יעדער באַוועגונג פון הובעל, און עס דוכט זיך, ווי ער וואָלט מיט דער דאַרער ברוסט זיינער געהאָלפן שטופּן דעם הובעל איבערן לייסט.

אין צווייטן ווינקל פון טאַזשער רודערט זיך עפּעס און באַוועגט זיך, און אַ מאָדנע געשטאַלט באַלייכט זיך פון דער פינצטער אַרויס. די דאָזיקע פיגור מאַכט עפּעס משונהדיקע שטיק, וואַקלט זיך און טאַנצט אונטער נעבן אַן אוועקגעלייגט שטיקל מעבל. מען וואָלט געקאָנט מיינען, אַז עמי־צער מיט פאַרקאַטשעטע אַרבל דאַוונט איבער אַן אומזיכטבאַרן שטענדער, שאָקלענדיק זיך מיט גרויס התמדה: דאָס אַרבעט ברוך לייבס „לוסטראַ־דאָר", פישל. ער ענדיקט אַרויס לוסטירן, אויף מאָרגן פרי אוועקצושיקן.

ער, פישל, האָט אויך דעם זעלבן אינטערעס ווי זיין באַלעבאָס, ברוך לייב.

דאָס ווייב זיינס גיט אים אַלע טאָג די „וועלט צו זען", וואָרום ער האָט פאַרלאָזט דריי וואָכן צייט און אַ סענט נישט געגומען; מאָרגן אָבער, זאָל נאָר די „כויגע" פאַרטיק ווערן, וועט שוין ברוך לייב אים באַצאָלן איננאַנצן. אַרבעט ער, פישל, מיט גרויס חשק און דער שוואָם ביי אים אין דער האַנט באַוויזט ממש וואונדער.

פישל איז מיט אַ קאָפּ העכער פון ברוך לייבן, נאָר פיל דאַרער פון אים. דאָס שטענדיקע באַוועגן מיטן שוואָם איבער די זייטלעך און פראָנטן פון די שאַפעס האָט אויסגעאַרבעט זיין קערפּער און אים בויגזאַם געמאַכט ווי אַ שלאַנג; און די הענט זיינע, וואָס טאַפּן ווי בלינד אָן אַלע ווינקעלעך פון דעם שטיקל מעבל, וואָס ער לוסטרירט, זענען פון דעם מאָדנע אויס־געצויגן געוואָרן און האָבן כמעט פאַרלוירן דעם שייכות מיטן קערפּער.

ברוך לייב און פישל אַרבעטן שווייגנדיק. אין דער שטילקייט פון טאַזשער הערט זיך אַ סווישטשען פונעם הובעל, וואָס איז ענלעך צו אַ זיפצן און דאָס אונטערברומען פון ברוך לייבן. אויפן בלעכענעם דאַך פון גאַלפּאָן קלעטערן אַרום קעץ און דראַפּען זיך מיט די נעגל אָן די בלעכן. צומאָל צעיאָמערן זיי זיך און צעוויינען זיך, ווי בייזע צעשראָקענע קינ־דער. דער יאָמער פון די קעץ ערגערט זייער ברוך לייבן און ער קלאַפּט מיט אַ לייסט אין דאַך אַריין.

פישל ענדיקט די שאַפע און קראַצט זיך אין פּאַטילניצע, ער האָט נאָך אַ וואַש־טיש צו מאַכן און עס גלוסט זיך אים אַהיים גיין.

— מירן ענדיקן, פישל — בעט זיך ברוך לייב — נאָר די דאָזיקע „לאַ־וואַטאָרקע" און שוין. מיר גייען אַהיים.

— תמיד מיט די ספּעשקעס — לאָזט זיך פישל בעטן און נעמט דאָך די לאַוואַטאָרקע צום לוסטרירן. דער געדאַנק, אַז מאָרגן וועט ברוך לייב צאָלן געלט, גיט אים מוט צו אַרבעטן. ער פאַררויכערט אַ פּאַפּיראָס און דאָס העלע פלעמל שיינט־אויף אין פינצטערן טאַזשערל. די שוואַרצע פאַר־רויכערטע ווענט דערמאָנען אין אַ חורבה, וואָס איז שוין פון לאַנגע יאָרן פאַרלאָזן.

פישל נעמט זיך ווידער צו דער אַרבעט נאָך מיט מער ענערגיע. דער שוואָם אין זיינע הענט רוט נישט. עס דאַכט זיך ווי פישל וואָלט זיך נאָכגעיאָגט נאָך אַ שיינדל פון אַ שפּיגעלע, וואָס שוועבט אַרום אויפן פראָנט פון דעם וואַש־טיש, און עמיצער וואָלט דאָס דאָזיקע שפּיגעלע נע־

דרייט הין און צוריק... אין די זייטן, אין די ווינקלען... און ווידעראַמאָל צוריק... אונטער ברוך לייבס וואַרשטאַט האָט געגליט דאָס נישט פאַר־לאָשענע שוועבעלע, וואָס פישל האָט אַוועקגעוואָרפן, האָט געגליט און זיך כמעט ווי פאַרלאָשן. נאָר אַ שטיקל צונויפגעוויקלטע סטרוזשקע האָט אָנ־געפאַנגען רויט ווערן, זיך טליען; אַ צווייטע סטרוזשקע, וואָס איר ברעג איז געלעגן אויף יענער, האָט זיך אָנגעכאַפּט, זיך אויסגעבערענט און אי־בערגעגעבן דאָס פייער אַ דריטער... פון אונטערן וואַרשטאַט האָט מיט אַמאָל אַ פלאַם געטאָן, און ברוך לייב איז אַ צעשראָקענער אויפגעשפּרונגען.

אין די סטאָליער טאַזשערן איז מען שוין צו אַזעלכע זאַכן געוווינט געוואָרן און קאַלטבלוטיק האָט פישל געכאַפּט אַ זאַק און איז געגאַנגען צושטיקן דאָס פייער. די טרוקענע דינע סטרוזשקעס האָבן זיך אָבער אַזוי שנעל נישט געלאָזט איינשטיקן און דער זאַק האָט זיך באַלד אָנגעצונדן. פון אַלע זייטן פון אונטערן וואַרשטאַט האָט געברענט, און דאָס פינצטערע טאַזשערל איז געוואָרן העל באַלויכטן מיט אַ בלויען ליכטיקן פלאַם.

די ערשטע זאַך האָבן זיי אַ כאַפּ געטאָן דעם וואַרשטאַט און אים באַלד אָפּגערוקט. ערשט דאַן האָבן זיי זיך גענומען ערנסט לעשן. אַ זאַק נאָך אַ זאַק האָבן זיי אַרויפגעוואָרפן אויף דער קופּע סטרוזשקעס, וואָס האָט געברענט, האָבן צוגעטאָפּעט מיט די פיס, געדישעט מיט די הענט, נאָר דאָס פייער האָט זיך נישט איינגעלאָשן. די זאַך איז געוואָרן ערנס־טער; עס האָבן שוין אָנגעהויבן ברענען די ברעטער ביים וואַנט, און ברוך לייב, אַ צעשוויבערטער, האָט זיך געוואָרפן אין פייער אַריין ווי אַ העלדי־שער פייער־לעשער. ענדלעך האָבן זיי דאָס פייער איינגעשטיקט און מידע און פאַרמאַטערטע האָבן זיי זיך אַוועקגעזעצט אויף די ברעטער. אין טאַ־זשער איז ווידער פינצטער געוואָרן; ווו נישט ווו האָט נאָך געטליעט אַ סטרוזשקע, וואָס האָט זיך באַלד פון זיך אַליין פאַרלאָשן.

— נישט באַשערט מאָרגן אָפּצופירן די כויגע — האָט געזאָגט ברוך לייב און טרויעריק געקוקט אויף די לייסטלעך, וואָס ער האָט אָפּגעהובעלט צום וואַש־טיש און וועלכע זענען געווען פאַרבערענט ביי די שפּיצן.

פישל האָט אַ קלער געטאָן, אַז ער וועט שוין מאָרגן אַ סענט נישט ברענגען אַהיים און אַז דער „ענקאַרגאַדע" וועט אים דעם הויף נישט דורכ־לאָזן, שוין דעם צווייטן חודש ווי ער צאָלט קיין דירה־געלט נישט. אין שטוב וועט אים דאָס ווייב זיינס אויפנעמען מיט אַ זויער, צעקרימטט פנים און אים אָנרופן „לאַנגער שלימזל", „טויגעניכץ", און אים סטראַ־

שען, אַז זי וועט אים איבערלאָזן מיט די פיר קינדער און אַנטלויפן, ווו די אויגן וועלן זי טראָגן.

ביידע, דער באַלעבאָס און דער אַרבעטער, האָבן זיך פאַרקלערט; אין פינצטערן טאַזשער האָבן זיך זייערע פיגורן געוויסט אויפן שוואַרץ פאַררויכערטן פאָן פון וואַנט. דאָס געלע פלעמל פון לעמפל האָט געצאַנקט און זיך געטוקט אין פאַררויכערטן גלעזל. ערגעץ אין גאַס האָט אַ טורעם־זייגער אָפּגעשלאָגן דריי מיט אַ מאַטן קלאַנג, ווי דריי שווערע טראָפּנס וואָלטן אַראָפּגעפאַלן אויף אַ בלעך.

פישל האָט שוין אפילו נישט געקלערט פון צו גיין אַהיים. ער האָט זיך אויסגעצויגן אויף די ברעטער, אונטערגעלייגט אַ האַנט אונטערן באַק און צוגעמאַכט די אויגן. אויך ברוך לייב האָט געזוכט אַ ווינקל, ווו אַניידערצולייגן זיך, ער האָט אָפּגעראַמט אַ וואַרשטאַט, אונטערגעלייגט אַ הובעל צוקאָפּנס און איז באַלד איינגעשלאָפן.

דאָס לעמפל איז אויסגעגאַנגען; אויפן דאַך האָבן די קעץ זיך געדראַפּעט, געמאָרדעוועט, נאָר ברוך לייב און פישל זענען געשמאַק געשלאָפן.

אין טאַזשער האָט זיך אַריינגעגנבעט אַ בלויע ליכטיקייט פון מאָרגן.

.1919

# אין אַ הייסן זומער־טאָג

אין טאָזשער איז הייס. עס שטיקט, ווי אין אַן אָנגעהייצטן קאַלך־אויוון. דורך די שייבלעך שיינט אַריין די זון. זי באַקט אָן רחמנות. עס העלפן נישט די זעק, מיט וועלכע די אַרבעטער האָבן פאַרהאַנגען די שייב־לעך. די שטראַלן פון דער זון האָבן שוין געפונען אַ וועג דורך וואַנען אַריינצורייסן זיך אין טאָזשער. דורך דעם שיטערן לייוונט־געוועב האָבן זיי זיך דורכגעריסן און געברענט אויף די קערק, אויף די פּנימער און געשטאָכן אין די אויגן.

וועלוועלע, אַן אַרבעטער פון אַ יאָר פינף און צוואַנציק, אין איין „קאַ־מיסעטע" מיט פאַרקאַטשעטע אַרבל, האָט עפּעס געזוכט אין אַ בערגל סטרוזשקעס און זיך געזידלט, פאַר וואָס מען כאַפּט ביי אים צו דאָס געצייג.

ביים וואַרשטאַט, נעבן וואַנט, איז געשטאַנען דער אַלטער ירוחם און געזעגט אַ ברעט. די ברוסט איז ביי אים געווען פונאַנדערגעשפּילעט. די אַרבל פון דער רוסישער העמד פאַרקאַטשעט אַריבער די איינגעשרומפּענע מוסקולן. זיין גרויע באָרד צוגעקלעפּט צו דער האָריקער ברוסט; ער האָט שווער געסאָפּעט, און דאָס פּנים זיינס האָט אויסגעזען ווי אָפּגעקאָכט.

אין ווינקל פון טאָזשער האָט געאַרבעט דער לוסטראַדאָר. אַ שטאַר־קער גערוך פון ספּירט האָט זיך פון דאָרטן דערטראָגן.

די היץ האָט נישט אָפּגעלאָזט. נאָר, פאַרקערט, פון מינוט צו מינוט איז זי שטאַרקער געוואָרן. עס האָט זיך געדאַכט, אַז די אָנגעגליטע בלעכן פון גאַלפּאָן וועלן צעשמאָלצן ווערן און זיך צעגיסן אין אַ טייך פון ברע־נענדיקער לאַווע.

— הייס, הייס — האָט געמורמלט דער אַלטער ירוחם און דאָך נישט

אָפּגעלאָזט דאָס ברעט. די זעג האָט געיאָמערט אין טיפֿן שניט, וואָס זי
האָט געמאַכט אין האָלץ, ווי זי וואָלט זיך געבעטן ביים אַלטן ירוחמען:
„לאָז מיך אָפּ... לאָז מיך אָפּ"...

דער אַלטער ירוחם האָט אָבער גוט געוווּסט, אַז ער טאָר נישט אָפּ־לאָזן, אַז ער מוז זעגן און זעגן, מעג דאָס זעגל אַפילו צעשמאָלצן ווערן אין ברעט. היינט איז דער טאָג, ווען עס אַרבעט זיך געשמאַק. היינט איז „קינסענע", היינט דאַרף מען געלט נעמען, געלט פֿאַר גאַנצע צוויי וואָכן. אין דעם אַלטנס מוח האָט זיך געמאָלט זיין היים אין רוסלאַנד, ווו ער האָט אַליין מענטשן געהאַלטן, געווען אַליין אַ „פֿאַבריקאַנט" און ווו איצט וואַרט די גאַנצע פֿאַמיליע אויף געלט פֿון אים.

„לאָז שווין זיין"... „לאָז שווין זיין"... בעט זיך די זעג ביים אַלטן ירוחמען, און מיט אַ לעצטן קרעכץ האָט זי איבערגעשניטן דאָס ברעט.

אַ הייסער שטראָם האָט דעם אַלטע באַגאָסן פֿון קאָפּ ביז די פֿיס. שווערע טראָפּנס שווייס האָבן אים געראָנען איבערן פּנים. אין די שלייפֿן האָט געקלאַפּט ווי מיט האַמערס, אין די אויגן איז פֿינצטער געוואָרן; עס האָט זיך אים געדאַכט, אַז ער זינקט אין אַ פֿייערדיקן טייך.

מיט ציטערדיקע הענט האָט ער גענומען נאָך אַ ברעט און די זעג האָט ווידער אָנגעפאַנגען רעדן צום אַלטן ירוחמען מיט האַרצרייסנדיקע טענער. דאָ האָט זי זיך געבעטן ביי אים ווי אַ גזלן... און דאָ האָט זי זיך געבייזערט, און ווען די ציינדלעך האָבן זיך אָנגעטראָפֿן אויף אַ סוק, האָבן זיי געקריצט מיט פֿאַרצווייפֿלונג: „גענוג זאָל זיין!"... „גענוג זאָל זיין!"...

און די היץ ווערט אַלץ שטאַרקער און שטאַרקער. עס דאַכט זיך, אַז די גאַנצע וועלט ברענט אין אַ העלישן פֿייער. פֿייערדיקע צינגער לעקן דאָס בלעכענע טאַזשערל און פֿאַרוואַנדלען עס אין אַ גיהנום. דאָרטן אין דרויסן ווייזט אויס, אַז די זון איז אַראָפּגעפֿאַלן אויף דער ערד און פֿאַרצערט די וועלט אין פֿלאַמען. די היץ דרינגט אין מוח אַריין, ברענט אויס דעם מאַרך, און פֿאַר די אויגן דרייען זיך פֿייערדיקע רעדער.

עס קלאַפּן די האַמערס אין טאַזשער, און עס דאַכט זיך ווי זיי וואָלטן אויסגעקלאַפּט משונהדיקע לידער, ווי אַלע וואָלטן דאָרטן פֿון זינען אַראָפּ.

— ראַטעוועט! ראַטעווע־ע־ט!

דאָס האָט געשריען דער לוסטראַדאָר פֿון ווינקל אַרויס. ער איז גע־שטאַנען מיט פֿונאַנדערגעשפּרייטע הענט, די האָר ווי שפּילקעס און מיט איבערגעקערטע אויגן.

וועלוועלע איז באַלד צו אים צוגעשפּרונגען, אים געכאַפּט אויף די הענט און אָוועקגעלייגט אויף די סטרוזשקעס.

— וואַסער! דערלאַנגט אַהער וואַסער — האָט וועלוועלע געשריען — ער חלשט!...

מען האָט אים געגאָסן וואַסער אויפן קאָפּ, געשריען אין די אויערן אַריין, ער זאָל זיך אויפכאַפּן. עס האָט אויסגעוויזן, אַז ער שלאָפט מיט פאַרגלאַצטע ווייסלען.

— לאָזט מיך — האָט געזאָגט דער אַלטער ירוחם און אים גענומען קוועטשן ביי די שלייפן.

דער לוסטראַדאָר האָט זיך אויפגעכאַפּט, זיך אַרומגעקוקט און געלאָזט פאַלן דעם קאָפּ אויף ירוחמס הענט.

— ער שלאָפט, — האָט געזאָגט ירוחם — לאָמיר אים לאָזן שלאָפן.

די באַלעבאָסטע איז אַריינגעלאָפן אין טאַזשער מיטן פאָכער אין האַנט, אַ פיין פאַרקעמטע און, פאָכענדיק זיך מיטן פאָכער, אַ פרעג געטאָן:

— וואָס האָט דאָ פּאַסירט?

— גאָרנישט, — האָט געענטפערט דער אַלטער ירוחם — געחלשט דער לוסטראַדאָר.

---

אין זעלבן הויף, וווּ דער טאַזשער איז, וווינט דער באַלעבאָס. דאָס שטיקל פּלאַץ, וואָס די דריי צימערן פאַרנעמען, איז אָנגעשטעלט מיט וואַזאָנעס. אַ פּאָר וויינטרויבן־ביימלעך פלעכטן זיך איבערן דאַך אַריבער און פאַרדעקן דעם הויף מיט גרינס, ווי אַ סוכה. אין די גרויסע היצן איז דאָרטן קיל. עס בלאָזט דאָרטן תמיד אַ ווינטל, וואָס קומט דורך די פונאַנדערגעעפנטע פענצטער פון דער „סאַלע". אויף אַ טיש אין דרויסן ליגט אַ צעשניטענער קאַוואָן. די באַלעבאָסטע מיטן באַלעבאָס זיצן ביים טיש, שניידן שטיקלעך קאַוואָן און עסן.

די יונגע באַלעבאָסטע פאָכט זיך מיטן פאָכער און זאָגט:

— מען דאַרף זען אַן אַנדער לוסטראַדאָר... דער איז קראַנק... ס'איז דאָך נישט אַריבערצוטראָגן. אין מיטן דער אַרבעט חלשן. און אַז ער וועט מאָרגן ווידער חלשן, ווער וועט דיר ענדיקן די אַרבעט?

דער באַלעבאָס, אַ יונגער מאַן נישט לאַנג נאָך דער חתונה, דרייט זיך די וואָנצעס.

— עס וועט איבערגיין, אַ הייסער טאָג געווען.

— און אַז מיר איז הייס, לייד איך נישט? מען טאָר זיך נישט

פיעשטשען — מאכט די באַלעבאָסטע און הייבט זיך אויף פון בענקל.

דער באַלעבאָס האָט זיך אויך אויפגעהויבן און זיך געלאָזט גיין אין טאַזשער. א שרעקלעכע היץ האָט אים א שלאָג געטאָן אין פּנים, ווי ער וואָלט אָפּגעגאָסן געוואָרן מיט אן עמער הייסע וואַסער. ער האָט געוואָלט גיין צוריק, איז געבליבן א ווײַלע שטיין אין טיר. פון אינעווייניק האָט די היץ געשלאָגן ווי פון אן אויוון. ער האָט זיך אָנגעשטרענגט און איז אַרײַנגעגאַנגען.

ווי פריער, האָט דאָס זעגל פונעם אַלטן ירוחמען געקריצט מיט פאַרצווייפלונג און זיך געשניטן אַלץ טיפער אין ברעט אַרײַן. וועלוול האָט פלייסיק געקלאַפּט מיטן האַמער, ווי ער וואָלט רעדן אויף א האַמער־שפּראַך צום טשוואָק, וואָס האָט זיך געבויגן און נישט געוואָלט גיין אין האָלץ. דער לוסטראַדאָר, דערזעענדיק דעם באַלעבאָס, האָט זיך אויפגעהויבן פון די סטרוזשקעס, געשמייכלט ווי א באַשולדיקטער און מיט נישט זיכערע טריט זיך געלאָזט גיין צום ווינקל, צו דער אַרבעט. די זון האָט איצט אַרײַנגעקוקט דורך די פאַרהאַנגענע זעק מיט א רויטן שײַן. אויף די וואַרשטאַטן, אויף די געצייגן און אויף די סטרוזשקעס האָבן זיך געלייגט בלוט־פלעקן. עס האָט אויסגעוויזן ווי די פלעקן וואָלטן געציטערט, ווי אָקאָרשט אויסגעגאָסן פון לעבעדיקע זעלן...

.1919

# אַ שלעכטער טאָג

ווען וואָלף איז אַרויס צו דער אַרבעט, האָט געגאָסן אַ דריבנע רעגנדל. דער הימל איז געווען גרוי און מוטנע און אויף די ביימלעך, ביי ביידע זייטן געסל, האָבן די טראָפּנס געפינקלט מרה־שחורהדיק אויף די שוין געלבלעכע בלעטער.

פּונקט ווי תמיד אין אַזוינע טעג האָט זיך וואָלפן שטאַרק נישט געגלוסט גיין אַרבעטן. ער האָט דעריבער אָנגעלייגט פיל מער וועג און איז ענדלעך דאָך געקומען אין טאַזשער, אָבער שוין מיט אַ געוויסער אָנגעכמורעטקייט, ווי ער וואָלט געווען אין כעס אויף עמיצן.

אַריינקומענדיק האָט ער באַלד באַמערקט, אַז עפּעס איז שוין פאַרגעקומען; זיינע שאַפעס, וואָס ער האָט נעכטן געענדיקט, זענען געשטאַנען אין מיטן טאַזשער מיט די פראָנטן צו דער טיר, ווי עמיצער וואָלט זיי מיט אַ כיוון אַרויסגערוקט אויף דער ליכט, אויף בייז וווּנדער...

— ווער האָט עס אַזוי אַרויסגעשטעלט די שאַפעס? — האָט ער איינעם אַ פרעג געטאָן.

— שעפטל... די קאַנטן פאַרגעסן צו לוסטרירן...

וואָלף האָט זיך געמאַכט נישט וויסנדיק, האָט לאַנגזאַם אָנגעטאָן דעם פאַרטוך און זיך געשטעלט אַרבעטן.

דער טאַזשער, וואָס איז געווען אינגאַנצן צונויפגעקלאַפּט פון בלעך און אַלטע ברעטער, פאַררויכערט און פאַרצויגן מיט שפּינוועבס, האָט אין איין וואַנט געהאַט אַ רעמל מיט קליינע צעבראָכענע שייבלעך, דורך וואַנען דער גרויער טאָג האָט אַריינגעקוקט מיט אַ מאַט בלייענע אויג.

וואָלף האָט אומעטיק געקוקט צום פענצטערל, ווו עס האָבן זיך ווען נישט ווען באַוויזן זאָנטיקעס און אָנגעשטעלטע קעלנער פון די פאַרבייגייער.

אַט איז דורכגעגאַנגען אַ פרוי אינגאַנצן אין טרויער; פון אונטער איר שוואַרצן הוט האָט ער באַמערקט איר ראַזעווען קינבאַק נעט איינגעפּאַסט אין אַ שוואַרצן קעלנערל מיט קרעפּ־שפּיצן. דאָס דאַזיקע פרויען־געשטאַלט האָט זיין געדאַנק ווי הינגעריסן ערגעץ אין אַ וועלט פון נעפּל און טרוימען.

עס האָט זיך אים געגלוסט אוועקוואַרפן דעם שוואָם און זיך לאָזן ניין צוזאַמען מיט די דורכגייער אונטער דעם דאַזיקן רעגנדל, גיין אָן אַ ציל און חלומען פון עפּעס אומבאַשטימטעס, טרויעריקס, נאָר מיט אַ פרייליכן געדאַנק, אַז ער איז פריי.

ווען שעפּטל, דער באַלעבאָס, איז אַריינגעקומען, האָט אים וואָלף אָנגעקוקט מיט אַ גלייכגילטיקן בליק.

דאָס איז געווען אַ יידל מיט אַ דורכגעאַקערט דאַר פּנים און גראָב־אָדערדיקע הענט. זיין צעפּלאָשעט נישט געקעמט בערדל האָט זיך צע־וואַקסן טיף אונטערן קאָלנער און צוגעדעקט דאָס פאַרשמאַלצעוועטע שניפּסל...

— „דינאַ״, וואָס האָט איר די „קאַכאָנעס״ נישט געלוסטרירט?...

וואָלף האָט נישט געענטפערט.

שעפּטל האָט אים בייז אָנגעקוקט:

— איר ווילט אַרבעטן, צי ניין?

— געוויס — האָט וואָלף געענטפערט מיט אַ גלייכגילטיקער שטימע.

שעפּטל האָט זיך אָפּגעקערט און גענומען צונויפלייגן די ברעטלעך, וואָס האָבן זיך געוואַלגערט אַרום די וואַרשטאַט. נאָך זיין נערוועזן וואַרפן זיך האָט מען געקאָנט באַמערקן ווי אויפגעזאָטן ער איז געווען, דער קאָל־נער פון זיין ברוינעם אָפּגעריבענעם רעקל האָט זיך אָנגעפּאַלבט אויף זיין רויט געוואָרענעם האַלדז.

— נישט געטראָפן דאָס אָרט — האָט זיך וואָלף געטראַכט צופרידן.

— פּאַרקליינע, פּאַרקליינע — האָט זיך שעפּטל פּלוצלינג צעשריען אויף יעקעלען און אים צוגעטראָגן צום וואַרשטאַט אַ היפּש ביסל ברעט־לעך — קיין זאַך טויג דיר נישט, עס וועט אוועקגיין, פּאַרקליין!...

יעקעלע איז געווען דער שלימזל פון טאַזשער; אַלע צרות, וואָס פּאַסירט אין טאַזשער, וואַרפט מען אַרויף אויף אים, יעקעלען.

דאָס איז געווען אַ מענטשל, אַן אויסגעדאַרטער ווי אַ טרוקענער שפּאָן מיט אַ הויקערל אויפן רעכטן אַקסל.

זיין אויסגעצויגן פּנים האָט אויסגעדריקט טעמפּע פאַרצווייפלונג.

— רב שעפּטל, ס'איז דאָך אַ טאָג אַרבעט, קליינע שטיקלעך...

— ווילסט אַרבעטן, צי ניין? — האָט שעפּטל אַ ברום געטאָן.

יעקעלע האָט אַראָפּגענומען דעם קאָפּ און געפּרובירט פאַרקלייבן די ברעטלעך. ער האָט זיך אינערלעך געפרייט, וואָס ער האָט נאָך גוט אָפּגעשניטן. ער האָט צונויפגעלייגט די ברעטלעך אויפן ווארשטאַט און געזונגען אונטערן נאָז:

— די מאַדאַם מיט אירע שווארצע אויגן... — אין פענצטערל האָט דער רעגן אָנגעהויבן שטאַרקער קלאַפּן און אין טאַזשער איז כמעט פינצטער געוואָרן פון די געדיכטע כמאַרעס, וואָס האָבן זיך אָנגערוקט אויפן הימל.

שעפּטל איז אַרויס פון טאַזשער אַ בייזער און אָנגעבלאָזענער, נישט קוקנדיק צו וואָלפס זייט. די חברה אַרבעטער האָבן פרייער אָפּגעאָטעמט און כמעט אַלע האָבן זיך עפּעס געזונגען יעדער אויף זיין שטייגער. און דערביי האָבן די געצייגן אין זייערע הענט געבלאָנקט אין דער טונקל, ווי די דאָזיקע שטיקלעך געצייג וואָלטן עדות געווען, אַז זיי זינגען נישט פון ווילטאָג ווענן, נאָר אַז עפּעס מאַטערט זיי אינעווייניק אין האַרצן, מאַטערט און נאָגט. די זעגן האָבן ווייטיקלעך געקלאָגט זיך און די טעמפּע קלעפּ פון די האַמערס האָבן באַגלייט דעם דאָזיקן מאָדנעם געזאַנג.

— „קעשעניאַוו... אוי קעשעניאַוו"...

האָט געזונגען אַן עלטערער ייד מיט אַ ברייטער צעוואַקסענער, שוואַרצער באָרד און פונאַנדערגעשפּילעטער רוסישער העמד.

וואָלף האָט זיך געקלערט, אַז ער, וואָלף, איז אויך אַ פּעדעמל פון דעם דאָזיקן קנויל פון דערנידעריקטע און דערשלאָגענע באַשעפענישן און אַז ער וועט זיך שוין קיינמאָל פון דאַנען נישט אַרויסרייסן; זיינע אויגן האָבן געפינקלט מיט אַ בייזן גלאַנץ.

שעפּטל איז אַריינגעקומען אין טאַזשער מיט אַ בליישטיפט אין מויל און אַ נאָטיץ־ביכל אין האַנט. ער האָט עפּעס געחשבונט שטאַרק פאַרטיפט, געמעקט, געצייכנט און ענדלעך איז ער צוגעגאַנגען צו יעקעלען און געזאָגט שטיל מיט אַ ווייכן טאָן.

— טייער האָלץ געוואָרן... נישט צוצוטרעטן.

די אַרבעטער האָבן שוין געוווסט, ווענן וואָס דאָ האַנדלט זיך, ווידער רייסן פון פרייז, און אָנהייבן הייבט זיך תמיד אָן פון יעקעלען...

שעפטל איז אַוועק צו זיך אין צימער און יעקעלע האָט פונאַנדער־גענומען די הענט און ביטערלעך זיך געקלאָגט:

— פּופּציק סענט פון אַ בעטל! מען וועט שוין נישט אויסאַרבעטן קיין צוויי פּעזעס אַ טאָג.

ער האָט אויסגעזען מיט אַ קאָפּ קלענער און זיין גאַנצע פיזיאָנאָמיע האָט דערמאָנט אַן אויסגעדאַרטן אָפּגעקראָכענעם הונט, וואָס האָט אָקאָרשט געכאַפּט מיט אַ שטעקן.

וואָלף האָט זיך פאַרגעשטעלט ווי שעפטל שלעפּט די גענדז פאַר די העלדזער אין שטייג אַריין, אַלע וואָך אַ גאַנצע שטייג מיט גענדז, און ער האָט געזאָגט:

— וואָס איז דאָ אַזוי דער אומגליק, אַרט אייך דען, אַז ר' שעפטל וועט אויפעסן נאָך אַ פּאָר גענדזלעך?...

אים, וואָלפן, האָט אינערלעך טיף הנאה געטאָן, וואָס שעפטל האָט אַראָפּגעריסן פון דער פּרייז. אין יענער רגע האָט ער געוואָלט, אַז שעפטל זאָל נאָך מער אַראָפּרייסן, ער זאָל אויסזויגן דאָס בלוט ביזן לעצטן טראָפּן, אַזוי, אַז די העלדזער, שוין אויסגעדאַרטע פון הונגער, זאָלן זיך צונויפ־דריקן. און דאַן וואָלטן זיך שוין, במילא, ווי מעכאַניש, די דאַזיקע אויס־געאַרבעטע הענט אויפגעהויבן מיט צונויפגעדריקטע פויסטן און זיך אַראָפּ־געלאָזט שנעל ווי די האַמערס איבער שעפּטלס פּנים...

ער האָט אָבער איראָניש געשמייכלט, זעענדיק ווי יעקעלע, שוין אַן אונטערגעגעבענער און צופרידענער, וואָס שעפטל האָט מער נישט געריסן, האָט געזונגען זיין מאָנאָטאָן האַלב ציניש לידל:

— „די מאַדאַם מיט אירע שוואַרצע אויגן"...

.1919

# אין טאַזשער

דער אַלטער פּייווע איז געשטאַנען אָנגעבויגן איבערן וואַ־שטאַט און געהובעלט פּיסלעך צו נאַכט־קעסטלעך.

זיין דאַרע האַריקע ברוסט איז געווען אָפּגעדעקט; די שפּיצן פון העמד פאַרבויגן אַרונטער. זיין פּנים איז פאַרוואַקסן געווען מיט געדיכטע גרוי־מוטנע האָר; און זיין באָרד, פון זעלבן קאָליר, האָט זיך געשאָקלט איבער זיין נאַקעטער ברוסט.

שוין די צווייטע וואָך ווי ער האָט פאַרנומען אַ טויז נאַכט־קעסטלעך און נאָך אַ העלפט אַרבעט נישט אָפּגעטאָן; דעריבער האָט ער זיך שטאַרק געפלייסט און איז באַנאַסן געוואָרן מיט שווייס.

ביים צווייטן וואַרשטאַט האָט געאַרבעט דער „קאָסאָקער", אַ געזונטער בחור מיט מוסקולירטע לאַנגע הענט, מיט אַן אומגעלומפּערטן שווערן קערפּער, וואָס האָט אויסגעדריקט אַ טעמפּע פוילקייט. זיינע קאָסאָקע אויגן האָבן געקוקט רעכטס און לינקס אין דער זעלבער צייט, ווי איין אויג וואָלט מיט דעם צווייטן קיין שייכות נישט געהאַט.

ער איז דער בעסטער און גיכסטער אַרבעטער אין טאַזשער; אונטער זיינע ווי שטריק אָדערדיקע, האַרטע הענט ווערט דאָס שטיקל האָלץ ווי אַ שטיק וואַקס און באַקומט באַלד אַ פאָרם.

אַז דער באַלעבאָס, ר' שעפּטל, האָט אויף שנעל אַ שטיקל אַרבעט צו מאַכן, דאַרף ער נאָר אַ זאָג טאָן דעם „קאָסאָקען", גיט ער אַ ציי אויס זיינע לאַנגע הענט און עס ווערט פאַרטיק... קיינער פון די אַרבעטער ווייסט נישט ווי אַזוי ער האָט געקענט איין איינע צוויי שעה אי אויסהובלען, אי פאַרקלייען, אָבער אויפן קאָסאָקען דאַרף מען זיך נישט וווּנדערן, ווייל, ווי די אַרבעטער זאָגן, ליגט אין זיינע הענט אַ מאַשינע...

דער אַלטער פּייווע פּאַרערט אינערלעך דעם קאַסאַקען פאַר זיין גיך אַרבעטן. ער, פּייווע, איז נאָך פון זיינע יונגע יאָרן געווען אַ „מאַרודניק", אַ קריכער אין דער אַרבעט, און בפרט נאָך איצט, ווען ער איז שוין אין די זעכציקער. נאָר זיך מודה זיין, אַז ער איז אַ מאַרודניק שעמט ער זיך. ער האַלט זיך ביי דאָס זייניקע, אַז דאָ אין בוענאָס איירעס אַרבעט מען נישט ווי עס באַדאַרף צו זיין, מען רייסט שטיקער, מען טאַנדעטעוועט. נאָר דער קאַסאַקער לאָזט זיך נישט איינרעדן און מאַכט ליצנות איבערן אַלטן.

— הערט נאָר, אַלטער תרח — פּאַלט אַריין דער קאַסאַקער אין די רייד, ווען דער אַלטער דערציילט, אַז ער האָט אין רוסלאַנד געהאַלטן אַ גרויסע פאַבריק און איז געווען אַ „קנאַקער" — הערט נאָר, איך קאָן זיך מיט אייך וועטן, אַז אין דער צייט, וואָס איר וועט אויפמאַכן איין נאַכט־קעסטל, מאַך איך אויף אַן אייניקל...

— גראָבער יונג! וואָס קאָנסטו מער?... — היצט זיך דער אַלטער און מאַכט מיט די הענט.

נאָר זיין קול ווערט פאַרלוירן אין געפּילדער, וואָס די אַרבעטער הייבן אויף פון דעם קאַסאַקענס וויץ.

דער טאַזשער רודערט זיך, די אַרבעטער ווערן אויפגעלייגט און יעדער קלערט־צו עפּעס אַ שפּאָגל נייעם וויץ אויפן אַלטנס חשבון.

די זעגן גרילצן, די האַמערס קלאַפּן; און אין דעם דאַזיקן טומל הערט זיך פּלוצלינג אַ געשריי פון איינעם:

— מזל טוב! מזל טוב! דער אַלטער האָט שוין צונויפגעלייגט די נאַכט־קעסטלעך!...

— מזל טוב! — ענטפערן אָפּ אַלע אַרבעטער אין כאָר.

דער אַלטער פּייווע ווערט באַגאָסן מיט אַנגסט־שוויים, אין יענער רגע האָט ער איין געדאַנק — פאַרשווינדן ווערן. זיך נישט אַרויסזען, אַז מ'זאָל אָן אים פאַרגעסן.

דאָס וואָס ער אַרבעט זייער לאַנגזאַם, ליגט אויף אים ווי אַ שווערע משא, וואָס לאָזט אים נישט דעם קאָפּ אויפהייבן.

און מער פאַר אַלעמען איז אים געלעגן אין די ביינער דער קאַסאַקער. און אַ פּיסק האָט ער געהאַט אָט דער קאַסאַקער, אַז אַלע אין טאַזשער האָבן פאַר אים מורא געהאַט. און בפרט נאָך דער אַלטער פּייווע, וועלכער איז געווען אַ ציל פאַר אַלעמען.

האט זיך דער קאסאקער פארנומען „יאדען" דעם אלטן, האט ער שוין דעם גאנצן טאג דעם קאפ נישט געקאנט אויפהייבן. און ער האט נאר געפילט אויף זיין אנגעבויגענעם קאפ פליען דעם קאסאקענס וויצן, אזעלכע משונהדיקע און אויסגעלאסענע...

און נאך מער פלעגט ליידן דער אלטער פייווע, ווען חברה פלעגן אריינ־מישן זיין טאכטער, רחל, אין דעם „יאדען זיך". וואס האבן זיי געהאט צו זיין טאכטער? וואס טוט זי זיי? דאכט זיך, ווען זי ברענגט אהין דעם אנבייסן אין טאזשער, רעדט זי מיט קיינעם נישט, קוקט אפילו אויף קיי־נעם נישט.

האבן חברה געוואלט מאכן קרענקעניש דעם אלטן, האבן זיי זיך גע־שווירן מיט כל המינים שבועות, אז זיי וועלן זי נישט ארייגלאזן אין טאזשער; וועט זי נאר אריינקומען מיטן טעפל עסן, גיבן זיי איר באלד דעם וועג...

אינערלעך האט דער אלטער גוט געוווסט, אז זיי מאכן עס אין שפאס, כדי אים צו קרענקען, ווייל ער האט שוין פיל מאל באמערקט, ווען זי קומט מיטאג־צייט אין טאזשער, ווערן זיי אלע ווי פארשטומט און ליגן אויף די ווארשטאטן ווי די קלעצער, און נישט זיי רירן זיך, ווי זיי וואלטן זיך געמאכט שלאפנדיק.

איין מאל, ווען דער קאסאקער האט זיך געוויצלט איבער זיין טאכ־טער, האט אים דער אלטער געוווּנטשן, ער זאל זיך אפשניידן די פינגער מיט דער זעג, און זיך אפהאקן די פיס... האט דער קאסאקער א קלאפ געטאן מיטן האמער אין ווארשטאט און זיך געשווירן, ער זאל אזוי א געזונטער קומען אהיים, ווי גלייך נאר זיין רח׳קע קומט אריין אין טאזשער, אזוי הייבט ער זי אויף אויף דעם דאזיקן לייסט און טראגט זי ארויס אין דרויסן... און ער האט אויפגעהויבן א לאנגן לייסט אין דער הויך...

דעם אלטן פייווע האט זיך געדאכט ווי מען וואלט אים געגעבן מיט דעם דאזיקן לייסט אין קאפ אריין און ער איז ווי פארטויבט געווארן.

א נעפל האט זיך פארצויגן איבער זיינע אויגן און אין דעם דאזיקן נעפל האט ער געזען עמיצן זיך צאפלען אויף א לייסט...

מיטאג־צייט איז, ווי תמיד אין טאזשער, שטיל געווארן; גלייך ווי די דאזיקע אומגעלומפערטע חיה, וואס קלאפט א גאנצן טאג און שרייט מיט טויזנטער אומגעלומפערטע קולות, איז פלוצלינג מיד געווארן און איז

געבליבן ליגן אויף די סטרוזשקעס, אויף די ברעטער, אויף די נאָך נישט פאַרענדיקטע שטיקלעך מעבל און אויף די געציינג.

די אַרבעטער האָבן זיך אויסגעשפּרייט טישטעכלעך און פּאַפּירן אויף די וואַרשטאַטן און געפּראַוועט דעם מיטאָג, און געגעסן האָבן זיי כמעט אַלע קאַלבאַס מיט ברויט און פאַרטרונקען מיט לימאָנאַד. דערנאָך האָבן זיי זיך אויסגעצויגן אויף די בענק נאַזנדיק און באַלד איינגעשלאָפן.

דער אַלטער פּייוועַ איז געזעסן נעבן זיין וואַרשטאַט און געוואַרט אויף זיין טאָכטער מיטן מיטאָג. דאָס דאַזיקע שרעקלעכע בילד מיט דער לייסט האָט זיך עקשנותדיק געשפּאַרט פאַר זיינע אויגן. ער האָט זיך געפילט דערשלאָגן, פּונקט ווי אַ חדר־יינגל, וועמען דער רבי האָט נישט לאַנג באַשטראָפט.

אויפן וואַרשטאַט, אַנטקעגן, איז געשלאָפן דער קאָסאָקער. זיין גע־זונטער גרויסער קערפּער איז שווער געלעגן אויפן וואַרשטאַט. דער אַלטער האָט פון צייט צו צייט געוואָרפן אַן אַנגעברוגזטן קוק צום קאָסאָקען, און געקלערט, אַז ער וואָלט געהאַט דעם גרעסטן פאַרגעניגן, ווען דער דאָזיקער קערפּער מיטן נאָמען „קאָסאָקער" וואָלט זיך שוין מער נישט אויפגעהויבן.

ווען זיין טאָכטער איז אַריינגעקומען מיטן טעפּל איינגעבונדן אין אַ טיכל, האָט דער אַלטער נאָך אַלץ געקלערט פון דעם פאַרגעניגן, וואָס ער וואָלט געהאַט, ווען דער קאָסאָקער וואָלט אַמווייניקסטן אַוועקגעגאַנגען פון טאַזשער...

— וואָס אַזוי שפּעט? — האָט דער אַלטער אַ ברום־געטאָן און זיך פאַרשפּילעט דאָס העמד.

— נאָך נישט געווען פאַרטיק — האָט זי געענטפערט און אַוועקגע־שטעלט דאָס טעפּל אויפן וואַרשטאַט.

זי איז געווען אַ מיידל פון אַ יאָר צוויי און צוואַנציק, מיט שפּורן פון זאָרג אויף איר פאַרעלטערט פּנים. איר וווקסיקער און גוט פאָרמיר־טער קערפּער האָט צוגעצויגן דאָס אויג. נאָר איבער אַלעם האָט זיך באַלד געמערקט, אַז זי לעבט אין אַ שרעקלעכער נויט. אירע קליידער זענען געווען נישט ריין און אירע האָר כמעט גאָרנישט פאַרקעמט.

זי איז געשטאַנען ביים וואַרשטאַט אָנגעשפּאַרט און געוואַרט אויף די טעלער.

דער קאָסאָקער האָט זיך אַ ריר געטאָן, און דערזעענדיק רחלען, האָט

ער באַלד צוגעמאַכט די אויגן. אין אַ ווײַלע אַרום האָט ער אַ קוק געטאָן אויף אירע גוט־אַנטוויקלטע אַקסלען און שוין די אויגן נישט פאַרמאַכט. זײַנע קאַסאַקע ווײַסלען, וואָס האָבן געקוקט צעקרימט, האָבן אויסגע־דריקט אַ מאָדנע בענקעניש, ווי פון אַ פאַרבלאָנדזשעטן הונט.

בעת מעשה האָט ער שטאַרק חרטה געהאַט, וואָס ער האָט אַזוי גע־קרענקט דעם אַלטן און נאָך אַרײַנגעמישט זײַן טאָכטער אויך. וואָס האָט ער צו רחלען? זי זעט אויס צו זײַן אַ גאַנץ וווּיל מיידל... ער האָט זיך שאַרפער אײַנגעקוקט אין רחלען און עס האָט געמאַכט דעם אײַנדרוק, ווי ער וואָלט געקוקט אויפן אַלטן... געזען אָבער האָט ער אירע אַקסלען, און איר טאַליע, וואָס איז געווען שלאַנק און פּרוויענטימלעך.

ער האָט אַ קלער געטאָן וועגן שיקן אַ שדכן, און ווערן אַ גוטער ברודער מיטן אַלטן פּייוועו.

ווען זי איז אַוועקגעגאַנגען, האָט ער זיך אויפגעהויבן און, בלײַבנדיק זיצן אויפן וואַרשטאַט, אַ זאָג געטאָן צום אַלטן:

— אַ הייסער טאָג הײַנט... האַ?...

— גיי, ווער אײַנגעזונקען! — האָט פּייוועו אַ ברום געטאָן און זיך גענומען צו דער אַרבעט.

— איר זענט אַן אַלטער גאָרנישט! — האָט דער קאָסאָקער אַ געשריי געטאָן און אַ וואָרף געגעבן דעם האַמער אין די סטרוזשקעס אַרײַן...

.1919

# גאָלד

ליפּע און זלמן זענען אַראָפּגעשטיגן אויף אַ קליינער סטאַנציע אין די בערג. אויף דער פּלאַטפאָרם האָט זיך אַרומגעדרייט אַ יונג מיט אַ צעריסענעם רויטן היטל; אַ קודלאַטער ברודיקער הונט האָט זיך געוואַרימט אונטער דער זון.

— אַ מאָדנער ווינקל — האָט זלמן געזאָגט און זיך אַרומגעקוקט.

— די „לאַוואַדעראָס" דאַרפן דאָ ליגן נישט ווייט — האָט געזאָגט ליפּע.

די באַן־סטאַנציע איז געלעגן אינגאַנצן אין גרינס, אַ סטעזשקע, מיט געלן זאַמד אויסגעשאָטן, האָט געפירט אין די בערג, וווּ עס האָבן זיך פון ווייטן געווייסט די הייזלעך פון אַ ישוב. די בערג זענען געלעגן אַזוי נאָענט, אַז זייער גרינקייט האָט אָפּגעשיינט אונטער דער זון. אַ בלוייער שיטערער נעפּל איז געהאָנגען איבער זיי, האָט געשוועבט אין דער לופטן און פאַרטראָגן אַ גערוך פון פרישן גראָז און טוי.

זיי האָבן זיך געלאָזט גיין מיט דער סטעזשקע, וואָס האָט זיך געשלענגלט צווישן הויכע גראָזן. ליפּע איז געגאַנגען פאָראויס, דעם קאָפּ פאַררײסן, און געזופּט די פרישע לופט מיט אַן אָפענעם מויל.

— זלמן — האָט ער אַ געשריי געטאָן.

— וואָס איז?

— היט דאָס געלט!

זלמן האָט נישט ווילנדיק אַ טאַפּ געטאָן אין בוזים־קעשענע, וווּ ער האָט געהאַלטן זיין גאַנץ פאַרמעגן — דריי טויזנט פּעזעס אין אַסיגנאַציעס — איינגעפּאַקט אין אַ פּעקעלע.

אַנטקעגן איז אָנגעפאָרן אַ רייטער אין אַ ברייטער פּאַנטשע מיט אַ

הוט מיט ברייטע ראנדן און א פרענדזלביים זייט. ווען ער איז צוגע־
ריטן נאָענט, האָט ער זיי אָפּגעגעבן א ברייטן „בוען דיאַ".

— בוען דיאַ! — האָבןביידע אָפּגעענטפערט ווי אין כאָר.

א ווייל פאָלק דאָס טשילענישע — האָט געזאָגט זלמן און פרייער
אָפּגעאָטעמט.

די סטעזשקע האָט זיי איצט געפירט אין די בערג אריין; ביי ביידע
זייטן זענען געלעגן גרינע טאָלן און רווישיקע וואסערלעך האָבן געפלאָסן
צווישן פאָלירטע פעלזן.

— אָט דאָרט איז עס, זעסט? — האָט ליפּע אָנגעוויזן אויף א ווייטן
טאָל, וווּ עס איז געפלאָסן א שמאָל פלאַך טייכל. אייניקע פארשווינען
זענען געשטאַנען איבערגעבויגן ביים ברעג און מיט ברייטע פלאַכע רע־
שעטעס געזיפּט דעם נאַסן זאמד, וואָס זיי האָבן ארויסגענומען פון טייכל.

— לאַוואַדעראָס (גאָלד־זאמד) — האָט ליפּע ארויסגערעדט ווי פאַר־
חלומט.

— לאַוואַדעראָס — האָט זלמן נאָכגעזאָגט ווי אַן עכאָ.

זיי זענען געגאַנגען ווייטער. זייער טראָט איז געוואָרן שנעלער, ווי
געאיילט. ליפּע איז שטענדיק געגאַנגען פאָראויס, דער קאָפּ האָט זיך אים
ווי געריסן פון די אַקסלען אַראָפּ. ווען ער וואָלט נאָר געקאָנט, וואָלט ער
א שפּרונג געטאָן איבער די בערג און טאָלן צום פארכישופטן טייכל, ווו
עס פליסט אָן אויפהער א גאָלדענער זאמד. זלמן איז נאָכגעגאַנגען מיטן
רענצעלע, זיינע ברייטע פּלייצעס האָבן זיך ריטמיש באַוועגט נאָך יעדן
טראָט. זיי האָבן אַליין נישט באַמערקט, ווי זיי האָבן זיך געפונען אין
מיטן די בערג. פון איין זייט האָט זיך אויפגעהויבן א ריזיקער באַרג,
וואָס האָט זיך איינגעעשניטן אין טיפן נעפּל מיט זיינע שנייאיקע לאָקן;
אויף זיין רוקן האָבן קלענערע בערג געקלעטערט, באַוואַקסן מיט שיטערע
וועלדלעך. די ווייסע הייזלעך האָבן זיך פארלוירן פון אויג. זיי האָבן זיך
אָנגעקוקט ווי דערשראָקן, אָבער ליפּע האָט זיך נישט פארלוירן. ער האָט
גענומען שפּאַנען נאָך שנעלער; די סטעזשקע איז געוואָרן שמעלער און
זיך געדרייט אין די בערג. אָבער ווייטער אביסל האָט זיך געעפנט א
פלאַכער טאָל, ווו די ווייסע הייזלעך זענען געלעגן אין צוויי שורות. דער
וועג האָט זיי איצט געפירט באַרג אַראָפּ. די זון איז שוין געשטאַנען אין
מיטן הימל, ווען זיי זענען אריינגעקומען אין שטעטל.

— נו, „מאַכער", ווו איז דאָס געלד? — האָט זלמן זיך גערייצט מיט זיין שותּף.

— ניִשט געזאָרגט, זיי וועלן שוין קומען — האָט געענטפערט ליפּע — מען האָט אונדז שוין באַמערקט.

צו פאַרנאַכט־צו איז טאַקע אריינגעקומען צו זיי אין צימערל, אין רעסטאָראַן, א פאַרשוין, א הויכער, אָפּגעברענט שוואַרץ, די האָר גע־קרייזלט, מיט א פּאָר הויכע שטיוול און א ברייטן הוט.

— בוינאָס טאַרדעס!

— בוינאָס טאַרדעס — האָבן ביידע אָפּגעענטפערט.

— אין נידעריקן צימערל האָט ער אויסגעזען נאָך העכער. ער האָט זיך באַדאַרפט עטוואָס איינבייגן.

— סיענטעסע! — האָט ליפּע אים געבעטן זיצן.

ער האָט זיך אַוועקגעזעצט, האָט אַוועקגעלייגט דעם ברייטן הוט אויפן טיש און אַרויסגענומען פון קעשענע א פּאַפּירל און צוגעטראָגן: ער האָט געלד, האָט ער, לאַוואַדעראָס.

— קואַנטאָ? (וויפיל).

ער האָט אַביסל געלד, ניִשט קיין סך, איינגאַנצן א צוויי הונדערט גראַם.

ליפּע האָט גענומען דאָס פּאַפּירעלע און געשאַרט מיטן פינגער די געלד־זעמדלעך, וואָס האָבן אַרויסגעשיינט פון טונקל אַרויס. ער האָט דערפילט, אַז דער קאָפּ לויפט אים פאַראויס, פאַר די אויגן שווינדלט. האָט ער אַוועקגעלייגט דאָס פּאַפּירעלע אויפן טיש און גענומען אַרומלויפן איבערן צימער.

זלמן האָט געקוקט אויף זיין שותּף און פאַרשטאַנען, אַז עס האַנדלט זיך פון א גרויסן מסחר, האָט ער דערפילט א וואַרימקייט ביים האַרצן; א טראָפּן שווייס איז אים אַרויס אויפן שטערן, געפּלאַצט און זיך צעגאָסן איבערן אויג; און באַלד נאָך א טראָפּן און נאָך איינער; ער האָט דער־פילט, אַז ער ווערט באַגאָסן מיט שווייס, האָט ער זיך גענומען פאָכען מיטן קאַפּעליוש.

דער טשילענער איז געזעסן רואיק, דאָס אָפּגעברענטע שוואַרצע פּנים האָט געהאַט צוויי טיפע פאַלדן, אַז עס האָט זיך געדאַכט ווי ער וואָלט געשמייכלט און געוויזן די ציינער. די אויגן, ברוינע, אומעטיקע, האָבן גערוקט מיט א קלוגן גוטמוטיקן בליק.

זאָל ער ברענגען דאָס גאָלד?

פֿאַרשטייט זיך. צו וואָס דען זענען זיי אַהער געקומען, אַזש פֿון קאַנטיאַגאַ? דער טשילענער איז אַרויס, זלמן האָט אַ רוק געטאָן דאָס בענקל און גענומען אומשפּאַנען איבערן צימער. ביי ליפּען האָט דאָס פּנים געשיינט:

— וואָס האָב איך דיר געזאָגט, האַ? צוויי הונדערט גראַם „לאַוואַ־דעראָס". ווייסט וואָס דאָס הייסט, יאָלד!

זלמן האָט זיך טאַקע דערפֿילט אַביסל שולדיק אַנטקעגן ליפּען. ער האָט זיך לאַנג געלאָזט בעטן און נישט געוואָלט פֿאָרן אין די „לאַוואַדע־ראָס", ווי איינער וויל נישט שטאַרבן; ער האָט נישט געוואָלט מיט אַמאָל רייך ווערן; ביי דער „קוענטע" האָט ער געמאַכט אַ לעבן, אָבער איצט זעט ער, אַז ליפּע איז געווען גערעכט: וואָס דען, זיך שלעפּן מיט דער קוענטע, אָדער קויפֿן אַ פֿינגערל גאָלד? האָט ער טאַקע גוט געטאָן, וואָס ער האָט גענומען ליפּען פֿאַר אַ שותּף און מבֿין, ער גיט געלט און ליפּע — מבֿינות.

דער טשילענער איז צוריקגעקומען אַביסל אַן איילנדיקער. ער האָט אַרויסגענומען פֿון אונטער דער פּאַנטשע אַ גרויסע טונקעלע פֿלאַש און גענומען אויסשיטן אויף אַ פּאַפּיר די פֿינקלדיקע גאָלד־זעמדעלעך. ליפּע און זלמן האָבן זיך אַרומגעשטעלט. די אויגן זענען גרויס געוואָרן, ווי אַרויסגעקראָכן פֿון קאָפּ. זלמנען איז דער שווייס געראָנען איבערן פּנים, אַריינגעטריפֿט אין די אויגן, אין מויל, מיט אַ געזאַלצענעם טעם.

ליפּע האָט שוין געוווויגן דאָס גאָלד; אָפּגעוווויגן און פֿאַרצייכנט, דער־ביי האָט ער אונטערגעברומט אונטערן נאָז:

— דער ערל קאָן נישט חשבונען, ס'איז טובֿ...

דער טשילענער איז געווען רואיק, געלאָזן אָפּגעוווויגן אַ שאָלעכל גאָלד און פֿאַרצייכנט אויפֿן ברעג פֿון אַ צייטונגס־פּאַפּיר, האָט ער גע־שאָטן איין קופּקעלע אויף דער צווייטער. ביי ליפּען האָבן זיך באַוועגט די ליפּן, ווי ער וואָלט עפּעס געקייעט; אין גאַנצן איז ער געווען ווי אויף ספּרוזשינעס. און כאָטש ער איז געווען שטיל און פֿאַרטאָן ביי דער אַרבעט, האָט זיך דאָך געדאַכט, אַז ער האַלט אין איין רעדן, אַז אַלעס אין אים איז רייד און באַוועגונג. זיין פּנים — דאַר און געלבלעך, מיט אַ שפּיציקער געלבלעכער נאָז און גרויסע גרויע אויגן, וואָס זענען גע־קראָכן פֿון קאָפּ אַרויס, און ווי מיט אַ פֿראַגע־צייכן אין זייער בליק.

און זלמן — אַ נידעריקער, אַ ברייט־ביינער מיט פעסטע אַקסלען און אַ פּירקאַנטיקן קאָפּ — איז געשטאַנען אַביסל אָן דער זייט און זיך צוגעקוקט ווי ליפּע וועגט דאָס גאָלד, גלייך ער וואָלט געזאָגט: איך בין דאָך נישט מער ווי אַ „געלט שידוך", איך פאַרלאָז זיך אינגאַנצן אויף דיר, ליפּע.

און ליפּע האָט טאַקע געוווּסט, וואָס ער האָט צו טאָן. ער האָט דער־הויפּט געזען, אַז עס זאָל זיין אין אָרדענונג די וואָג און דער חשבון.

אַלעם אָפּגעוווּיגן ביז צום גראַם, האָט ליפּע זיך גענומען צום חשבון. געמעקט און גערחשבונט און ווייטער געמעקט, און ער האָט אויסגערעכנט דריי טויזנט מיט צוויי הונדערט.

דער טשילענער האָט געזען דעם רעכענונג און רואיק אַריינגעשאָטן דאָס גאָלד אין פלאַש. ליפּע האָט זיך צערעדט. די צוויי הונדערטער וויל ער, מען זאָל אים אַראָפּלאָזן. זיי האָבן דאָך אַזוי פיל „גאַסטעס" צו פאָרן אהער, אין אַזאַ עק. אַזש אין די „לאַוואַדעראָס".

דער טשילענער האָט נישט נאָכגעגעבן. זיין שוואַרץ אָפּגעברענט פּנים האָט געשמייכלט. ער קאָן נישט אַראָפּלאָזן. ער האָט אויך אַ שותף, קאָן ער נישט. ליפּע האָט זיך געהאַלטן ביי זיינס. נישט איז נישט, ער וועט ביי אַ צווייטן אויך קריגן גאָלד. טשילע האָט גענוג גאָלד, און וואָס טוט ער, אַז עס פעלט דער פּרייז, דאַרף ער נאָך דערלייגן אויך. האָט דער טשילענער אַראָפּגעלאָזט איין הונדערטער. אָבער ליפּע האָט זיך איינגע־שפּאַרט.

— גיב דעם הונדערטער! — האָט זלמן אַריינגעזאָגט ליפּען אונ־טערן אַקסל.

— מירן אים פּרובירן לאָזן אַוועקגיין.

דער טשילענער האָט זיך טאַקע אויפגעהויבן, אָנגעטאָן דעם ברייטן הוט, גענומען די פלאַש מיט גאָלד הינטער דער פּאָנטשע און זיך געלאָזט צום טיר.

— גיב אים דעם הונדערטער, ליפּע — האָט זלמן אַ ברום געטאָן.

— זשאַ (שווין) — איז ליפּע צו צום טיר.

דער טשילענער האָט זיך צוריקגעקערט און אַוועקגעשטעלט די פלאַש מיט גאָלד אויפן טיש. זלמן האָט אויף שנעל אַרויסגעכאַפּט דאָס פּעקל געלט און אָפּגעציילט דריי טויזנטער. ליפּע האָט מיט אַ זיפצל אַרויס־גענומען אַ הונדערטער און דערלייגט.

די זון איז שוין געלעגן ווייט הינטער די בערג, ווען ליפּע מיט זלמנען זענען געגאַנגען מיט דער זעלבער סטעזשקע צו דער סטאַנציע. זיי האָבן געשפּרייזט שנעל און נישט געוואָלט קוקן נישט הינטער זיך און נישט פאַראויס. אָבער די בערג אַרום האָבן געצויגן דאָס אויג. די וואָלקנס זענען געלעגן נידעריק, געהילט אין פּורפּור, ווי ראָזעווע טיולן וואָלטן געשוועבט אין הימל, פּלאַטערנדיק אונטער לייכטע ווינטלעך. קוואַלן האָבן געררוישט אין די פעלזן, אונטן אין טאָל, וווּ דער הימל איז געווען וויאָ־לעט מיט טונקל־רויטע פלעקן. זיי זענען ביידע געווען ווי איינגעהילט אין פלאַמען, ווי זיי וואָלטן געשפּרייזט אין פאַרכישופטע פלאַמען, וואָס האָבן זיך געצונדן אַרום זיי. פון ווייטן האָבן זיי אויסגעזען ווי צוויי באַוועגלעכע טונקעלע פלעקן אויף אַ זאַמדיקן פאַלד פון אַ באַרג. זלמן האָט פעסט געהאַלטן די פלאַש מיט גאָלד. ער האָט געפילט, אַז ער איז זייער גרינג אויפן טראָט, די פיס הייבן זיך פון זיך אַליין, עס גלוסט זיך גיין אַ טענצל, אונטערשפּרינגען, אַ לויף טאָן; אויפן האַרצן איז גרינג און גוט. אַזוי שנעל זיך אַרויפגעאַרבעט, פון אַ קוענטעניק אַ גאָלד־סוחר, און נישט סתם אַ „קלאַפּער", צו זוכן אַ פינגערל, אָדער אַ קייטעלע, נאָר אויף הורט, טאַקע אין די לאַוואַדעראָס אַליין. ער האָט אַנגעיאָגט ליפּען, וועלכער איז ווי געלאָפן פאַראויס, דעם קאַפּעליוש אַרויפגערוקט און דעם קאָפּ פאַררים.

— ליפּע, מען זעט, אַז דו ווייסט, וואָס מסחר איז — האָט זלמן אים גוט־ברודעריש אַ קלאַפּ געטאָן אין פּלייצע.

ליפּע האָט נישט געענטפערט, ער האָט געחשבונט אויף אויסנווייניק, וויפל זיי וועלן אָפּנעמען פאַרן גאָלד און וויפל עס וועט בלייבן אויף זייער חלק. ער וועט נאָכהער פאָרן אַליין אין די לאַוואַדעראָס, צו וואָס וועט ער באַדאַרפן דעם יאָלד זלמנען.

אויפן וועג איז געוואָרן טונקל, דער הימל האָט זיך אויסגעלאָשן, פון ערגעץ־ווו איז אָנגעקומען אַ ווינטל, וואָס האָט געווייעט מיט נאַכט.

— זלמן היט דאָס גאָלד — האָט ליפּע אַ זאָג געטאָן.

אַ פרעסטל איז זלמנען אַריבער איבערן לייב, ער האָט פעסטער צו־געדריקט די פלאַש צו זיך און גענומען שפּרייזן שנעלער. ווען זיי האָבן דערזען די פייערלעך פון דער סטאַנציע, איז שוין געווען ווייט אין דער נאַכט.

אין וואַגאָן האָבן זיי זיך אַוועקגעזעצט אין אַ ווינקעלע. ליפּע האָט

אָבער נישט געקענט איינזיצן, עס האָט אים געהויבן פון פּלאַץ. ער האָט נערוועז אַרויסגעקוקט דורכן פענצטער אין דער נאַכטיקער שטילקייט, פון וואַנען עס איז געקומען אַ גערוך פון פעלד־בלומען.

— ליפּע — האָט זלמן שטיל גערופן — אויף דער פאָדערשטער באַנק זיצן, דאַכט זיך, יידעלעך.

ליפּע האָט זיך אומגעקוקט; צוויי עלטערע מענטשן זענען געזעסן מיט די פּלייצעס צו זיי און שטיל געשמועסט, אָבער ליפּע האָט זיי דערקאַנט.

— גאָלד־סוחרים — האָט ער געזאָגט אומרואיק, — זיי וועלן זיך נאָך אַריינרייסן אין אונדזער ווינקל.

זלמן האָט אַ טאַפּ געטאָן די פלאַש מיט גאָלד און זיך אָפּגערופן:

— עס וועט נאָך קלעקן פאַר אַלעמען.

אין דער היים האָט ליפּע נישט געקענט איינליגן אויפן געלעגער, ער האָט געפילט, אַז ער האָט היץ, דער קאָפּ טוט אַביסל וויי, אין די שלייפן קלאַפּט ווי מיט האַמערס. ער האָט אַלץ געקלערט, ווי אַזוי ער זאָל זיך איינטיילן מיטן פאַרדינסט און וואָס ער זאָל ווייטער טאָן, צי זאָל ער מיטנעמען דעם יאָלד זלמנען אין די מינעס אַריין, אָדער ער זאָל אַליין פאָרן, ער וועט אָנפאַנגען פון קליין, קויפן אַ הונדערט גראַם, פאַרקויפן און קויפן הונדערט פּופּציק, אַזוי ווייטער, ביז ער וועט פאַרנעמען ברייט, ווי זילבערשטיין, אָדער ווי שטאַרקוואַסער, פאַרנעמען גאָר ברייט.

אַזוי טראַכטנדיק איז ער אַריינגעפאַלן אין אַ שווערן שלאָף. און ער חלומט: ער געפינט זיך אין די בערג, ער קלעטערט אַלץ העכער און העכער, ביז ער קומט צו אַ קוואַל און דער קוואַל איז נישט קיין וואַסער, נאָר גאָלד. אַ גאָלדענער שטראָם שלאָגט פון באַרג אַרויס און פאַרפלייצט די גאַנצע געגנט אַרום. ער שטייט ביז די קני אין גאָלד, נעמט דאָס גאָלד אין די הויפנס, ער שיט אָן פולע קעשענעס; דאָס גאָלד רינט פון די פינגער אַראָפּ אין פינקלדיקע שטראָמען; ער איז אָבער פאַרצווייפלט. אַזוי פיל גאָלד, אַזאַ אוצר און ער קען אַזוי ווייניק פאַרנעמען, ער הייבט אָן שרייען, רופן זלמנען. זלמן קומט מיט טעפּ און שיסלען. זיי שעפּן אָן גאָלד אין אַלע טעפּ, אין אַלע כּלים. „זלמן!" — שרייט ער — „נעם וואָס מערער: אין די קאַפּעלושן! אין די שיך!" זיי שלעפּן שווערע זעק מיט גאָלד, באַרג־אַרויף און באַרג־אַראָפּ, אויף שמאָלע סטעזשקעס, איבער אָפּגרינטן, וווּ מען קען קוים אַ פוס שטעלן. ער, ליפּע, איז שוין פאַרמאַטערט, ער קען שוין מער נישט גיין, זעצט ער זיך אָפּרוען. אָבער זלמן

לויפט פאַראויס מיט א זאַק גאָלד אויפן פּלייצע. ער בלייבט אַליין זיצן. נעבן אים שטייען זעק מיט גאָלד, און אָט קומט אָן דער הויכער טשי־לענער מיט א בלאַנקענדיקן מעסער און שרייט: „אָדער דאָס גאָלד! אָדער דאָס לעבן!" „גוואַלד!" שרייט ליפּע און כאַפּט זיך אויף.

ער האָט אָפּגעווישט דעם שווייס פון שטערן און זיך אַרומגעקוקט. עס איז שוין געווען גרויסער טאָג. ער האָט זיך אויף שנעל אָנגעטאָן און איז אַוועקגעלאָפן צו זלמנען. ביידע זענען זיי אומגעגאַנגען אויף דער בירזשע און זיך געסודעט. אָבער דער עולם האָט געוווּסט, אַז ליפּע האָט דערטאַפּט א „געלט־שידוך" און מאַכט געשעפט מיט „לאַוואַדעראָס".

ביי זילבערשטיינען אין גאָלד־געשעפט איז ליפּע געשטאַנען איבער־געבויגן ביים טיש און אַריינגעקוקט אין דער „פּראָבע" פון די לאַוואַדע־ראָס, זלמן איז געשטאַנען אין דער זייט, ווי עס פּאַסט פאַר א „געלט־שידוך", וועמענס שותּף איז דער מבין. דער אַלטער זילבערשטיין האָט געגאָסן טראָפּנס פון אַזאַ וואַסערל אויף די זעמדלעך גאָלד. עס איז אַרויס א פּאַרע און א גרינער שוים האָט אויפגעשלאָגן.

— איר זעט נישט, ס'איז מעש!

ליפּע האָט זיך נאָך מער איבערגעבויגן איבערן פּאַפּירל, האָט אַליין איינגעטונקט דעם גלעזערנעם שפּינדל אין פלעשעלע, אַרויסגענומען א טראָפּן און אַרויפגעגאָסן אויפן גאָלד. א גרינער שוים, ווי א געשווירל, האָט אַרויסגעשלאָגן פון גאָלד אַרויס.

— מעש!

זלמן איז מיט ווייבע טריט צוגעגאַנגען נענטער, ער האָט געזען ווי ליפּע איז געוואָרן מאָדנע געל, ווי ער וואָלט באַקומען די געלזוכט, איבער די אַרויסגעקראָכענע אויגן האָט גערונען א שווייס.

— ליפּע! — האָט זלמן פאַרבראָכן די הענט און מיט א וויינענדיקן קול אַרויסגעלאָפן.

— מען האָט מיך געקוילעט, מען האָט מיך געשאָכטן!...

אויף דער בירזשע איז געוואָרן א רעדל, מען האָט זיך אַרומגעשטעלט אַרום זלמנען. מען האָט געוואָלט וויסן, ווי אַזוי עס האָט פּאַסירט. די וואָס זענען פאַרבייגעגאַנגען האָבן געמיינט, מען האָט עמיצן איבערגע־פאָרן, אָבער די, וואָס זענען געשטאַנען נאָענט, האָבן געזען דעם ברייט־ביינעדיקן זלמן מיט זיין פּירקאַנטיקן קאָפּ און פון די גרויע אויגן גיסן זיך טרערן. מען האָט מיך געשאָכטן — האָט ער שטיל געמורמלט.

.1935

# שלייפשטיינס פילאָזאָפיע

## I

ווען די פרימאָרגנס זענען גרויע, נעפּלדיקע, וואָס זאָגן אָן, אַז דער טאָג וועט זיין אַ כמורנער און די זון וועט זיך באַווייזן און פאַרשווינדן צווישן די וואָלקנס, — ווען די פרימאָרגנס זענען גרויע, זעט אויס שלייפ־שטיינס פּנים גרינלעך-געל, די אויגן רוקן זיך אים טיפער אריין אין קאָפּ און גלאַנצן מיט אַ טיפן טרויער אַרויס פון די טונקעלע אויגנלעכער.

ער שטייט־אויף גאַנץ פרי, טרינקט אויס דאָס טעפּל מילך, וואָס שטייט שוין פאַר אים אָנגעגרייט אויפן טיש, טוט זיך לאַנגזאַם אָן און גייט אַרויס אין גאַס; ער גייט מיט לאַנגזאַמע קליינע שפּאַנען און ציט רעגלמעסיק דעם אָטעם, נישט וועלנדיק איינמידן זיינע לונגען.

אין גאַס איז קיל און אנגענעם, די שטאָט איז נאָך אין האַלבן דרעמל, נאָר ווען־נישט־ווען באַוועגט זי מיט איינעם פון אירע ריזיקע אברים, עס לויפט דורך אַ טראַמוויי; מיט אַ קוויטש און מיט אַ זשום גליטשט ער זיך אויף די רעלסן און פאַרנעמט זיך אין אַ זייטיקער גאַס.

אַ מילך־טרעגער פליט דורך אויף זיין קליין גרינג וועגעלע, קלאַפּנדיק מיט דער גרויסער קרוג מילך. איילנדיקע אַרבעטער ציען פאַרביי מיט באַ־זאָרגטע פּנימער און מיט שלאָף אויף די אויגן.

שלייפשטיין קלערט, אַז נאָר ער איינער איז אַ לײדיקגייער, וואָס לעבט אויף דעם חשבון פון דער געזעלשאַפט, נישט ברענגענדיק איר קיינע נוצן. אַלע אַרבעטן, שאַפן, זענען שרייפלעך אין דער גרויסער מאַשין, וואָס הייסט געזעלשאַפט, נאָר ער איינער איז ווי אַ פאַרזשאַווערט שרייפל, וואָס

דינט שוין נישט מער אין דעם גרויסן ראַד, און איז אַוועקגעוואָרפן גע־וואָרן ווי אַן אומנוצלעכע און איבעריקע זאַך.

זינט שליפשטיין האָט זיך דערוווּסט, אַז ער האָט אַ לייכטן „האַרצ־פעלער", איז ער געוואָרן גענייגט צו „באַקלערן די וועלט" און אירע מנהגים. ער האָט זיך געשאַפן אַן אייגענע פילאָזאָפיע, באַגרינדעט אויף זיין באַאָבאַכטונג אין די לאַנגע טעג, וואָס ער שפּאַצירט אַרום אין די פּאַרקן און פּלאַסעס, אין די פאַרשטעטעלעך און דערהויפּט אין פּאַלערמאָ, ווו ער פאַרברענגט דעם מערסטנטייל פון טאָג.

ער האָט ביי זיך באַשלאָסן, אַז די ליבע האָבן די מענטשן אַליין אויס־געטראַכט, צוליב זייער אייגענער פאַרוויילונג, צוליב זייער אייגענעם עגאָ־איזם; אַ מענטש וואָלט זיך קיינמאָל נישט איינגעליבט, ווען ער וואָלט זיך אַליין נישט ליב געהאַט.

אָפּטמאָל האָט ער געהאַט די געלעגנהייט צו באַאָבאַכטן די ליבע אין איר גאַנצער רואיקייט און אינטימיטעט. דאָס פלעגט זיין מערסטנטייל אין פּאַלערמאָ, ווען זייער ווייניק מענטשן באַזוכן די טונקעלע אַלייען פון דעם גרויסן פּאַרק.

ער ליגט אונטער אַ בוים אין געדיכטן גראָז און קוקט אריין אין אַ ביכל, און אָט הערט ער אַ שושקעריי, ער קוקט זיך פאָרזיכטיק אַרום און באַמערקט ווי מיט די רוקנס צו אים, אַ דריי שפּאַן וווייט, זיצט אַ פּאָרל און סודעט זיך. ער לייגט אַוועק דאָס ביכל און שפּיצט אָן די אויערן. וואָס טויג אים איצט דאָס בוך, אַז ער זעט פאַר זיך דאָס אָפענע בוך פונעם מענטשלעכן האַרץ?

עס קומען צו אים אָפּגעהאַקטע, נישט פאַרענדיקטע פראַזן, וואָס גיבן אים איבער דעם אינהאַלט פונעם שמועס.

— טייערע מיינע — זאָגט ע ר — שוין אַ יאָר ווי כ'גיי דיר נאָך און כ'האָב נאָך נישט געקענט באַקומען פון דיר דעם מינדסטן סימן, אַז דו האָסט מיך ליב.

— וואָס פאַר אַ סימן זאָל איך דיר געבן?

— אַ קוש...

— עגאָאיסט — וויל שליפשטיין אויסשרייען און ער ווערט פול מיט צאָרן.

אָבער זיין קול ווערט פאַרשטיקט אין זיין מויל, ווען ער דערהערט אַ

לייכטן, כמעט דופטיקן קוש און באַמערקט ווי דאָס אויער ביים מיידל ווערט רויט ווי פייער.

— זיי גאַרן גאָר טירישע באַפרידיקונג, און רעדן פון ליבע — קלערט שלייפשטיין און די אויגן זיינע גלאַנצן מיט אַן אויפריכטיקן כעס.

ער קרעמפט איין די פויסטן, כדי נישט אַרויסצושפּרינגען פון זיין באַהעלטעניש און זיי דערקלערן פילאָזאָפיש, אַז דאָס, וואָס זיי קושן זיך, איז נישט ליבע, נאָר ליידנשאַפט, און אַז ליבע איז אַן אויסגעטראַכט וואָרט...

דאָס פּאָרל זיצט שוין איינער צום צווייטן אַזוי נאָענט, אַז נאָר אַדאַנק זייערע קליידער קען זיי שלייפשטיין אונטערשיידן; ער הערט שוין נישט קיין קוש, נאָר אַן איינגעהאַלטענעם זיפצן, וואָס קלינגט אַזוי קאָמיש אין שלייפשטיינס אויערן; נאָר אין האַרצן נאָגט אים אַ מאָדנע ווייטיקלעך געפיל און ער זוכט די אורזאַך פונעם דאָזיקן געפיל און קען נישט געפינען. פּלוצלינג רוקן זיי זיך אָפּ אַביסל און זי האַלט פאַרשעמט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ. ער האָט אויפגעהויבן אַביסל זיין פּוס און מיטן שפּיץ פון זיין שטעקל געקלאַפּט אין אָפּזאַץ פון שוך.

— אַן עגאָאיסט — טראַכט זיך שלייפשטיין — ער וויל דערוויל באַווייזן זיין געליבטע („געליבטע" האָט ער זיך געקלערט מיט איראָניע), אַז ער טראָגט שיינע געפּוצטע שיך.

נאָך אַזאַ באָבאַכטונג גייט שלייפשטיין אַוועק טיפער אין פּאַלערמאָ און קוקט זיך אַרום, צי נישט ווייט פון אים זיצט נישט אַ פּאָרל. ער וויל שוין מער אַזוינס נישט אָנקוקן. עס קרענקט אים דאָס נאַרישקייט פונעם מענטשלעכן לעבן.

אָפּטמאָל האָט אים געטראָפן צו זען דאָס אינטימע און רויע געשטאַלט פון ליבע ביי שוין באַיאָרנטע מענטשן. דאָ פּלעגט ער נאָך מער אַריין אין צאָרן. די עלטערע מענטשן זענען שוין דערפאַרענער אין דעם שפּיל, פּלעגט ער קלערן, זיי טראַכטן-צו נייע ניואַנסן, נייע אויסדריקן, כדי צו באַהאַלטן דאָס טירישע, כדי צו פאַרדעקן די נאַקעטע רויע ליידנשאַפט.

זיי זענען העפלעכער, מער וועלטלעכער און גייען דעליקאַטער צום ענין...

נאָר וואָס אים האָט מער פאַרדראָסן איז, וואָס די באַיאָרנטע פרויען זענען מער אָפּנהאַרציק ווי די מענער. ער הערט זיך אָפּטמאָל צו צו די געשפּרעכן אין אַזעלכע פאַלן און ער באַמערקט באַלד, אַז די פרוי, די באַ-

יאָרנטע, איז די עגאָאיסטקע, די אינסטיגאַדאָרין פון דער אַזוי־גערופענער „ליבע״.

די לעצטע צייט האָט זיך שלייפשטיין אַזוי אַריינגעלאָזט אין דעם פּראָבלעם פון מענטשן און ליבע, אַז זיין אויג האָט שוין אָנגעהויבן צו זען זאַכן, וואָס געוועגלעך איז זיי שווער צו באַמערקן.

אין די בליקן און שמייכלען פון די פרויען און מענער האָט ער אַרויסגעלעזן גאַנצע דיאַלאָגן, וועלכע האָבן זיך קאָנקרעטיזירט אין זיין פאַנטאַזיע אין בילדער, און שטענדיק האָבן די בילדער געשלאָגן אויף איין פּונקט, און אים געפירט צום שלוס, אַז די וועלט איז פאַרצערט פון אַן אינערלעכן ליידנשאַפטלעכן שטראָם פון טירישן געגנום און עגאָאיזם.

די דאָזיקע אידייע איז ביי אים געוואָרן דער גרונט פון זיין נייער פילאָזאָפיע, וואָס ער אַליין האָט פאַר זיך געשאַפן. וואָס טויגן אים די אַלע הומאַניטאַרע און הויכע אידעאַלן, וואָס ווערן אַראָפּגעפּריידיקט פון די טריבונעס דורך די עלעגאַנטע רעדנערס, אַז אינערלעך איז דער מענטש אויף דעם שטאַפּל פון טויזנט יאָר צוריק?

ער, שלייפשטיין, וואָלט נישט געוועזן דער זעלבער ווי אַלע, ווען ער וואָלט געקענט אַריין אינעם לעבן, ווען ער וואָלט אויסגעקורירט זיין האַרץ־פעלער. אין דער צייט, וואָס ער איז קראַנק, האָט ער אַ סך געלערנט און נישט פון דעם בוך, פון דעם מענטשן אַליין, און איצט וואָלט ער געוווסט ווי צו פירן זיין לעבן אין איינקלאַנג מיט זיין נייער פילאָזאָפיע.

## II

דער ווינטער אין בוענאָס איירעס ווירקט זייער שלעכט אויף האַרץ־קראַנקע, און כאָטש שלייפשטיין איז שוין כמעט געווען געזונט, האָט ער דאָך מורא געהאַט זיך אַרומשלעפּן אין די גאַסן און באַאָבאַכטן דאָס לעבן און מענטשן, ווי ער האָט עס געטאָן זומערצייט. די פייכטע וועטערן און רויע ווינטן, וואָס בלאָזן מיט פאַרקילונג און מאַכט זיך פאַרקלערן וועגן „גריפּע״ און נאָך אַזעלכע ענלעכע קראַנקהייטן, האָבן געהאַלטן שלייפשטיינען גאַנצע טעג אין שטוב. דורכן פענצטער פון זיין צימער פלעגט ער אַרויסקוקן אין גאַס; אָבער אַזוי ווי ער האָט געוווינט אויפן אויבערשטן שטאָק, האָט ער נאָר געקענט זען די הוט און שירעמס פון די דורכגייער. די פנימער, אין וועלכע ער האָט זיך אויסגעלערנט אַרויסלייענען די גע־

פילן און געדאַנקען פון די מענטשן, זענען געווען פאַר אים פאַרשלאָסן. ער האָט אַפילו געפּרוווט אַרויסקריגן געוויסע אייגנאַרטיקע שטריכן פון די פרויען־און מענער־היט. לייענען פון דעם טויטן שטאָף דעם לעבעדיקן איך פון זיין באַלעבאָס, אָבער דאָס איז אים נישט געלונגען. איז פאַר־בייגעגאַנגען אַ מענטש מיט אַ הוט מיט צווי גריבלעך ביי ביידע זייטן און דער פאָדערשטער ראַנד אַראָפּגעבויגן, האָט זיך שלייפשטיין געקלערט, אַז דער מענטש דאַרף זיין אומפּאַרזיכטיק אין זיינע לעבנסטאַטן און דאַרף פירן אַ נישט־נאָרמאַלן פאַמיליענלעבן. אָבער זיכער איז ער אין דעם נישט געווען; און אויב שלייפשטיין איז געווען נישט זיכער, האָט ער שוין אין דעם נישט געגלויבט, און דעריבער נישט צוגעגעבן עס אַלס נאָך אַ באַווייז צו זיין פילאָזאָפיע.

דער ערשטער ווינטער־מאָנאַט איז פאַר שלייפשטיינען דורכגעלאָפן כמעט אומבאַמערקט; אַלץ אַרום איז אים געווען כמעט ווי ניי. זיין צימער מיט די ביכער און מיט דער הילצערנער ברייטער בעט, וועלכע איז דאָס מאָל נישט געווען פאַרבעט; און דער ברייטער טיש איבערגעצויגן מיט קלעק־פּאַפּיר — דער טינטער, גלעזער און העפטן — דאָס אַלעס האָט פאַר שלייפשטיינען געהאַט אַ באַזונדערן אינטערעס, און אַ ספּעציעלע פילאָזאָ־פישע באַטראַכטונג.

ער איז געקומען צום שלוס, אַז די טויטע מאַטעריעס זענען ענג פאַר־בונדן מיט דעם לעבעדיקן גייסט פון דעם מענטשן, און עס וואָלט געווען אַן אַבסורד, אַז איינער זאָל קענען עקזיסטירן אָן דעם צווייטן. זיי ביידע, דאָס לעבעדיקע מיט דאָס טויטע געפינען אַ סינטעז אינעם טאַט.

דאָס גלאָז וואָלט קיין ווערט נישט געהאַט, ווען מען זאָל אין דעם נישט טרינקען. אַזוי וואָלט דער מענטש געווען אַ בלינדער כוח, ווען ער זאָל זיך נישט באַפעסטיקן מיט דער טויטער זאַך, מיט דער באַוועגונגלאָזער מאַטעריע.

די דאָזיקע פילאָזאָפישע טעזיסן האָט שלייפשטיין נישט אַזוי שנעל דערוואָרבן. עס האָט אים געקאָסט זייער פיל לאָגישע איבונג און באַאָ־באַכטונג. ער האָט געקענט אָפּזיצן שעהן־לאַנג און קוקן אויפן שוואַרצן פינטל פון דעם קלעק־פּאַפּיר און זוכן די כאַראַקטעריסטיק פון דער באַ־העפטונג פון דער טינט מיט דעם פּאַפּיר... ווי אַזוי דאָס רויטע ווייכע

פאפיר זאפט אין זיך איין די שווארצע טינט און באקומט די קאליר פון דער שווארצער פליסיקייט...

אין פארלויף פון דעם ערשטן ווינטער־מאנאט האט שלייפשטיין אויס־געשטודירט כמעט אלעס, וואס ער האט געהאט אין זיין צימער. דערנאך האט ער אנגעהויבן פילן א געוויסע פוסטקייט. עס האבן אים געפעלט אב־יעקטן, אויף וואס ער זאל קענען אנווענדן זיין קריטישן מוח און ער האט זיך אנגעהויבן ארומצוקוקן אויסער זיין צימער. אפטמאל האט ער פאר־פירט א שמועס מיט דעם ניין־יאריקן מיידעלע אניטא, דער שכנהטעס מעכטערל, און ביי איר אויסגעפרעגט, וואס ס'טוט זיך ביי זיי אין שטוב, וואס איר טאטע טוט אין די אוונטן, און פארוואס הערט ער פון הינטערן וואנט, ווי די מאמע בייזערט זיך עפעס אזוי שטילערהייט, מיט א שושקענ־דיקן קול? נאר דאס מיידעלע פארשטייט אים נישט.

איין מאל האט ער זי אריינגענומען צו זיך אין צימער און אוועקגע־זעצט ביי זיך אויף די קני, און פארפירט מיט איר אזא שמועס:

— אז איך וועל דיר געבן צוואנציק סענט, וועסטו מיר געבן א קוש?

די בלויע אייגעלעך פון אניטען האבן נאאיוו אויפגעלעבט, און זי האט געזאגט:

— אין באק יא, אין די ליפן נישט.

— פארוואס אין די ליפן נישט?

— ווייל די מאמע הייסט נישט קושן קיין מענער אין די ליפן.

שלייפשטיינס איינגעגראבענע אויגן האבן אנגעהויבן פינקלען, ער דריקט דאס קינד צו דער ברוסט און שעפטשעט:

— אין די ליפן... וועל איך דיר געבן פופציק סענט...

— מען טאר נישט, זאגט דאס מיידעלע און וויל אנהויבן וויינען.

זי רייסט זיך פון אים ארויס און אנטלויפט.

פון דאן אן האט זיך שלייפשטיין אנגעהויבן פילן מאדנע. ער האט אפטמאל געפרווט אפשטעלן זיין שכנהטע און פארפירן מיט איר א שמועס, אבער דאס ווייבל האט עפעס ווי מורא געהאט פאר אים. זיין אויסזען איז טאקע געווען נישט קיין געווענלעכער, ער האט זיך נישט געגאלט, ווייל ער איז געקומען צום שלום, אז גאלן זיך איז אומנאטירלעך און נישט נויטיק, און דערצו פארענדערט עס דעם נאטירלעכן אויסזען פון דעם מאן. ער האט געטראגן לאנגע האר, און זיך זעלטן געקעמט; איין גרויסער סנויל פון זיינע האר איז געווען אינגאנצן גרוי, ווען די איבעריקע האר זיינע

זענען געווען פעך-שוואַרץ. כאָטש ער איז געגאַנגען ריין אָנגעטאָן און מיט א ווייסן קאָלנער, איז דאָך זיין אנצוג געווען אין א פולקאָמענער אומאָר־דענונג, און דער שניפּס כמעט קיינמאָל נישט פאַרבונדן.

ווען ער האָט באַגעגנט א מענטשן, האָט ער געזוכט נאָך יענעמס אויגן און איינגעגראָבן זיין גלאַנציקן קוק צו יענעם אין די אויגן אריין...

אָפטמאָל פלעגט פּאַסירן, אַז ער האָט נישט באַוויזן צו כאַפּן יענעמס בליק, פלעגט ער זיך אומקערן, נאָכגיין יענעם, ביז ער האָט אים איבער־געיאָגט, אריינקוקן אין די אויגן און אוועקגיין...

III

עס איז שוין געווען ווייט אין ווינטער, ווען שלייפשטיין האָט איינ־געזען, אַז מער אין שטוב ליגן איז פאַר אים אוממעגלעך און אַרומוויקלענ־דיק זיך מיט א גרויסן רויטן שאַל דעם האַלדז, האָט ער אָנגעהויבן אָפטער ארויסגיין אין גאַס.

ער האָט שוין אָבער געפילט, אַז ער האָט פאַרלוירן די פעאיקייטן צו לעזן אין די מענטשלעכע פנימער ווי פון א בוך אַרויס זייערע אינערלעכע געפילן און אינסטינקטן, ווי אין די שטילע זומערדיקע פרימאָרגנס אין פּאַלערמאָ. ער איז מער נערוועז און זיין בליק איז שוין נישט פילאָזאָפיש רואיק ווי פריער.

שלייפשטיין האָט געזוכט די אורזאַך פון דעם און ער איז געקומען צום שלוס, אַז איצט נויטיקט ער זיך שוין נישט אין דעם מענטשן, ווייל ער האָט אים שוין אויסגעשטודירט ביזן גרונט. און פונקט אזוי ווי א בוך אַן איבערגעלעזענער ווערט פון זיך אַליין פאַרמאַכט, אזוי איז דאָס מענטשלעכע האַרץ פאַר אים, שלייפשטיינען, פאַרמאַכט געוואָרן...

די גרונט־אידייע פון דעם מענטשן האָט ער שוין דערוואָרבן, ארויס־געלעזן, ער ווייסט שוין אַלע פאַרבאָרגענע פאַלבן פון דעם מענטשלעכן א י ך. איצט דאַרף ער אים, דעם מענטשן, שוין מער נישט... ער נויטיקט זיך נישט אין אים! מעג דער מענטש פאַרמאַכן און עפענען פאַר אים דאָס האַרץ, ער ווייסט שוין סיי־ווי־סיי אַלעס, ער — שלייפשטיין!

און שלייפשטיין האָט באַשלאָסן אויסצושטודירן די איינזאַמקייט פון זיך אַליין, צי פאַרמאָגט ער אין זיך אַליין, אין זיין איינזאַמקייט אַלע אייגנ־שאַפטן (די שלעכטע נאַטירלעך) פון די דורכשניטלעכע מענטשן, וואָס ער זעט פאַר זיך.

ער האָט זיך אריינגעלייגט אין בעט און איז אָפּגעלעגן אַ גאַנצן טאָג, צוהערנדיק זיך צו דעם זשומען פון די פליגן ארום זיין בעט און צו דעם קלאַפּן פון זיין האַרץ.

אין אָוונט האָט זיין שכנהטע לייכט אָנגעקלאַפּט אין טיר און איז לאַנגזאַם אריין אין צימער, איר פּנים איז געווען בלייך און אַביסל דער־שראָקן.

— סעניאָר שלייפשטיין, פאַרוואָס עסט איר עפּעס נישט? — האָט דאָס ווייבל אים געפרעגט מיט אַ האַלב־דערשראָקן קול.

— איך מוז דערגרונטעווען דעם סוד פון מיין איינזאַמקייט — האָט שלייפשטיין קאַלט געענטפערט.

— אָבער וואָס האָט דאָס צו טאָן צום עסן?

— דער מענטש ווערט באַהעפט מיט דער מאַטעריע דורכן נאַטיר־לעכן וועג — האָט שלייפשטיין געזאָגט מיט אַ מאָדנער פאַרטעמפּטער שטים.

פּלוצלינג האָט ער זיך אַ דריי געטאָן אויפן בעטל און אַ פרעג געטאָן:

— פאַרוואָס באַהעפט איר זיך מיט אייער מאַן?

דאָס ווייבל איז געוואָרן רויט און איז ארויסגעלאָפן פון צימער.

אין אַ ווײַלע ארום איז דעם ווייבלס מאַן אריינגעקומען צו שלייפ־שטיינען און זיך אוועקגעזעצט נעבן זיין בעט.

— סעניאָר שלייפשטיין, וואָס איז אייך? אפשר רופן אַ דאָקטאָר?

שלייפשטיין איז געלעגן אין בעט און געקוקט אויף איין פונקט פאַר זיך.

— סעניאָר שלייפשטיין — האָט אים זיין שכן געפרווט אַ וועק טאָן — באַדענקט זיך, עסט עפּעס, איר האָט דאָך אַ גאַנצן טאָג נישט געגעסן.

— דער מענטש באַהעפט זיך מיט דער טויטער מאַטעריע, איר פאַר־שטייט — האָט שלייפשטיין געזאָגט מיט אַ הייזעריקן גראָבן קול.

דער שכן האָט זיך אויפגעהויבן פון בענקל און אריינגערופן זיין ווייב. צוזאַמען האָבן זיי עפּעס גערעדט צווישן זיך, און דאָס ווייבל האָט שרעקנדיק געקוקט אין שלייפשטיינס זייט.

## IV

אין עטלעכע טעג אַרום האָט זיך שלייפשטיין געפונען אין אַ נישט־באַקאַנטן צימער. ער האָט געטראָגן ווייסע וועש פון גראָבע לייוונט און פּאַנטאָפל. ער איז געווען אָפּגעשוירן, און אויף זיין שאַרבן האָבן גע־שפּראָצט קליינע ווייסע הערעלעך.

די ערשטע זאַך, וואָס האָט געצויגן שלייפשטיינס אויפמערקזאַמקייט, איז געווען דאָס ווייסע בעטל מיט דער קלאָר־ווייסער איבערדעק, נאָר נאָכדעם האָט אים שטאַרק פאַראינטערעסירט דאָס טישל, וואָס איז געווען צוגעשמידט צום פּאָל. ער האָט זיך געמאַטערט צו געפינען אַ באַגרינדונג אויף דער דאָזיקער דערשיינונג, וואָס אַ טישל איז צוגעשמידט צו אַ פּאָל, אָבער זיינע געדאַנקען האָבן זיך געפּלאָנטערט, עס איז אים איינגעפאַלן, אַז אין דעם איז ער אַליין שולדיק, ווייל ווען ער וואָלט נאָר געוואָלט, וואָלט דאָס טישל נישט געווען צוגעשמידט צום פּאָל. אָבער ער אַליין האָט אויך קיין גרויסע דעה נישט איבער זיך, עס זענען נאָך פאַראַן אַזעלכע מענטשן, וואָס האַלטן אים אָפּ פון דעם, ווי צום ביישפּיל, אָט דאָס קליין מענטשל מיט די ברייטע אַקסלען, וואָס קומט צו אים אַריין, ווען ער רופט אים אפילו נישט, און בייזערט זיך און רעדט אומלאָגישע רייד.

אין די פרימאָרגנס קוקט שלייפשטיין דורך די גראַטעס פון פענצטער און סטאַרעט זיך צו געפינען אַן אידייע, וואָס איז אים געווען מאָדנע באַ־קאַנט, און ער קען זיך נישט דערמאָנען. ער קוקט אויף די מענטשן, וואָס גייען פאַרביי דעם פענצטער און קלערט עפּעס אַ זאַך, וואָס איז אים מאָד־נע אָנגענעם און ער שמייכלט מיט אינערלעכער צופרידנהייט.

אָפטמאָל באַטראַכט ער די מענטשן מיט אַ דורכדרינגענדיקן בליק און אין זיינע אויגן בליצט־אויף אַ פייערל, ער שפּרינגט אונטער פאַר גרויס שמחה און הייבט אָן אויסבויען אַ לאַנגע פראַזע, אָבער אין מיטן פאַר־פּלאָנטערט ער זיך און גייט אַוועק פון פענצטער ווי אַ דערשלאָגענער.

## V

שלייפשטיין געדענקט נישט דעם טאָג און די צייט, ער ווייסט אָבער, אַז ער איז געווען ג ע ר י ר ט. איצט היט ער זיך אָפּ נישט נאָר פון זיין הארצשלאַפקייט, נאָר אויך פון נאָך אַ שלאַפקייט, וואָס ער אַליין שעמט זיך אָנצורופן מיטן נאָמען.

אין זיין צימער איז שוין מער אָרדענונג און אַלע טאָג מאַכט ער אַ קורצן שפּאַציר און דווקא אין די צענטער־גאַסן. ער האָט אַצינד פֿיינט געקראָגן די רואיקייט, ווייל דאָס מאַכט אים דענקען און פֿאַר דענקען האָט ער עפּעס אַן אינערלעכע מורא, ווי ער וואָלט זיך דערמאָנט אין עפּעס זייער אומאָנגענעמלעכעס.

ער גייט אָפּטמאָל אַריין אין אַ ביבליאָטעק, נאָר ווען ער דערזעט, אַז עס איז פֿאַראַן אַ היפּשער עולם, ווערט ער ביי זיך אַראָפּגעפֿאַלן, זעצט זיך אַוועק ביים עק פֿון טיש און קוקט אַריין אין אַ צייטונג. ווען קיינער באַ־מערקט נישט, רוקט ער זיך אַרויס און גייט אַוועק אַהיים.

אין דער היים קלערט זיך שלייפֿשטיין און קען נישט פֿאַרשטיין, ווי אַזוי געפֿינען זיך די אַלע מענטשן צוזאַמען, רעדן צוזאַמען, פֿאַרברענגען און טוען כּמעט אַלע איין אַרבעט... ער דערפֿילט אָבער, אַז ער לאָזט זיך אַריין צו טיף אין דעם ענין, טוט ער זיך שנעל אויס, וואַרפֿט זיך אַריין אין בעט און דעקט זיך איבער מיט דער קאָלדרע, נאָר ער האַלט זיך אין איין איינחזרן: „מ׳טאָר נישט קלערן! דו הערסט? מ׳טאָר נישט"...

אָבער דער געדאַנק פֿאַרפֿאָלגט אים, נאָר ער האַלט זיך אין איין איינ־חזרן: „מ׳טאָר נישט קלערן, דו הערסט, שלייפֿשטיין! מ׳טאָר נישט קלערן!"...

.1923

# בעטלער

פון הינטער אַ ראָג גאַס האָט ער זיך אַרויסגערוקט, די האַנט אויסגעשטרעקט, איין פוס אין אַ פּאַנטאָפל, דער צווייטער אין אַ שטיוול, די ברוסט פונאַנדערגעעפנט, דאָס העמד, צעפליקט אין פּאַסן, איז אַראָפּגעהאַנגען פונעם לייב; זיין האַנט איז געווען מוסקוליסטע און שוואַרץ און האָט זיך שטייף געהאַלטן מיט אַן אויפגעעפנטער דלאָניע.

פון אונטער אַ לאַמטערנע האָט ער, פון דער פינצטער אַרויס, געוואָרפן פלאַמעדיקע בליקן פון אַ פּאָר ברענענדיקע אויגן, ווי אַ רויב־חיה, ווען זי איז הונגעריק; דאָס מויל צעקרומט, די האָר, ווי פון אַ ווילדן חזיר, צונויפגעקנוילט און שטייף.

— איך בין אַן אָרימער מענטש, גיט עפּעס!

אַ פאַרבייגייער האָט אַ שנעלן בליק געוואָרפן אויף דעם פאַרשוין, האָט אינסטינקטיוו דערפילט געפאַר, און האָט זיך אַ נעם געטאָן אָן דער זייט און גענומען שנעלער גיין.

— גיט עפּעס — האָט דער בעטלער אַרויסגעברומט, און איז מיט אַ שטייפער רירעוודיקייט אים נאָכגעלאָפן, פּרובירט פאַרלויפן דעם וועג, און אויסגעשטעלט די האַלב פאַרמאַכטע שוואַרצע האַנט. — גיט עפּעס.

אויף דער לענג פון דער שמאָלער גאַס איז געווען פינצטער; אַ גאַס אָן קלייטן. די לאַמטערנעס האָבן געוואָרפן העל־מאַטע, רונדיקע רעדער און נאָך פינצטערער געמאַכט דעם אַרום. דער דורכגייער האָט געפילט ווי הינטער אים גייט נאָך דער בעטלער, שאַרט מיטן ווייכן פּאַנטאָפל, אַ שאַר מיטן פּאַנטאָפל און אַ קלאַפּ מיטן שטיוול.

— דער טייוול זאָל זיי נעמען! — האָט דער בעטלער אַ קריץ געטאָן מיט די ציין און איז שטיין געבליבן.

פון דער פינצטער אַרויס האָט זיך לייכט באַוועגט און זיך דערנענטערט אַ פרויען־פיגור. עס האָט זיך געהערט דאָס דריבנע קלאַפּן פון אָפּזאַצן אָן טראָטואַר. האָט ער זיך אַרונטערגערוקט הינטער'ן אַ טיר און ווען די פרויען־פיגור איז אָנגעקומען, איז ער אַרויס מיט דער אויסגעשטרעקטער האַנט, האָט אויסגעשצירעט די ציין און אַרויסגעשיפּעט:

— גיט עפּעס סעניאָריטאַ!

די פרוי האָט אַ ציטער געטאָן, האָט שנעל געעפנט דעם האַנט־בייטל, אַרויפגעלייגט אויף דער אויסגעשפּרייטער שוואַרצער דלאָניע עטלעכע מטבעות און איז מיט דריבנע שנעלע טריטלעך אַוועק. עס האָט זיך געפילט שרעק אין איר שנעלן גיין.

דער בעטלער האָט זיך אומגעקוקט, האָט אַ שפּיי געטאָן, אַ קראַץ געטאָן דעם קאָפּ און זיך געלאָזט גיין אין אַ זייטיקער געסל, דאָרט ווו פון ווייטן לויכטן רויטע שילדן פון גרויסע רעסטאָראַנען און קאַפע־הייזער.

— אַ רוח אין זיי! זיי גיבן נישט! — האָט ער געברומט און רירעוודיק און שטייף, ווי ער וואָלט אונטערגעלאָפן, געלאָזט זיך צו דעם באַלויכטענעם געסל.

— אַ מעסער אין זייט דאַרף מען זיי געבן! מיט לייז פאַרוואַרפן! זיי גיבן נישט! — האָט ער אַלץ געברומט פון צווישן די ציין.

פון ווייטן האָט זיך באַוועגט עמיצער אין אַ שינעל, דער בעטלער האָט זיך אַ נעם געטאָן אָן אַ זייט און איז געבליבן שטיין האַרט ביים וואַנט, די פיגור אין שינעל איז געגאַנגען לאַנגזאַם, וויגנדיק זיך, איז שטיין געבליבן ביי אַ באַלויכטענעם פענצטער פון אַ קלייט. דער בעטלער האָט אַ לאָז געטאָן אויף אים זיין בליק, דערזען, אַז עס איז אַ זעלנער, איז ער ווייטער געגאַנגען.

פון צווישן די ביימער פון דער אין פינצטערניש איינגעהילטער פּלאַסע האָט זיך אַרויסגעקנוילט אַ שוואַרצער קנויל, זיך געלאָזט גלייך אויף אַ פּאָרל, וואָס איז אָנגעקומען, נאָכגעלאָפן און זיך געפּלאָנטערט אונטער די פיס, ווי אַ שוואַרצער קודלאַטער הינטל, עס האָט זיך געהערט אַ קוויטש מיט אַ ניגון:

— פון־פאַן־פו־פו־פז, פּאָברע!

דאָס פּאָרל איז שנעל אַוועק, דאָס קנוילעכל האָט זיך אָפּגעשטעלט, האָט ווי אַ שמעק געטאָן אין דער לופט און זיך געלאָזט לויפן. אַנטקעגן איז אָנגעקומען דער בעטלער, דאָס קינד איז אָנגעלאָפן, האָט געזוכט אין

אַ קעשענע, ווו עס האָבן געקלונגען עטלעכע מטבעות און עס איבערגע־
געבן דעם בעטלער, היטנדיק זיך נישט צו כאַפּן אַ קלאַפּ.

— שלאַנגען זאָלן זיי בייסן. זיי גיבן נישט! — האָט דער בעטלער אַ
ברום געטאָן און איז אַריין אין פינצטערניש פון דער פּלאַסע.

פון יענער זייט גאַס האָט געקאָכט מיט רעשיקן נאַכט־לעבן, אויטאָ־
מאָבילן און טראַמווייען האָבן געקלונגען און געפייפט; די עלעקטרישע
שילדן, פייערדיקע, רויטע, האָבן אַראָפּגעלויכטן פון דער הויך. דער בעט־
לער איז געגאַנגען צווישן די פרישע, נאַכטיקע בייטן פון דער פּלאַסע צום
רעשיקן צענטער. די העלע עלעקטרישע לאָמפּן האָבן אים ווי געערגערט,
דער מענטשן־טומל האָט אים געקרענקט.

— שטאַרבן זאָלן זיי ווי זיי גיבן נישט — האָט ער געברומט — זיי
ווילן אים נישט געבן קיין נדבות, אַרבעטן זאָל ער גיין, זאָגן זיי אים, אַר־
בעטן זאָלן זיי, מיט לייז דאַרף מען זיי פאַרוואַרפן!

פון אונטער זיין שטערן אַפיר האָט אַרויסגעפּונקלט אַ שוואַרצער בליק.
ער איז שטיין געבליבן נעבן אַ געמויערטן קיאָסק און זיך אַרומגעקוקט. אויפן
אַנטקעגנדיקן העל באַלויכטענעם טראָטואַר מיט ליכטיקע פענצטער פון
רעסטאָראַנען, ווו עס האָבן זיך געבראָטן הינדלעך אויף עלעקטרישע באַק־
אויוונס און שווייצאַרן מיט מעשענע קנעפּ זענען געשטאַנען אין די טירן,
איז אין אַ טונקעלן ווינקל געזעסן אַ פרוי אין אַ באַרג שמאַטעס. זי האָט
אויסגעזען ווי אַ פּעסל, אַרומגעוויקלט מיט כלערליי קליידער, מענערישע
צעריסענע רעקלעך, ספּאָדניצעס, בלוזעס אָן אַרבל און פּאַטשיילעס. איבער
דעם באַרג שמאַטעס האָט זיך לאַנגזאַם געוויגט אַ קיילעכיק קליין קעפּל
מיט אַ ברוין פאַרלישייעט פּנימל, און ווי איבערגעשניטן אין דער מיט
מיט אַ מויל, וואָס האָט זיך געצויגן פון אויער צו אויער. אַ קניפּל האָר
האָט זיך געקנוילט אויפן שפּיץ קעפּל, ווי ביי אַ ליימענער געצקע.

זי האָט זיך געוויגט הין און הער און פון צעעפנטן מויל האָבן זיך
אָן אויפהער געריסן פאַרצווייפלטע געשרייען, און אָט איז זי זיך פאַרגאַנ־
גען אין אַן אויסגעצויגענעם יאָמער, ווי זי וואָלט באַוויינט אַ בר־מינן.

— לימאָסניטאַ. לימאָסניטאַ, פּאָברע, מוכער קאָן היכאָס!

דער בעטלער האָט פון ווייטן באַטראַכט זיין „ווייב", ווי זי „אַר־
בעט", האָט אויסגעשפּיגן, זיך אַ קראַץ געטאָן דעם קאָפּ מיט די געדיכטע
צעפּודלטע שטייפע האָר, ווי ביי אַ ווילדן חזיר, און זיך געלאָזט אַריבער־
שפּאַנען די גאַס. ווען זי האָט אים דערזען פון ווייטן, האָט זיך דער גאַנ־

צער בארג שמאטעס א הויב געטאן, זי האט זיך נאך שטארקער צעוויגט און ארויסגעלאזט יאמערלעכע קולות, די פארבייגייער האבן זיך אפגע־שטעלט. זי האט ארויסגעשטעלט פון די שמאטעס ארויס א שווארץ גע־שוואלן הענטל און אונטערגעכאפט די מטבעות, וואס מען האט איר צו־געווארפן. פון א העל באלויכטענער גאס האט זיך געצויגן אן אומאויפ־הערלעכער מענטשן־שטראם און זיך צעגאסן איבער די ארומיקע גאסן אין לעבעדיקע קאלריטע שטראמען, ווי אין א קארנאוואל־פראצעסיע. גליק־לעך געארעמטע פארלעך האבן ווי פארבייגעשוועבט מיט רעשיקן געלעכ־טער, עס האט זיך געדאכט, אז די גרויסע שטאט פייערט אן אויסערגע־וועגלעכן יום־טוב.

דער מענטשן־שטראם האט אן אויפהער געפלייצט פאר די באלויכ־טענע שויפענצטער און ווי געשטופט פון די פריש־אנגעקומענע מחנות, זיך צעגאסן איבער די ארומיקע גאסן פון דער פלאסע. פון צווישן די טונ־קעלע בייטן האט זיך ארויסגערוקט אויפן גזעמס עפעס א מאדנע באשע־פעניש, זיך אונטערגעפלאנטערט ביי די פיס פון די פארבייגייער, געשלעפט זיי פרויען פאר די קליידלעך און געברומט מיט א וויינענדיק קול. די מענ־טשן האבן זיך ווי דערשראקן אפגעשטעלט, אראפגעקוקט צו א פארקריפלטן גוף, וואס האט זיך געשארט אויפן גזעמס און עפעס אים צוגעווארפן. דאס באשעפעניש האט א פריילעכן קוויטש געטאן און איז אפגעלאפן, אונטער־שפרינגענדיק אויפן האלבן קערפער צו די פינצטערע בייטן פון דער פלא־סא. ביי דעם געמויערטן קיאסק איז געשטאנען דער בעטלער. ער האט אויסגעשטרעקט די האנט פון טונקל ארויס, האט צוגעמאכט די אויגן און מיט א בעטנדיק קול אויסגעזונגען:

— גיט עפעס אן ארימען בלינדן, גיט עפעס, גוטע מענטשן!

זיין שווארצע מוסקוליסטע האנט האט ווי געציטערט, און ווען עמי־צער איז פארבייגעגאנגען, האט זי זיך ווי געצויגן צו יענעם, ווי זי וואלט אים וועלן פארשטעלן דעם וועג.

— זיי גיבן נישט, שטארבן זאלן זיי, זיי גיבן נישט — האט ער גע־ברומט צווישן די ציין.

פון ארום האט אפגעהילכט דער פריילעכער געפילדער פון די שפא־צירנדיקע, וואס זענען אנגעקומען פון אלע גאסן און אנגעפולט די שטאט מיט נאכטיקן לעבן און געגוס.

.1935

# גריסאלדא

אײנמאָל, װען איך האָב געמאַכט אַן עקסקורסיע אין די קאָרדיזישערן מיט אַ גרופּע מײַנע חברים, האָבן מיר געפֿונען אין שנײ אַ קלײן פּעקעלע. אַ קלײן העפֿטל איז געװען אײַנגעבונדן אין אַ טאַשנטיכל, דאָס העפֿטל איז געװען ערטערװײַז צעלעכערט, קענטיק, אַז אַן אָדלער האָט מיט זײַן שאַרפֿן שנאָבל געפּיקט אין פּאַפּיר. מיר האָבן געזוכט אַרום, טאָמער װעלן מיר געפֿינען נאָך אַ סימן פֿון אַ מענטשלעכן באַזוך אין דעם אײַנזאַמען פּלאַץ, מיט אײביקע שנײען באַשאָטן און באַװאַקסט פֿון װײַסע טיטאַנען־בערג. אָבער קײן שפּור האָט מען נישט געזען. דאָס איז געװען אַ װינקל אין די בערג, װאָס ענדיקט זיך מיט אַן אָפּגעשניטענעם ברעג, װאָס הענגט אַרום און איבער אָפּגרינטן, װו עס פֿאַלן אַראָפּ די אָפּגעריסענע שטײנער מיט אַ דומפּיקן עכאָ. איך בין אַװעק אין אַ זײַט, האָב פֿונאַנדערגעבונדן דאָס טיכל, װאָס איז געװען אַביסל דורכגעפּוילט פֿון פֿראָסט און האָב געעפֿנט דאָס העפֿטעלע. פֿאַר אונדז איז געװען אַ גע־װענלעכער שול־העפֿט, בלױ געליניִרט. עטלעכע זײַטלעך זענען געװען פֿאַר־שריבן מיט אַ נערװעזישער האַנטשריפֿט, דער פֿראָסט און די פֿײַכטקײט האָט געמאַכט צעשװימען דעם טינט און די קרומע שורות זענען געװען האַלב פֿאַרמעקט.

אין דער הײם האָב איך עס געלאָזט אױסטרוקענען און איבערגעל־לײענט. דאָס איז געװען געשריבן פֿאַרשטײט זיך אין שפּאַניש און איך גיב עס דאָ איבער, אױף װיפֿל עס איז מעגלעך טרײ צו זײַן דעם טעקסט, אין ייִדיש:

„װען איך בין מיט איר אַלײן געזעסן אין צימער, האָב איך געמײנט, אַז די װעלט מיט אַלע אירע גרױסקײטן און שײנקײטן איז באַשאַפֿן גע־

וואָרן צוליב מיר אַליין. ווען מען האָט גאָט צוגעטיילט אַזאַ גליק אַרייַנצו־קוקן אין אירע אויגן, וואָס האָבן געשטראַלט מיט שוואַרצע שטראַלן, ווי גרויסע שוואַרצע בריליאַנטן. און ווער האָט געקענט נאָך האָבן פאַרגעניגן צו רעדן מיט איר, צו דריקן איר האַנט, וואָס איז געווען ווייס און דורכ־זיכטיק, ווי קרישטאָל.

אויפכאַפּן איר בליק און פילן, אַז זי איז אינגאַנצן מיינע. אַ טשוי־לענער נאַטור, אַ רוּאיקע, איר טראַכט און באַוועגונג — געלאַסן, עלאַס־טיש... גוטסקייט, אומבאַגרעניצטע גוטסקייט, האָט אַרויסגעקוקט פון אי־רע אויגן. ליבע, ליבע.

בין איך מיט איר געזעסן אין איר צימער. זי איז געווען אַביסל מיד פון אונדזער שפּאַציר. מיר האָבן געקלעטערט צופוסנס פון די בערג, צווישן די שטעכיקע גראָזן און שטיינער, איר פּנים האָט זיך גערויטלט פון אָנ־שטרענגונג. די אויגן האָבן לעבהאַפט געפונקלט. און ווען זי איז מיד גע־וואָרן, האָט זי זיך אָנגעשפּאַרט אין מיין אָרעם. ווי אַנגענעם דאָס איז געווען.

אַהיימגייענדיק צוריק, ווען מיר האָבן זיך דערווייטערט פון די בערג, האָב איך דערפילט אַ ווינטל, וואָס האָט אַ בלאָז געטאָן ווי מיט אַ בליי־איקן אָטעם און איז באַלד שטיל געוואָרן.

די לבנה האָט זיך פאַרהאַלטן הינטער אַ באַרג.

שווייגנדיקע זענען מיר שנעל אַהיימגעגאַנגען. איז עס געווען אַ פאָר־געפיל, וואָס האָט אונדז אַזוי ווי געטריבן אַהיים?

ביי איר אין צימער איז געוואָרן היים, די רויזן אין די בלומען־טעפּ זענען בלייך געוואָרן און פלוצלינג די ערד, די ערד האָט אַ ציטער געטאָן! דאָס בענקל איז אַרויסגעשפּרונגען פון אונטער מיר. אַ ראַם פון אַ פענצ־טער האָט זיך אַראָפּגעריסן אויף יענער זייט. דאָס האַרץ האָט זיך אָפּגע־שטעלט און איך ווייס נישט, ווי אַזוי איך האָב זיך געפונען אין פינצ־טערן דרויסן.

אַרומגעכאַפּט פון אַ ליאַרעם און אַ יאָמעריי. אַ נאַקעט קינד האָט מיך געריסן פאַר דער פאָלע און זיך נאָכגעשלעפּט. רויך און שטויב האָבן זיך געשפּאַרט אין מויל און אין די אויגן. און אונטער מיינע פיס איז די ערד אַנטלאָפן, ווי איך וואָלט געשטאַנען אויף אַ גליטש. מיין מוח האָט נישט געאַרבעט, מיינע חושים זענען ווי אָפּגעשטאָרבן, פאַר די פאַרנעפּלטע אויגן האָט זיך געשפּאַרט אַ שטאָלענער הימל מיט מילך־פּאַסן, אַ רויטע

לבנה, אָן אַ מינדסטן אָפּגלאַנץ איז געלאָפן האַרט מיטן האָריזאָנט. צוויי האַלב־נאַקעטע פּרויען האָבן מיך אָנגעכאַפּט פאַר די אָרעמס, זיך עפּעס געבעטן ביי מיר, זייערע אויגן זענען געווען פאַרחלשטע, די בריסטן, געל־בלעכע, זענען געהאָנגען אַריבער די העמדער. איך האָב זיך אַרומגעזען, איך האָב זיך געפונען אין אַ צערודערטער, משוגע־געוואָרענער מענגע, וואָס האָט זיך געטראָגן צו דעם האָריזאָנט־צו, ווי זיי וואָלטן זיך געיאָגט נאָך דער לבנה. געביידעס זענען צעפאַלן געוואָרן און זיך צעשאָטן אין וואָלקנס שטויב און רויך, מענטשן זענען געקראָכן איבער בערג מיט ברוכ־ווארג, געקראָכן און פאַרשווונדן געוואָרן. עפּעס האָט געגעבן אַ פאַל אויף מיר, איך האָב דערפילט אַ פייכטקייט און האָב זיך ווי אויפגעכאַפּט. די ערד, די ערד האָט אַ ציטער געטאָן! גריסאַלדאַ! גריסאַלדאַ! ווו איז גריסאַלדאַ! איך האָב זיך אַרומגעקוקט אויף אַלע זייטן — שטויב, רויך, פייער. צום האָרי־זאָנט־צו שפּאַרט זיך אַלץ די משוגע־געוואָרענע מענגע, וואָס מאַכט מיט טויזנטער הענט און לויפט צו דער לבנה־צו, וואָס ליגט שוין אַ רויטע ביים ראַנד פון הימל, ווי אין אַ טייך בלוט. גריסאַלדאַ!

איך בין געשפּרונגען איבער אויסגעבויגענע בלעכן און דעכער, צע־בראָכענע געהילצן, קאַרניזן־סטאַטועס מיט אָפּגעבראָכענע הענט און פיס, איך בין געשפּרונגען איבער מענטשלעכע קערפּערס און בין דורכגעפאַלן דורך פונאַנדערגעעפנטע טירן, דורכגעשפּרונגען דורך איינגעפאַלענע פענצ־טער.

גריסאַלדאַ! גריסאַלדאַ! ,

מיינע הענט רייסן די טיר, ברעכן די לאָדנס, די שטאַנגען, שטויב און ציגל פאַלן אויף מיר. אַ געררויש פון אָפּגעריסענע ראַנדן ביים דאַך האָט אָפּגעענטפערט. נאָך אַ שפּאַר אין טיר, אַ ריס דעם ריגל, די סלופּעס — איך בין אינעווייניק! אונטער איינגעוואַלגערטע ווענט האָבן אַרויסגעקוקט די פיסלעך פון אַ טיש, פּרויען־קליידער, ציגל , בערג מיט ציגל. איך האָב זיך געלאָזט לויפן צום האָריזאָנט-צו, דאָרט ווו די מענגע האָט זיך גע־שפּאַרט אין ווייטקייט, הייסע אָטעמס האָבן מיר געיאָגט אין פּנים. מיר האָבן זיך געשטופּט ווי אַ צעשראָקענע סטאַדע, אַלץ ווייטער פון שטאָט, ווו פייער און רויך האָבן פאַרשלונגען די גאַסן.

און די ערד האָט ווידער אַלעמען אַ שטויס געטאָן, בערג מיט מענטשן זענען אויף מיר אַרויפגעפאַלן, מיך צוגעקוועטשט צו דער ערד. מיט די פויסטן האָב איך זיך פאַרטיידיקט, געקלאַפּט מיט די פויסטן אויף עמיצנס

א צעשראָקענעם פּנים, איך האָב זיך דורכגעגליטשט ווי א פיש אונטער א מענטשן־הויפן און ווייטער געלאָפן. איך בין געלאָפן צו די בערג, וואָס זענען ווי א פעסטונג, וואָס קענען זיך פארמעסטן מיט דער ערד, מיט די הימלען, וואָס אין זייער קאַלטן שוים ווערן פארקילט די געבליטן פון דער ערד.

ווערן פארגליווערט די אונטערערדישע שטראָמען לאַווע און פייער. א פארשטיקטער עכאָ פון א ליארעמדיקער מהומה האָט טעמפּ אָפּגעהילכט הינטער מיר. אין די בערג איז שטיל געוואָרן. די פארשנייטע קעפּ פון די קאָרדיזשערן האָבן געדרעמלט זייער אייביקן דרעמל אין דער שטילקייט פון דער נאכט. א וואסער־פאַל האָט מאָנאָטאָן געראוישט צווישן פעלדזן, אויסמורמלענדיק זיין אייביק געזאנג פון שניי און שטילקייט.

איך בין געגאנגען אַלץ טיפער אין די בערג. אונטער מיינע פיס האָט געסקריפּעט דער שניי, וואָס איז געלעגן אויסגעשפּרייט ווי טויטע, ווייסע דעקעס. איך האָב מיך דערפילט מאָדנע נאָענט צו דעם אַלרוים, צום קאָסמאָס.

גריסאלדא! שוועבט נישט דיין נשמה איצט ארום מיר אין די קאַלטע בערג ביים אייז־קאַלטן שטראָם אין די פעלדזן? וואכט נישט דיין מילדער בליק איבער מיין פּנים? און אויב איך בין געוועזן שולדיק קעגן דיר, זאָל דער אייז־קאַלטער שטראָם מיך פארשלינגען און פארטראָגן מיין קערפּער דורך טויזנטער פארבאָרגענע וועגן אין די שנייאיקע אָפּגרינטן פון די בערג. זאָל זיך אויפהייבן א שניי־שטורעם און ווי א שפּענדל מיך טראָגן פון בארג צו בארג, פון טאָל צו טאָל.

גריסאלדא! גריסאלדא!"

.1935

# אויפן ים

אכמורנער, נעפּלדיקער מאָרגן. די וואָלקנס האָבן געשוועבט נידעריק איבערן ים; די כוואַליעס האָבן געאָטעמט איינגעהאַלטן, פאַרטעמפּט, ווי זיי וואָלטן פאַרטייעט דעם ריזיקן כוח, וואָס ליגט אין זיי. ביים ברעג זענען געלעגן די פישער־שיפלעך, אייניקע איבערגעקערט מיט די דעקן אַרויף. פישערס האָבן פאַרריכט נעצן, פאַרשמירט די שפּאַלטן פון די שיפלעך מיט סמאָלע. באָרוועסע פישער־יונגען האָבן זיך אַרומגעדרייט אַרום די שיפלעך, זיך געגרייט אויף אַ שלאַקס־רעגן, האָבן צונויפגענומען די נעצן און איבערגעדעקט מיט זעק די חפצים, וואָס קענען פאַרנעצט ווערן. אין לופט האָט זיך געפילט געברענטע סמאָלע, פיש און געזאַלצענע פייכטקייט. עס איז געוואָרן טונקל, ווי אין אָנפאַנג מאָרגן וואָלט זיך שוין פּלוצלינג אָנגערוקט די נאַכט.

פון די בערגלעך, וואָס אַרום ברעג, האָט זיך באַוויזן אַ פאַרשוין מיט אַ זשאָקע אַראָפּגערוקט איבער די אויגן, די קאַקי־הויזן אַרומגענומען מיט געלע פּאַלאַינעס און אַ שטעקן אין האַנט.

— גוט מאָרגן מאַרטין — האָט ער געזאָגט צו אַ פישער, וואָס איז געזעסן אין זיין שיפל און פאַרריכט די נעצן. — ווי גייטס האַ, עס וועט רעגענען?

— שטאַרק רעגענען, מיין הער, אַ שטורעם — האָט געענטפערט דער פישער און אָנגעשטעלט זיינע קליינע גרויע אויגן אויפן טוריסט.

— זאָגט איר אַ שטורעם, וועט מען נישט קענען אַרויספאָרן פאַנגען?

— גאָט באַהיט, היינט איז אַ סכנה אַרויספאָרן, דער ים איז דאַכט זיך שטיל, האַ? אָבער אינעווייניק קאָכט ער.

און מאַרטין, דער פישער, האָט אַ קוק געטאָן מיט גאווה אויף די

טונקל־גרויע כוואַליעס, וואָס האָבן זיך מיט פּאַרטייעטער שטילקייט גע־הויבן אין גלאַנציקע בערגלעך, ווי דאָס אָטעמען פון ריזיקע לונגען.

— און די שיפלעך, וואָס זענען אין ים?

— זיי וועלן צושיפן צו די ברעגן — און מאַרטין באַטראַכט דעם פאַרוואָלקנטן הימל און זאָגט:

— אין אַ שעה אַרום וועט עס רעגענען.

די וואָלקנס האָבן זיך אַראָפּגערוקט נידעריקער איבערן ים. עטלעכע גרויסע טראָפּנס האָבן אַ קלאַפּ געטאָן איבערן ברעג, געטראָפן אין די ברע־טער פון די שיפלעך און דומפּיק אָפּגעהילכט.

דער טוריסט האָט צופרידן געריבן די הענט, האָט געקוקט איבערן פאַרכמאַרעטן ים, ווו די וואָלקנס האָבן געצויגן איילנדיק ווי שטאַרע פליגל, און געזאָגט צום פישער:

— מירן זיך אַריינכאַפּן אַנטקעגן אין ביר־הויז, מען קען דאָרט קריגן אַ גוט גלעזל ביר און געראויכערטן הערינג, האַ?

דער פישער האָט געפילט ווי עס טרוקנט אים אין גומען, אַביסל ביר וואָלט נישט געשאַדט און אָט איז אָנגעקומען זיין זון ראַמאָן. מאַרטין האָט זיך אַ קראַץ געטאָן אין קאָפּ, האָט אַ קוק געטאָן אויפן ים און אַ מורמל געטאָן:

— יאָ עס שניידט זיך אויף אַ שטורעם.

ער האָט געהייסן ראַמאָנען איבערדעקן דאָס שיפל מיטן ברעזענט און זיי זענען אַוועק אין ביר־הויז. דאָרט איז טאַקע געווען וואַרעם, עס האָט געשמעקט מיט געפּרעגלטע פיש, מיט ווייַן און רויך פון שטאַרקע ציגאַרן.

זיי האָבן זיך אַוועקגעזעצט ביי אַ טישל אין אַ טונקל ווינקל, ראַמאָן, ז'ער זון זיינער, אַ יונגער בחור מיט ברייטע פּלייצעס און שווערע הענט, אויגן קליינע, ווי ביי אַ קאַלמיק, האָבן געקוקט בייזלעך. און מאַרטין, זיין טאַטע, אַ נידעריקער, איינגעטרוקנט, אָבער פעסט פאַרהאַרטעוועט און ווי פאַרגאָסן מיט סמאָלע און פאַרשטייפט פון די רויע ווינטן.

דאָס ביר האָט געשוימט אין די גרויסע גלעזער, געראויכערטער הע־רינג, געפּרעגלטע פיש, צעשניטענע ציבעלעס. די אַלע געשמאַקע מאכלים האָט דער קעלנער דערלאַנגט צום טיש.

מאַרטין האָט צוערשט אויסגעטרונקען איין גלאָז ביר. דער שוים איז אים געלעגן אויף די ליפּן. האָט ער אָנגעקוקט דעם טוריסט שווייגנדיק און רואיק אויסגעטרונקען נאָך אַ גלאָז ביר.

ראַמאָן האָט געגעסן דעם געראויכערטן הערינג מיט ציבעלעס און פּאַרטרונקען מיט ביר.

ווען דער פישער האָט אויסגעטרונקען דאָס פערטע גלאָז, איז ביי אים לויז געוואָרן די צונג און ער האָט געזאָגט:

— איר, סעניאָר, ווייסט נישט, וואָס מיר פישער זענען, מיר זענען איינשטעלערס, אונדזער לעבן הענגט אויף א האָר. אָט איז א שטורעם אויפן ים, ווער גייט אונטער, דער אָרימער פישער מיט זיין שיפל.

זיין זון, ראַמאָן, האָט א ברוגזן קוק געטאָן צום טאַטן. דער טוריסט האָט אים אָנגעגאָסן נאָך א גלאָז ביר:

— טרינקט, היינט איז סיי ווי נישטאָ וואָס צו טאָן.

דער אַלטער פישער האָט גענומען א שטיק געראויכערטן הערינג, דאָס שמאַלץ האָט געראונען איבער די פינגער.

— איר האָט מיר עפּעס צוגעזאָגט — האָט דער טוריסט זיך געווענדט צום אַלטן פישער — וועגן דער אַלבאַקאָרא.

דער אַלטער האָט געוואָרפן א פרעגנדיקן בליק צו זיין זון, ראַמאָן האָט זיך אָנגעכמורעט.

— די אַלבאַקאָרא, די ווילדע חיה, וואָס האָט זיך געשלאָגן מיט אונדז אין מיטן ים.

— מען דאַרף נישט טאַטע — האָט זיך דער זון אריינגעמישט.

— א וואָרט איז א וואָרט — האָט געזאָגט דער טוריסט.

זיי האָבן אויסגעטרונקען נאָך צו גלעזער ביר, זיך איינע די אַנדערע אָנגעקוקט. אין ביר־הויז איז געוואָרן הייס; דער אַלטער האָט צעשפּילעט די מאַרינאַרקע, האָט געווישט דעם שוויס פון שטערן, און געקוקט צום זון.

— דערציילן, זאָגט איר, פון דער אַלבאַקאָרא.

—א וואָרט איז א וואָרט.

דער פישער האָט זיך א קראַץ געטאָן אין קאָפּ, האָט א זופּ געטאָן ביר און אָנגעפאַנגען:

„מיט א יאָר צוויי צוריק, אין א פאַרנאַכט, זענען מיר אַרויסגעפאָרן אויף פאַנג, דער ים איז געווען שטיל און גלאַט ווי א שפּיגל, עס האָט זיך געוויזן פיין; כאָטש שטעל אַריין די האַנט אין ים און שלעפּ אַרויס פיש, וויפל נאָר ווילסט אַליין. „מאַך גוט צורעכט די נעצן — זאָג איך

צו מיין זון — ווייל מיר וועלן האָבן אַ פאַנג, וואָס איז שוין לאַנג אַזעלכעס נישט געווען". זענען מיר אַרויסגעפאָרן ווייט צו נעכטיקן אויפן ים.

דאָס וועטער איז גוט, די לבנה שיינט נישט צו העל, די פיש שווימען דעמאָלט אַרויף אויף דער אויבערפלאַך, שפּילן זיך ווי קליינע קינדער, פּלושקען זיך און שפּרינגען.

זיץ איך אַזוי אין שיפל און רויכער מיין פּיפּקע און מיין זון פּאָרעט זיך ביים צוגרייטן די וועטשערע. פּלוצלינג דערפיל איך, ווי עפּעס אַ שאָטן וואָלט געפאַלן אויף מיר, ווי עמיצער וואָלט מיך פאַרשטעלט, איך קוק זיך אום: ביים שיפל שווימט אַן אַלבאַקאָרא, דעם קאָפּ אַרויסגעשטעלט פון וואַסער און קוקט אויף מיר מיט זיינע גרויסע קיילעכדיקע אויגן, גלייך עפּעס אַ פאַרשטענדיקע באַשעפעניש. איך קוק אויף אים. ער עפנט דעם פּיסק און שווימט גלייך מיטן שיפל. נעם איך דעם רודער און דערלאַנג אים גלייך איבערן קאָפּ. גיט ער אויף מיר אַ בייזן קוק און טונקט זיך אונטער. מיין איך, אַז איך בין שוין פּטור פון אים, רויכער איך ווייטער מיין לולקע און זאָג צו מיין זון:

— דאָ שווימט אַן אַלבאַקאָרא אָדער אַ טאָזשאַ, ווייזט אויס צו זיין אַ קלוגע באַשעפעניש.

איך האָב נישט באַוויזן אַרויסצורעדן דאָס וואָרט, ווי איך פיל ווידער ווי אַ שאָטן אויף מיר. דער פיש איז דאָ! קוקט מיט די רויטע בייזע אויגן. איך דערלאַנג אים נאָך אַמאָל, גיט ער זיך אַ טונק און אַ שפּרונג: בוכץ אין שיפל אַריין, און איך דערפיל אַ פּראַסק אין פּנים און באַוואַש זיך מיט בלוט.

איך גיב אַ געשריי צום זון. גיט ער אַ שפּרונג צו און גיט אים אַ כאַפּ אַרום; גיט דער פיש אַ דריי אויס דעם קאָפּ און קוקט אים אָן, ווי ער וואָלט אים זאָגן: „איך האָב דאָך צו טאָן מיט אים, וואָס מישסטו זיך?"... אָבער מיין ראָמאָן האָט אים געהאַלטן פעסט. האָט דער פיש געמאַכט קראַפּט, זיך אַ גליטש אַרויס געטאָן און אים דערלאַנגט מיטן עק אַ פּראַסק אין פּנים, אַז ער איז באַגאָסן געוואָרן מיט בלוט. ווער איך צעהיצט און דערלאַנג אים איין מאָל און נאָכאַמאָל און אַ דריטן מאָל מיטן רודער איבערן קאָפּ. איין אויג פון פיש קוקט צו מיר מיט רציחה. פּלוצלינג זע איך, דער פיש שפּרינגט אין וואַסער אַריין און נאָך אים מיין זון. דער ריזיקער עק פּאַטשט אין שיפל אַריין, אָט קערט ער עס איבער. נאָך גוט וואָס דער ים

איז שטיל געווען, די כוואַליעס, ווי אַ לעבער, זענען שטיל געלעגן, און ליכטיק איז געווען ווי אין מיטן טאָג, אַזוי האָט די לבנה געשיינט.״

דער אַלטער פישער האָט אָפּגעכאַפּט דעם אָטעם, האָט אַ זופּ געטאָן פונעם ביר, אָפּגעווישט דעם שוים פון מויל און געוואָלט ווייטער דערציילן, איז זיין זון ראַמאָן אויפגעשפּרונגען, האָט אַ קלאַפּ געטאָן מיטן פויסט אין טיש און אַ געשריי געטאָן צום טאַטן:

— וויפל מאָל האָב איך דיר געזאָגט, דו זאָלסט נישט דערציילן פון דעם פאַרשאָלטענעם פיש, אַלע פישער וועלן לאַכן.

דער אַלטער פישער האָט אַ שמייכל געטאָן און געזאָגט צום טוריסט:

— ער שעמט זיך מיין זון, וואָס אַ פיש האָט אים געפּאַטשט, דאָס איז געווען אַ פיש פון פינף מעטער די לענג, געזונט און ווילד ווי אַ טיגער.

דער טוריסט האָט געהייסן דערלאַנגען צום טיש נאָך ביר און ראַמאָן האָט אָן אָנגעברוגזטער געשוויגן.

— אָ, מיין הער, ווען איר ווייסט, וואָס עס איז אַזוינס אַ קאַמף אין מיטן ים מיט אַ בייזן פיש, וואָס קען מיט איין פּאַטש אַוועקלייגן אַ מענטשן, — האָט דער אַלטער געזאָגט און געקוקט צום זייט פון זיין זון.

— מיין ראַמאָן — האָט דער פישער פאַרגעזעצט — האָט זיך איינגעקלאַמערט אין פיש. אָט טונקען זיי זיך ביידע אונטער און אָט גייען זיי אַרויס אויף דער אויבערפלאַך. און זיין פּנים איז אינגאַנצן אין בלוט.

„טאַטע, אַ מעסער!״ הער איך שרייען פון ים אַרויס. איך כאַפּ מיין פישער־מעסער און וואַרף אים צו, ער כאַפּט אים אין פלי און אין אַ ווייל אַרום ווערן רויטע פלעקן אויפן וואַסער, דער פיש וויל זיך אונטערטונקען, אָבער ראַמאָן לאָזט נישט אָפּ, אַ שטריק! שרייט ער, איך וואַרף צו אַ שטריק מיט אַ האָק און איך שלעפּ דעם פיש אַרויף. מיין זון שפּרינגט אין שיפל אַריין און מיר שלעפּן. דער פיש איז נאָך נישט טויט. ער איז ווי פאַרחלשט, אָט ליגט ער דאַכט זיך אויפן רוקן, זיין ברוינער בויך אַרויס פון וואַסער, זיין עק רודערט לאַנגזאַם, און אָט לעבט ער ווידער, טוט אַ פּאַטש מיטן עק און הייבט אויף דעם קאָפּ צום שיפל. איך קוק אים אָן, זע נאָר, וואָס איז עס, דער פיש קוקט צו דיר ווי מיט רחמנות, ווי ער וואָלט גערעדט צו דיר, „וואָס האָסטו צו מיר? וואָס האָב איך דיר געטאָן?״ איין אויג איז ביי אים געווען אַרויסגעהאַקט, דאָס צווייטע איז געווען גע־

שוואַלן און פאַרלאָפן מיט בלוט. דער פיסק פונאַנדערגעעפנט, די לאַנגע פלוספעדערן האָבן אויסגעזען ווי וואַנצעס.

און מיר האָט זיך געדאַכט, איך האָב רחמנות אויפן פיש, כאַ־כאַ, איר הערט סעניאָר, איך, מאַרטין דער פישער, האָב רחמנות אויף אַ פיש.

— טאַטע דו שווייגסט! — האָט דער זון אַ געשריי געטאָן מיט כעס.

אָבער דער אַלטער פישער האָט אים שוין נישט געהערט. ער האָט אָפּגעווישט דעם שווייס פון שטערן און פאַרגעזעצט:

„איך האָב זיך געיאָגט נאָך וואַלפישן אין טיעראַ דעל פועגאָ, האָב געכאַפּט פּאָקאָס אין מאַגאַזשאַנעס, האָב שוין געזען טיבוראָנעס, אָבער אַז אַזאַ נאַרישער פיש זאָל מיך מאַכן פילן אַזוי, אַז איך האָב געוואָלט זאָגן: „מיין זון! אפשר אים אָפּלאָזן?" איר הערט סעניאָר, אָפּלאָזן דעם פיש, וועלכער האָט אונדזביידן צעבלוטיקט און צעהרגעט.

אָבער דאָס האָט געדויערט איין רגע, איך האָב אויפגעהויבן דעם רודער, דער פיש קוקט צו מיר מיט זיין איינאַונאיינציק אויג, ער קוקט און פאַרטיידיקט זיך נישט.

איך האָב פאַרמאַכט די אויגן און בוכע איין מאָל און נאָכאַמאָל. אַז מיר האָבן אים אַרויפגעשלעפּט אויפן שיפל, איז ער שוין געלעגן ווי אַ שעפּעלע, זיך נישט גערירט פון אָרט. מיין זון האָט זיך גענומען צורעכט מאַכן דעם גאַסט. „וויש זיך אַפריער אָרום דאָס בלוט" — זאָג איך אים. נעמט ער זיך וואַשן מיט ים־וואַסער, און איך צינד מיר אָן מיין לולקע; פּלוצלינג איך גיב אַ קוק, דער פיש לעבט, ער הייבט לאַנגזאַם אויף דעם קאָפּ און קוקט ווידער אויף מיר מיט זיין איינציקן געשוואָלענעם אויג.

„ראַמאָן, שטעך אים, שריי איך ווי נישט מיט מיין קול, שטעך אים! ער לעבט דאָך נאָך." ערשט ווען ראַמאָן האָט אים אַריינגעשטאָכן דאָס מעסער אונטערן גאָרגל, האָט דער פיש אַוועקגעלייגט דעם קאָפּ."

דער פישער איז אַנטשוויגן געוואָרן. אין ביר־הויז איז געוואָרן פינצטער, אינדרויסן האָט געקלאַפּט דער רעגן און דער ים האָט זיך צעשפּילט. די פישער זענען געלאָפן באַוואָרענען די שיפלעך. דער ברעג איז פאַרדעקט געוואָרן מיט שוים, ראַמאַן איז אַרויסגעלאָפן אין דרויסן צום ברעג. דער אַלטער מאַרטין האָט זיך קוים אויפגעהויבן פון אָרט.

די צונג איז ביי אים געווען ווי צוגעקלעפּט צום גומען, ער האָט עפּעס געוואָלט זאָגן און נישט געקענט. דאָס ביר האָט אים גערוישט אין קאָפּ,

האָט ער זיך אָנגעשפּאַרט אָן פענצטער און געקוקט מיט גלעזערנע אויגן צום ים.

דער טוריסט האָט געוואָלט אַרויסגיין אין גאַס, האָט אים אַ שלאָג געטאָן אין פּנים אַ ווינט מיט אַ רעגן. האָט ער דורך די שויבן געקוקט צום ים און געזען ווי די כוואַליעס, גרויע, מוטנע, האָבן זיך מיט אַ גוואַלטיקן כוח געריסן צום ברעג, זיך אָנגעקלאַפּט אָן די פעלדזן און צעשאָטן געוואָרן אין ווייסן שטויב.

די וואָלקנס, שוואַרצע, דורכגעשניטענע מיט בליצן, ווי מיט בלוטיקע אָדערן, זענען געלעגן אויף די כוואַליעס, ווי זיי וואָלטן געזויגן דאָס וואַסער פון ימס בריסטן. און אין שטעטל איז געפאַלן דער רעגן ווי אַ וואַסערדיקער פאָרהאַנג. איבער די נישט־ברוקירטע געסלעך זענען געלאָפן געלע שטראָמען; אין ביר־הויז איז געוואָרן אַזוי פינצטער, אַז מען האָט געמוזט אָנצינדן די לאָמפּן.

.1936

# ביים ברעג ים

פאַרנאַכט, ווען דער ים איז אומרואיק, די אַלבאַטראָסן ליאַרמען מיט טעמפּע געשרייען, די כוואַליעס פּאַטשן אָן די פעלדזן און דער פּלאַזש איז פייכט, ווי באַהויכט מיטן פייכטן געזאַלצענעם אָטעם פון ים, — באַוויזט ער זיך פון הינטער די פעלדזן אַרויס. ער זעט אויס ווי אַ נזיר, וואָס איז ערשט פון אַ הייל אַרויסגעקראָכן; לאַנגע צעפּאַטלטע, גרויע האָר ביז איבער די אַקסלען; אַרום שטערן זענען די האָר ווי אַ גרויע לייבן־גריווע; די אויגן, גרויסע, פאַרנעפּלטע, קוקן צום ווייט פון ים; די נאָז, אַ שפּיציקע, אַ שאַרפע און די קינבאַקן שמאָלע, ווינקלדיקע. זיין פיגורל איז אַ קליינס, אַ דאַרס און נאָר דער קאָפּ איז גרויס, און די אויגן קיילעכדיקע, נעפּלדיקע, און כאָטש ער האַלט זיי גרויס אויפגעעפנט, דאַכט זיך, אַז ער זעט קיינעם נישט. גייט ער אַזוי איבערן זאַמד פון פּלאַזש, האַרט ביים ברעג פון ים, דער ווייסער שוים, וואָס קומט צו מילד, רירט אָן זיינע באָרוועסע, בייניקע פיס, די שמאָלע קורצע הויזלעך גיבן אים צו עפּעס אַ הילפלאָזן קינדישן אויסזען. אָבער ער גיט אַ שאָקל מיט זיין גרויען מעכטיקן לייבן־קאָפּ און עס דאַכט זיך, אַז אָט־אָט וועט ער אַרויסלאָזן אַזאַ האַרצרייסנדיק יאָמערדיקן בריל, אַז פעלדז און באַרג וועלן אַ ציטער טאָן, דער ים אַליין, דער שטאַרקסטער איבער אַלע שטאַרקסטע, וועט איינהאַלטן דעם אָטעם און זיך צוריקציען אַ דערשראָקענער אין זיינע ווייטע ברעגן.

ער שטעלט זיך אָפּ און שעפּטשעט עפּעס צום האָריזאָנט; די ליפּן באַוועגן זיך שטיל, אָן אַ קלאַנג, און די אויגן, אויפגעריסענע, קוקן פאַר זיך און עס דאַכט זיך, אַז זיי זעען גאָרנישט, נאָר זיי זעען יאָ, אָט דערזעט ער ווי די זון, וואָס ליגט שוין באַלד אַ האַלבע אין ים, קוקט צו אים מיט אַ רויטן פייערדיקן בליק און זיי ביידע פאַרשטייען זיך, ער מיט דער

זון; ער ווייס, אז זי וועט באלד פארזינקען אין די וואסערן און טונקעלע שאטנס וועלן זי איינדעקן ווי מיט קאלדרעס און דאן וועלן די שטערן אויפ־שיינען איבערן ים און עס וועט זיין נאכט, און ער וועט זיך אוועקלאזן איי־בער די פינצטערע געסלעך פון שטעטל, זיך שארן ביי די ווענט, אויסמיידן די העלע פייערן פון די פענצטער, זיך אריינגנבענען אין א פישער־שיפל, זיך איבערדעקן מיט א ברעזענט.

אבער די זון איז נאך נישט אונטערגעגאנגען, רויטע העלישע פייערן שלאגן פון איר ארויס, ווי ווילדע צעפאטלטע לאקן פון א משוגע־געווארע־נעם ריזיקן קאפ. און צוויי פאסן וואלקן, רויטע, פלעכטן זיך איין ווי צוויי הענט, וואס רייסן די זון פאר די האר...

און ער שעפטשעט שטארקער, די ליפן באוועגן זיך שארפער, אבער אן א קלאנג. ער אליין אבער הערט, וואס ער זאגט, עס רוישט אים אין די אויערן זיין מורמלען, ווי דער רויש פון די כוואליעס. ער שרייט, ער מאנט, דער ים זאל אים צוריק געבן זיין מארטאן. ער פאדערט ביי דער זון, זי זאל באשטראפן דעם ים, זי זאל באצווינגען די כוואליעס אים ארויסצו־געבן זיין מארטאן; וואס האלטן זיי זי פארשלאסן אין די קרישטאלענע פאלאצן, אויפן גרונט פון די וואסערן, צווישן ים־פלאנצונגען! גענוג גע־מאטערט אים, איר מאן! זיין פישער־שטיבל ווארט אויף איר און צווישן די פעלדזן האט ער פאר איר צוגעגרייט דאס בעט.

ער גיט א בייזן שאקל מיטן קאפ און לאזט זיך גיין גלייך אין ים אריין. ביז די קני אין וואסער בלייבט ער שטיין, צעשפרייט די הענט און מאנט עפעס. אט דערהערט ער א קוויטש, ווי פון א צעשראקענער חיה, וואס מען האלט אין טויטן. ער קוקט אויף אלע זייטן, ווי ער וואלט געזוכט דאס פלאץ, פון וואנען דער קוויטש איז געקומען, די צעפאטלטע גרויע לאקן באוועגן זיך, די אויגן ווערן גרעסער און אט דערזעט ער זיין מארטאן אין די כוואליעס. אירע האר שווימען אויף דער אויבערפלאך און א מעכטיקער עק פון א טיבוראן פלאנטערט זיך ארום איר ווייסן לייב. א פארשטיקטער געשריי דערגייט צו אים, ווי א ווידער־קלאנג, וואס קומט פון די טיפענישן פון ים. ער דערזעט א האנט אין די כוואליעס, אירס א האנט א פארבלוטיקטע...

מיט יארן צוריק, ווען דאס האט פאסירט, איז ער געווען א יונגער שטארקער פישער. ער האט געהאט זיין אייגן פישער־שיפל. נישט ווייט פון ברעג איז געווען זיין ציכטיק שטיבל, וו מארטא האט אים דערווארט

אין טיר, ווען ער פֿלעגט קומען פֿון פֿאַנג. דערנאָך איז געקומען אַן אומענדלעכע פֿינצטערניש; אַלץ איז געווען אין נעפּל. זיין אייגענער טאַטע האָט ביי אים באַקומען עפּעס אַ מאָדנעם אויסזען. די נאָז פֿאַרקרומט, דאָס מויל פֿון אויער צו אויער און עס האָט זיך געדאַכט, אַז ער לאַכט פֿון אים; פֿלעגט ער אים וועלן שלאָגן, פֿאָדערן פֿון אים, ער זאָל אים אָפּגעבן מאַרטאַן. ער זאָל זיך שלאָגן מיט די טיבוראָנעס. און איין מאָל האָט מען דעם מאַטן זיינעם אַוועקגעטראָגן... אָבער דאָס אַלעס איז שוין אַזוי ווייט. אַז עס דאַכט זיך אים, אַז ער האָט עס אַליין אויסגעחלומט, ליגנדיק גאַנצע נעכט צווישן די פֿעלדזן און הערנדיק אָן אויפֿהער דאָס רוישן פֿון די כוואַליעס. און עס טרעפֿט אַמאָל, ביינאַכט ווערט דער ים אויך אַנטשלאָפֿן. די כוואַליעס זענען מילד און פֿאַרדרעמלט. די לבנה גייט אויף אַ גאַנצע, איר שיין גלאַנצט אויף די כוואַליעס, ווי אויף אַ שפּיגל און דער הימל קוקט פֿאַרוווּנדערט מיט זיינע שטערן. גייט ער אַרויס פֿון צווישן די פֿעלדזן און רופֿט זי אַרויס דורך כישוף, ער זאָגט אַזאַ שפּרוך, שעפּטשעט לאַנג מיט די ליפּן, מאַכט מיט די הענט, שאָקלט מיט זיין גרויער לייבן־גריווע און די אויגן קוקן אָנגעשטרענגט אין ווייט. און אָט דערזעט ער ווי עס באַוועגט זיך עפּעס אין די כוואַליעס, ווי עס וואָלט געשווומען אַ ווייסער גרויסער פֿיש... און פֿון דעם גלאַנציקן שטילן וואַסער־שפּיגל הייבט זיך אַרויס מאַרטאַ. איר ווייסער קערפּער גלאַנצט, די שוואַרצע נאַסע האָר צוגעקלעפּט צו די אַקסלען. זי הייבט זיך אַרויס פֿון וואַסער און מיט פֿאַרמאַכטע אויגן שוועבט זי צו אים. ער שפּרייט אויס זיינע אָרעמס, אָבער וואָס נענטער זי קומט, אַלץ דינער, אַלץ לופֿטיקער, דורכזיכטיקער ווערט זי, ביז זי צעשווימט זיך אין אַ העלן נעפּל...

יאָמערט ער אינדערשטיל און קלאַפּט זיך דעם קאָפּ אָן די פֿעלדזן און אין דער נאַכט הערט זיך אַ טרויעריק וואָרקען, ווי דאָס וואָרקען פֿון טויבן...

...ווען די זון איז אונטערגעגאַנגען, האָבן די שאָטנס זיך אויסגעלייגט איבער די כוואַליעס און ער איז געבליבן פֿאַרהילט אין זייער טונקלקייט. האָט ער זיך אויסגעדרייט, האָט שטאַלץ אויפֿגעהויבן דעם לייבן־קאָפּ, זיך אויסגעגלייכט און מיט לאַנגזאַמע טריט. זיך געלאָזט גיין צום שטעטל.

די איינוווינער פֿון שטעטל שטאָלצירן מיט אים, זיי ווייזן אויף אים ווי אויף אַ וווּנדער און טוריסטן און זומער-געסט גייען אים נאָך ביז די ווייטע פּלאַזשן.

.1936

# ביי דער דרעש־מאַשין

זעקס פּאָר אָקסן האָבן געשלעפּט די שווערע דרעש־מאַשין. אַ וואָלקן שטויב איז זיי נאָכגעגאַנגען, געהאָנגען אין דער הויך און זיך צעשוומען אין דער בלויער לופט. די אָקסן האָבן זיך שווער געשלעפּט איבערן וועג, אַרויסגעשטעלט אַראָפּגעהאָנגענע בלויע פאַרשוימטע צינגער און געבויגן די קעפּ צום שטויב פון וועג.

די דרעש־מאַשין, איבערגעדעקט מיט אַ ברעזענט, האָט זיך נאָכגעשלעפּט אויף די ברייטע אייזערנע רעדער און האָט אויסגעזען ווי אַ ריזיקער פאַרשטאַרטער פויגל מיט אויסגעשפּרייטע פאַרגליווערטע פליגל.

נחום איז געלעגן אויפן ברעזענט פון דער דרעש־מאַשין און אַראָפּגעקוקט צו דער לאַנגער שורה אָקסן, ווי זיי שפּאַנען זיך אַזוי באַזאַכט, אונטערגעמונטערט פון צייט צו צייט פון די אָנטרייבער מיט די לאַנגע באַמבוקאָווע שטעקנס.

אַראָפּקוקנדיק פון אויבן אַראָפּ, האָבן זיך פאַר זיינע אויגן אויסגעשפּרייט רונד אַרום די פעלדער; פון איין זייט האָבן זיך געכוואַליעט די ווייצן, ווי אַ גאָלדענער פינקלדיקער ים; און פון דער אַנדער זייט וועג האָט זיך דאָס פעלד געגרינט און געווייעט מיט אַ גערוך פון פרישע זאַפטיקע גראָזן.

נחום האָט געקוקט צו דער שורה אָקסן, צום בלויען הימל, צום וועג, וווּ פאַראויס זענען געריטן די אַרבעטער ביי דער דרעש־מאַשין, מיט ברייטע „באַמבאַטשעס" (הויזן) און לאַנגע מעסערס אין די לעדערנע גאַרטלען. זיי האָבן געקוויטשעט מיט ווילדער, קינדערשער פרייד, ווי זיי וואָלטן זיך געגעבן אַזעלכע מיני סיגנאַלן אין די ווייטע סטעפּעס אַריין, ווו נאָך אַזעלכע ווי זיי ענטפערן זיי פון דער ווייט אַרויס. און נחומען דאַכט זיך,

אַז דאָס אַלעס, וואָס ער זעט און הערט, איז אַ חלום, אָדער גאָר, אַז עמי־צער דערציילט אים אַ מעשהלע פון אַרגענטינע, בעת ער זיצט אין אַ ווינ־טער־אָוונט ביים אויוון נעבן דער מאַמען. ער האָט נישט ווילנדיק זיך אַ קער געטאָן און אַנגערירט מיטן האַנט דעם אַרבעטער, יונה, וועלכער איז געלעגן נעבן אים. ער האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ און זיך אַרומגעקוקט. די גאַנצע צייט איז יונה געלעגן מיט פאַרמאַכטע אויגן אויפן ברעזענט און זיך פאַרוויגט אין אַ האַלבן דרעמל. ער האָט געזען זיין שטעטל, דעם מאַרק, ער קויפט ביי די פויערים תבואות אויפן מעסטל, שלעפּט אַהיים אַ הענדל אויף שבת. די ליכטיקייט האָט אים אַ בלענד געטאָן אין די אויגן. פון פעלד איז געקומען אַ גערוך פון ערשט אָפּגעשניטן היי און פון דער זייט פון די ווייצן־פעלדער איז געקומען אַ געמורמל ווי פון שטילע כוואַליעס. ער האָט זיך אַוועקגעזעצט. זיין שפּיציק שוואַרץ בערדל האָט זיך ווי געהויבן, זיך באַוועגט צו דער הויך־צו. ער איז געווען פאַרגאַסן אין ליכט, אין בלויקייט.

— אַזאַ שפּע אַרגענטינע — האָט ער אַ זאָג געטאָן צו נחומען.

נחום האָט נישט ווילנדיק גענומען לאַכן, קוקנדיק אויף יונהן, ווי ביי אים אין די האָר האָבן זיך איינגעפּלאָנטערט זאַנגען פון ווייץ.

יונה האָט אָנגעקוקט נחומען און געפרעגט מיט נייגעריקייט:

— פון וואַנען קומסטו? אויך אַנטלאָפן, אַזאַ שנעק?

נחום האָט זיך פאַררויטלט. תמיד ווען מען וואַרפט אים פאָר, אַז ער איז נאָך אַ יינגל, פאַרשעמט ער זיך. וואָס טוט ער, אַ יינגל, אין „קוואַד־ריזשעס", צווישן גרויסע אַרבעטער. ער ווייס, אַז די אַלע אַרבעטן, וואָס מען וועט זיי געבן, וועט ער אויך קענען טאָן און אפשר נאָך בעסער און געשווינדער.

— פון מינסק.

— פון מינסק, פון דער ליטע הייסט עס; וויפל־זשע ביסטו אַלט? — האָט יונה אַ צופּ געטאָן זיין שוואַרץ בערדל.

— דרייצן יאָר — האָט נחום געזאָגט.

זיינע העל־בלויע אויגן האָבן אויפגעשיינט. די בלאָנדע האָר צעשאָטן איבערן שטערן, דאָס פּנים רונד און לויטער, האָט ער אויסגעזען ווי אַ קריסטלעך יינגל, וואָס רעדט יידיש.

— אַזוי, דרייצן יאָר — האָט זיך יונה פאַרוואונדערט — שוין גע־לייגט תפילין?

— נאָך נישט.

— האָסטו דאָ אַ טאַטע־מאַמען?

— ניין.

— ברידער?

— ניין.

— צו וועמען זשע ביסטו געקומען אין אַזאַ וויסטעניש? — האָט זיך יונה ווי צעוויינט.

— געפאָרן קיין אַמעריקע צו אַ ברודער, האָט מען נישט אַריינגעלאָזט, האָט מען מיך געשיקט קיין אַרגענטינע.

— אַ יתום נעבעך. — האָט יונה געמורמלט. און צוגעגעבן פאַרמערלעך:

— גיב אַכטונג, זאָלסט נישט אַראָפּפאַלן!

אָבער נחום האָט זיך געפילט גאַנץ זיכער אויפן ברעזענט פון דרעשמאַשין, ער וועט נישט אַראָפּפאַלן, און נישט נאָר אַראָפּפאַלן, ער זאָל וועלן, קען ער אַפילו אַראָפּשפּרינגען אויך, אַראָפּשפּרינגען און בלייבן שטיין. און ווען ער האָט אַ שטעקן, וואָלט ער געקענט אָנטרייבן די אָקסן, אָט אַזוי ווי יענער גאַאוטש מיטן לאַנגן מעסער אין גאַרטל. ער וואָלט געקענט רייטן אויף אַ פערד אויך. ער פילט אין זיך אַזאַ כוח, וואָס הייבט אים פון אָרט, וואָס לאָזט אים נישט רוען. די הענט און די פיס באַוועגן זיך נישט ווילנדיק, די גלידער ציען זיך שטייפער און דראָטיקער און דאָס האַרץ רייסט זיך אַזוי, ווי עס וואָלט אַוועקפליען אין די ווייטענישן אַריין.

ער פאַרשטייט נאָר נישט איין זאַך, פאַרוואָס האָט יונה אים גערופן יתום, אַז ער האָט דאָך אַ טאַטן מיט אַ מאַמען ביז הונדערט מיט צוואַנציק יאָר?

ווען ער האָט זיך פאַרדונגען ביי זאַיאַנצן אויף אַרבעט ביי דער דרעשמאַשין, האָט ער אָנגעשריבן אַ בריוו צו דער מאַמען, אין וועלכן ער שרייבט איר, אַז ער האָט מיט גאָטס הילף באַקומען אַרבעט ביי אַ דרעש־מאַשין, ביי אַ ייד און ער פאַרדינט דריי פּעזעס אַ טאָג מיט עסן. יעדן טאָג רעכנט מען אים דריי פּעזעס, אַפילו ווען ער אַרבעט נישט, אַזוי צאָלט מען ביי אַ דרעש־מאַשין. וועט ער אָפּאַרבעטן די ערשטע צוויי וואָכן, וועט ער דאָס געלט אַוועקשיקן דער מאַמען... דעם בריוו האָט ער נאָך נישט אַוועקגעשיקט, ער האַלט אים אין בוזעם אונטער דער בלוזע, ער וואַרט אויף זונטיק צו פאָרן אין שטעטל אַריין.

נחום ציט זיך אויס אויפן ברעזענט און קוקט גלייך אין בלויעם הימל אריין. פון די ווייטע פעלדער זענען אנגעקומען פרישע ווינטלעך מיט ריחות פון צייטיקע תבואות, פון שמעקעדיקע גראזן; און דאס הארץ רייסט זיך אלץ צו פליען, ערגעץ ווייט אין די פעלדער אריין.

צו פארנאכט־צו האט מען זיך אפגעשטעלט אויף א פעלד, וווּ זעקס ריזיקע סטויגן תבואה האבן פארשטעלט די פארגייענדיקע זון, און נאר דער רויטער אפשיין האט זיך געפארבט ביים האריזאנט.

אונטערן שאטן פון די סטויגן האבן די גאאוטשאס צעלייגט פייערן און געבראטן זייטלעך פלייש; געקאכט „מאטע" אין פארברענטע טשייניקעס, פריידיק געקוויטשעט, ווי זיי וואלטן ארויסגערופן די עכאס, וואס האבן אפגעהילכט פון די ווייטע טונקעלע פארנאכטיקע פעלדער.

נחום האט זיך אלץ געפילט ווי אין חלום. ער האט זיך פארקליבן אויף יענער זייט פון די סטויגן, וווּ עס האט זיך אויפגעדעקט דער האריזאנט ביים ראנד פון פעלד. עס האט זיך געדאכט, אז דארטן, איז דער רויטער ווייטקייט, האבן זיך די פעלדער אנגעצונדן אין א בראנד; די זון גליט אין פייער, די סטויגן זענען אויס ווי אנגעצונדענע און נחום איז אינגאנצן פארגאסן אין רויט. האט ער זיך געלאזט גיין מיטן פעלד, איז אפגעגאנגען א שטיקל וועג און איז שטיין געבליבן. עס איז אים מיט אמאל באפאלן אזא אומעט און בענקשאפט, אז ער האט זיך געלאזט לויפן צוריק צו די סטויגן, ווי ער וואלט אנטלאפן פון די נאכטיקע שאטנס, וואס האבן זיך אנגעיאגט פון אלע זייטן.

— ווּ ביסטו געווען? — איז אים יונה אנטקעגנגעקומען מיט א „מאטע" — טרינק.

נחום האט געזופט די „מאטע" און פארביסן מיט א „גאלעט". יונה האט געצופט זיין שווארץ בערדל און זיינע אומעטיקע אויגן האבן געקוקט אויף נחומען מיט פאטערלעכער ליבע.

אויף מארגן זענען זיי ארויס צו דער ארבעט. נחומען האט דער „קאפאטאס", קאפלאן, אוועקגעשטעלט ביים מאטאר צו הייצן דעם קעסל. ער האט פלינק געווארפן דאס שטרוי אין אויוון אריין, געקוקט אויפן ציפערבלאט צו וויסן, ווי עס האלט די היץ און ווען ער האט געהאט צייט, האט ער געווישט די שטאלענע שטאנגען מיט א פעטער בוימלדיקער שמאטע, גלייך ווי א מעכאניק.

יונהן האט דער קאפאטאס געגעבן גאר א גרינגע ארבעט, ער האט

באַדאַרפט נישט מער ווי אַכטונג געבן אַרום דער דרעש־מאַשין, צי עס גייט אַלעס אין אָרדענונג. און ער האָט זיך אַרומגעדרייט מיט די הענט אויף אַרונטער, געקוקט צו די אָנגעפּולטע זעק ווייץ, צו די סטויגן, אויף וועלכע די אַרבעטער זענען געשטאַנען מיט ווילעס און געוואָרפן די סנאָפּעס אין דער דרעש־מאַשין. ער האָט זיך נישט געקענט אָפּוווּנדערן אויף דער שפע, אַזאַ רייכטום און דער באַלעבאָס פאַרלאָזט זיך אויף פרעמדע הענט. און ער קלערט ביי זיך, אַז ווען זאַיאַנץ וועט קומען, וועט ער אים אָפּרופן אָן אַ זייט און גוט־ברודעריש, ווי צווישן יידן אים זאָגן, ער זאָל זיך נישט פאַרלאָזן מיט אַזאַ שפע, אַזאַ רייכטום אויף פרעמדע מענטשן, גויים. ער וועט אים טאַקע זאָגן אָפן, אַז ער, יונה, איז אויך נישט קיין פאַרשלאָפענער, ער האָט אין זיין שטעטל אויך געהאַנדלט מיט תבואה, נישט אַזוי פיל, אָבער ער ווייס, וואָס מסחר איז, ער וועט אים אויפגעבן אַ פּלאַן, וואָס וועט אים זיכער געפעלן. אַזוי קלערנדיק האָט ער באַמערקט, אַז פון אונטער דער דרעש־מאַשין פאַלן קערנדלעך ווייץ, אַ ווייץ נאָך אַ ווייץ גליטשט זיך אַדורך, ווי דורך אַ זיפּ. האָט ער זיך אונטערגערוקט אונטערן מאַשין און גענומען צונויפשאַרן די קערנדלעך אין די הויפנס. נאָר דאָ האָט ער דערפילט אַ לייכטן קלאַפּ אין קאָפּ פון אַ לויפנדיק רעדל. האָט ער זיך אַרויסגערוקט פון אונטער דער מאַשין און אַ טאַפּ געטאָן. בלוט! אָט רינט אים דאָס בלוט אויפן נאַקן אַראָפּ, גליטשט זיך אַריין מיט אַ שרעקנדיקער קלעפּיקייט אונטערן העמד אויפן לייב. אַ שרעק איז אים באַפאַלן און ער האָט זיך צעשריען נישט מיט זיין קול. מען האָט אָפּגעשטעלט דעם מאָטאָר. די אַרבעטער זענען אַראָפּ פון די סטויגן, מען האָט אים געוואַשן מיט קאַלט וואַסער, אים פאַרבונדן דעם קאָפּ און אַוועקגעלייגט אויף אַ קילן פּלאַץ הינטער אַ סטויג תבואה.

— שרעקט אייך נישט — האָט אים נחום געטרייסט, — עס וועט גאָרנישט פּאַסירן. ער איז געלאָפן אים ברענגען אַ קאַלטן טרונק וואַסער, אים צוגעטראָגן די בלעכענע קוואָרט צום מויל און געוואַרט, ביז ער האָט אויסגעטרונקען. די אַרבעטער האָבן זיך ווידער געשטעלט אַרבעטן און יונה איז געבליבן אַליין הינטער דעם סטויג תבואה. ער האָט געקלערט, אַז ער וועט זאָגן זאַיאַנצן, אַז ער קען אַנדערש נישט, קוים אַרבעט ער, מוז ער זיין געטריי. ער קען נישט בלייבן רואיק, ווען ער זעט, אַז יענעמס האָב און גוטס גייט לאיבוד. ער האָט אַ טאַפּ געטאָן דעם קאָפּ און נישט געפילט

קיין ווייטיק. דאָס בלוט האָט זיך פאַרטרוקנט מיט דעם טוך. האָט ער זיך געלאָזט גיין צו דער דרעש־מאַשין.

פון וועג איז אָנגעקומען אַ סולקע, געשפּאַנט מיט אַ לאַנגן שוואַרצן פערד. יונהן האָט ווי אַ קלאַפּ געטאָן אין האַרצן, דאָס איז זאַיאַנץ. דער רייכער קאָלאָניסט, דער באַלעבאָס פון דער דרעש־מאַשין און פון דעם גאַנצן סקאָט, וואָס פּאַשעט זיך אויף די אַרומיקע פעלדער. דאָס וועגעלע האָט זיך אָפּגעשטעלט נישט ווייט און דער קאַפּאַטאַס, קאַפּלאַן, איז צוגע־קומען. יונה האָט זיך דערנענטערט; ער האָט געזען זאַיאַנצן אויפן וועגעלע, זיין בייכיקער קערפּער מיט די קורצע פיס איז געווען ווי אַנגע־לענט אָן דעם דינעם אָנלען. דאָס פּנים פאַרברענט, שוואַרץ; די ליפּן פויל אַראָפּגעהאָנגען, עפּעס אַ מיצל, פאַרשמאָלצן און אָן אַ באַשטימטער פאָרם, האָט אים געשטעקט אויפן קאָפּ.

— קומט נאָר אַהער גרינער — האָט זאַיאַנץ געזאָגט, ווען יונה האָט זיך דערנענטערט צום וועגעלע. — ווער האָט אייך געהייסן קריכן מיטן קאָפּ אונטער דער דרעש־מאַשין?

די גרויע אויגן פון קאָלאָניסט האָבן אויף אים געקוקט מיט בייזן ברוגז.

— וואָס הייסט — האָט זיך יונה ווי צעוויינט — איך זע, אַז יידיש האָב און גוטס גייט לאיבוד, קען איך נישט שווייגן.

דער קאָלאָניסט האָט אַ שמייכל געטאָן און אַ טרייב טוענדיק דאָס פערד, האָט ער אַ זאָג געטאָן:

— מען בעט אייך נישט פאַרזאָרגן, גרינער!

דער קאַפּאַטאַס האָט זיך אַרויפגעכאַפּט אויפן וועגעלע און זיי זענען ביידע אַוועקגעפאָרן אין פעלד אַריין.

יונה איז געבליבן אַליין אין מיטן פעלד. עס איז אים באַפאַלן אַן אומעט. ער האָט זיך דערפילט עלנט, אַזוי ווייט פון זיין היים. איצט האָט ער געפילט, אַז ער איז עפּעס נישט מיט אַלעמען. האָט ער זיך געלאָזט גיין צו זיין געלעגער הינטערן סטויג תבואה. פון ווייטן האָט גערוישט די דרעש־מאַשין, די אַרבעטער האָבן פריידיק געקוויטשעט. די ווייצנפעלדער זענען געווען באַגאָסן מיט זון־שיין.

אויף מאָרגן האָט דער קאַפּאַטאַס, קאַפּלאַן, אָפּגעפירט יונהן אין נאָענטן שטעטל, אים באַצאָלט פאַר אַ גאַנצער וואָך אַרבעט, כאָטש ער האָט געאַרבעט אינגאַנצן איין האַלבן טאָג...

נחום איז אין די פאַרנאַכטן, נאָך דער אַרבעט, געזעסן הינטער די כטויגן און געקלערט, אַז ער וועט שרייבן דער מאַמען, אַז מען האַלט אים שוין פאַר אַ גאַנצן מענטשן; דער קאַפּאַטאַס, קאַפּלאַן, פאַרלאָזט אויף אים דעם גאַנצן מאָטאָר. ער קען שוין אַליין אָנצינדן דעם אויוון, געבן פאַרע, לאָזן די מאַשין, אַפּריער לאַנגזאַמער, דערנאָך שנעלער, שנעלער, ביז אין פולן גאַנג. זאַיאָנץ, דער באַלעבאָס, שמייכלט צו אים צופרידן; די גאַאָר־כטשאָס האָבן אים ליב, גיבן אים עסן געבראָטן פלייש. ער האָט שוין אַן אייגן לאַנג מעסער, וואָס ער האָט געקויפט אין שטעטל, מיט אַ לעדערנעם שיידל, ווי די גאַאוטשאָס.

דאָס אַלעס וועט ער שרייבן דער מאַמען. ער וועט איר נאָך צושרייבן, אַז ער בענקט נאָך איר אַזוי שטאַרק, אַז ער האָט נישט קיין ווערטער איר עס אַרויסצושרייבן. דערהויפּט פאַר זון־אונטערגאַנג, ווען די נאַכט קומט נאָך נישט און דער טאָג איז שוין אַוועקגעגאַנגען. און אָט דאָרטן, אין דער ווייטקייט, דוכט זיך, אַז די פעלדער האָבן זיך אָנגעצונדן, ווי אין אַ שׂרפֿה. עס כאַפּט אים דאַן אַרום אַזאַ אומעט און אַפילו אַ שרעק, אַז עס גלוסט זיך אים אַ געשריי טאָן. אָבער ער שעמט זיך. ער איז דאָך שוין אַ גאַנצער אַרבעטער.

# צווישן פעלדער

נחום האָט נישט געקענט איינשלאָפן. עס איז געווען היים און שטיקנדיק. דאָס שטרוי, אויף וועלכן ער איז געלעגן, איז געווען ווי דורכגעפּאַרעט און האָט געשלאָגן מיט אַ גערוך פון ערד. פון פעלד האָט געבלאָזן אַ וואַרים ווינטל; האָט ער אַרויסגעשטעקט דעם קאָפּ פון דער קופּע שטרוי און געזען די ווייטע פעלדער, איבער וועלכע עס איז געלעגן אַ העלער נאַכטיקער הימל מיט גרויסע העל פינקלענדיקע שטערן. פון איין זייט האָט אַרויסגעקוקט די לבנה, אַ גרויסע און אַ ווייסע, ווי אַ מעטאַלענער דיסק. און עס איז געווען כמעט ווי ליכטיק, ווי עס וואָלט טאָג געוואָרן. די דרעש־מאַשין און דער דאַמף־מאָטאָר מיטן קוימען האָבן זיך געצייכנט אין נאַכט ווי טונקעלע שלעפעריקע ריזן. ביים סטויג שטרוי, וווּ נחום איז געלעגן, איז געשטאַנען אַ געפלעקטע קו און געקייעט. זי האָט געריסן פונעם סטויג און געבראָמטשקעט מאָנאָטאָן און מיט גרויס אַפּעטיט.

נחום איז געלעגן אינעם שטרוי און געקלערט, אַז ער איז שוין איצט נישט קיין גרינער, ער ווייס שוין, וואָס אַזוינס הייסט אַרבעט, ער האָט שוין נישט מורא אַפילו צו פאַרדינגען זיך אין אַ קוואַדריזשע פון גרויסע און אַרבעטן גלייך ווי זיי. פאַר די צוויי מאָנאַטן, וואָס ער אַרבעט ביי דער דרעש־מאַשין, האָט ער זיך צו אַלץ צוגעוווינט. ער קען אַרבעטן מיט דער ווילע, ער קען רייטן אויף אַ פערד און פירן וואַסער, ער קען זיין אַ בוזשירער (פּאַסטוך); צונויפטרייבן דעם סקאָט פון די ווייטע פעלדער. ער קען אַרבעטן ביים קעסל גלייך ווי די גרויסע, נאָר זאַיאַנץ, זיין באַלעבאָס, האָט אים נישט געוואָלט צאָלן ווי מען צאָלט די אַנדערע פּעאַ־

געם (שוואַרץ אַרבעטער). איצט, אַז ער וועט קריגן אַן אַנדער פּלאַץ, וועט מען אים שוין נישט באַטראַכטן פאַר אַ יינגל. אין די צוויי מאָנאַטן, וואָס ער אַרבעט ביי דער דרעש־מאַשין, איז ער אויסגעוואַקסן, פאַרהאַר־טעוועט געוואָרן. דאָס פּנים אָפּגעברענט, די הענט מיט מאָזאָליעס. ליגט ער אַזוי און קלערט. אין קעשענע האָט ער פערציק פּעזעס, וואָס עס איז אים געבליבן פאַר די צוויי מאָנאַטן. אַ חוץ וואָס ער האָט זיך גע־קויפט אַ בלויע בלוזע, אַ גאַרטל און אַ מעסער מיט אַ לעדערנעם שיידל. איצט וועט ער קענען פריי זוכן אַרבעט. ער וועט אַוועקגיין צופוס אין קאַרלאָס קאַסאַרעס, דאָס שטעטל איז אַ גרויסע. קאָלאָניסטן זענען פאַ־ראַן אַ סך. מען קומט פון די אַרומיקע סטאַנציעס זוכן אַרבעטער. אים איז אַלץ איינס, ער קען אַרבעטן ביי גויים און ביי יידן. ער האָט זיך צוגעוווינט צו עסן האַלב רויע פליייש, ער נעמט אַ שטיק פליייש און טוט עס אַ זשאַרע צו אויף אַ לעבעדיקן פייער, און געננוג. ער עסט גאַזשעטן, וואָס זענען האַרט ווי ציגל. אָבער ער ווייס שוין ווי אַזוי זיי צו עפענען. ער גיט אַ שטעק אַריין דעם שפּיץ מעסער און ברעכט זיי איבער אין צווייען. דאָס מעסער קומט אים זייער שטאַרק צונוץ. מיטן מעסער שניידט ער דאָס האַרטע האַלב רויע פליייש, ברעכט גאַזשעטן, שניידט איבער שטריק און אין פאַל פון אַ נויט איז עס אַ גוט געווער. דאָס איז ווי אַ קינזשאַל, אפילו אַ שיידל האָט עס, פּונקט ווי אַ שטילעט.

די קו האָט אַלץ געקייט דאָס שטרוי און אָט איז זי שוין צוגע־קומען נעבן אים. נחום טרייבט זי אַוועק. ער קען אָבער נישט איינ־שלאָפן. עס באַאומרואיקט אים דער מאָרגנדיקער טאָג, ווען עס וועט זיך אָנהייבן פאַר אים אַ ניי לעבן. ביי זאַיאַנצן איז שוין מער קיין אַרבעט נישטאָ. מען האָט געענדיקט דרעשן דעם ווייץ און די מאַשין וועט אַריינ־גיין אין גאַלפּאָן, ביז דער קומענדיקער קאָסעטשע. אפשר וועט זאַיאַנץ מיט איר אַרויסגיין דרעשן און זוכן אַרבעט. ער האָט געקענט פאָרן אין קאַסאַרעס מיט דעם קאַפּאַטאַס קאַפּלאַנס וועגעלע, אָבער ער וויל נישט. ער וועט זיך גיין צופוס גלייך מיטן וועג, צווישן דעם אָפּגעדראָשענעם ווייץ. קיין גרויס פּעקל דאַרף ער נישט טראָגן מיט זיך, דאָס ביסעלע וועש, וואָס די מאַמע האָט אים מיטגעגעבן. מער האָט ער גאָרנישט. די זאַך, מיט וואָס ער דעקט זיך צו, וועט ער נישט מיטנעמען, צו וואָס דאַרף

ער זיי, ווו ער וועט אַרבעטן, וועט ער קריגן אַ פּאָר זעק זיך צוצודעקן, און אַז ער וועט זיך קויפן אַ פּאַנטשע, ווי די, וואָס די גאַאוטשעס האָבן, וועט דאָס אים נוצן סיי צוצודעקן זיך און סיי פאַר אַ רעגן. אין שטעטל וועט ער זיך אָנשליסן אָן אַ קוואַדרייזשע און וועט גיין צוזאַמען, אפשר ביי מאַיס? עס האָט אים געהויבן פון געלעגער און ער האָט זיך געגעבן אַ שטעל אויף, האָט אָפּגעטרייסלט דאָס שטרוי פון זיך און זיך אַרומגע־קוקט, די קו האָט זיך דערשראָקן און זיך געלאָזט לויפן אין פעלד אַריין, אַרום איז געווען שטיל, אַ ווינטל האָט געבלאָזן מיט וואַרימקייט און געבראַכט אַ גערוך פון אָפּגעשניטענער תבואה, פון טרוקענע זאַנגען, און פון גרינער אַלפאַלפע. עס איז געווען אַזאַ העלע נאַכט, אַז עס האָט זיך געדאַכט, אַז עס טאָגט שוין. דאָס ליכט איז געקומען פון אַלע זייטן. די נאַכטיקע פעלדער האָבן זיך געוויסט ווי אונטער אַ זילבערנער שיין.

נחום האָט זיך אַרומגעקוקט אַ פאַרגאַפטער. עס האָט זיך אים גע־דאַכט, אַז ער איז דאָס ערשטע מאָל דאָ אויפן קאַמפּ, און אַז אויסער אים איז דאָ קיינער נישט פאַראַן. ער איינער אַליין געפינט זיך איצט אויף אַ פאַרכישופטן פעלד מיט זילבער באַגאָסן ווי עפּעס אין אַ פאַנטאַסטיש מעשהלע, וואָס ער האָט אַמאָל געלייענט אויף רוסיש.

ער האָט זיך געלאָזט גיין אַרום סטויג שטרוי און געזען ווי דאָ און דאָרטן שלאָפן די פּעאָנעס צוגעדעקט מיט זייערע פּאַנטשעס. אינעם הילצערנעם שטיבל, וואָס שטייט אויף רעדער, שלאָפט דער קאַפּאַטאַס קאַפּלאַן. עס איז נאָך, ווייזט אויס, האַלבע נאַכט, און ער האָט נאָך אַזוי פיל צו וואַרטן ביז טאָג, ווען ער וועט זיך לאָזן אין וועג אַריין.

ער איז אַוועק צוריק צו זיין געלעגער און גענומען איינפּאַקן דאָס ביסל וועש, וואָס די מאַמע האָט אים מיטגעגעבן פון דער היים. און דאָס דערמאָנט אים אָן זיין ווייטער שטאָט, זי זעט אים אויס אַזוי ווייט, אַז ער קען זיך עס גאָרנישט פאָרשטעלן ווי אַזוי מען קומט צוריק אַהין. מען דאַרף אַפריער פאָרן מיט אַ שיף איבער אַן אומענדלעכן ים, דאַן מיט באַנען און דאַן ערשט אַריינפאָרן אין זיין שטאָט אַריין, אין ווילנע. דאָרטן איז אויף זיכער ערשט רעכטער ווינטער, די גאַסן פאַרשנייט, די דעכער ווי מיט ווייסע דעקעס, דער גרויסער גאָרטן אינגאַנצן מיט ווייסן געהילט. שניי און אייז און פראָסט. נחום האָט זיך אַ טרייסל געטאָן, ווי ער וואָלט געפילט די קעלט אויף זיין אייגן לייב. ער האָט איינגע־

פאקט דאָס קלומיקל און פארבונדן מיט א שטריקל. די קויל איז ווידער צוגעקומען און תמעוואטע געקוקט מיט אירע גרויסע אויגן אויף נחומען און פויל און שלעפעריק געקייעט און געבראָמקעט דאָס שטרוי.

דערווייל איז די נאכט נאָך העלער געוואָרן. די לבנה האָט אויסגעזען דורכזיכטיק און זיך פארווישט מיטן העלן הימל. פון אומעטום, פון אַרום די האָריזאָנטן, האָט זיך גנגאָסן ליכט און ביי איין זייט האָט זיך גע-וויזן א רויטלעכער ראַנד פון דער זון. עס איז טאָג געוואָרן. פרישע יוינטלעך האָבן געבלאָזן און געוועקט א מאָדנע פרייד, עפּעס אַזוינס, וואָס פארשפרעכט אזוי פיל אינטערעסאַנטעס, נייעס און מאָדנעס, וואָס פילט אים, נחומען, אָן מיט פרייד. ער פארמאָגט פערציק פּעזעס אין זיין קע-שענע און ארבעטן קען ער אויך גלייך ווי א גרויסער, כאָטש ער איז אין גאַנצן דרייצן יאָר אַלט.

פון אונטער די סטויגן שטרוי זענען ארויסגעקראָכן פּעאָנעס, מיט שטרוי אין די צעשויבערטע טשאָפּרינעס. פון זון פארברענטע, פאר-טריקנטע לייבער. איינער האָט געהאַט א בלוטיקן שראַם איבערן פּנים פון אויג ביזן קינבאַק. דאָס האָט ער באַקומען אין א מעסער-געפעכט. עס איז באַלד געוואָרן א פייער און זיי האָבן זיך ארומגעזעצט טרינקען מאַטע. פון הילצערן שטיבל איז ארויס דער קאַפּאַטאַס קאַפּלאַן, ער האָט אויף זיך ארויפגעגאָסן א קוואָרט וואסער, און גערינבן דעם אָפּגעברענטן קאַרק מיט א האַנטוך. נחום איז דערווייל שוין געווען גרייט אין וועג אריין. דאָס מעסער אין גאַרטל און דאָס קלומיקל אונטערן אָרעם. ער האָט אויסגעזען עלטער ווי ער איז געווען. דאָס פּנים רונד און לויטער. די זון האָט נישט געקענט אָפּברענען דאָס ווייסקייט פון זיינע באַקן, האָט זי זיי נאָר אביסעלע צוגעברוינט. די אויגן פארחלומטע, בלויע און די האָר געדיכטע און בלאָנד. אויפן האַלדז א שווארץ טיכל פארבונדן מיט א שלייף. פאַרן אוועקגיין האָט ער זיך געוואָלט געזעגענען מיטן קאַפּאַטאַס און מיט די פּעאָנעס, וואָס האָבן אים זייער גוט באהאנדלט. איז ער צוגעקומען מיטן פּעקל גרייט אין וועג, האָט אים קאַפּלאַן אָנגע-קוקט מיט א צופרידן שמייכל און אים גוטברודעריש א קלאַפּ געטאָן אין פּלייצע.

— וועסט זיין א מענטש, נחום, נאָ אימפּאָרטאַ!

דער קאַפּאָטאַס קאַפּלאַן געדענקט שוין נישט פון ווען אָן ער גע־פינט זיך אין די קאַמפּן. יידיש האָט ער שוין כמעט פאַרגעסן. רעדט ער אַ וואָרט יידיש און אַ וואָרט שפּאַניש. ער זעט אויס נאָך טונקעלער ווי דער גאַאוטש. כמעט שוואַרץ ווי אַ נעגער. די אויגן, ברוינע, מיט רויטלעכע אָדערלעך; די ציינער ווייסע, גלייכע און עס דוכט זיך, אַז ער לאַכט בסדר.

נחום האָט אים געגעבן די האַנט, מעשה גרויסער, און געזאָגט „אַדיאָס", אָבער די אַרבעטער האָבן אים נישט געלאָזט אַוועקגיין, ער מוז אַפּריער טרינקען מיט זיי אַ מאַטע און טאַקע אים מכבד זיין מיט אַ שטיקל געבראָטן פלייש. האָט ער זיך צוגעזעצט מיט זיי אין רעדל, געטרונקען מאַטע און געגעסן „אַסאַדאָ".

ווען נחום איז אַרויס אויפן וועג וואָס צווישן די פעלדער, וואָס פירט אין שטעטל קאַרלאָס קאַסאַרעס, איז די זון שוין געשטאַנען הויך אין הימל. עס איז שוין געווען גוט הייס. פון ביידע זייטן וועג האָבן זיך אויסגעשפּרייט די פעלדער מיט אָפּגעשניטענעם ווייץ, זיי האָבן אויסגעזען ווי אָפּגעשאָרן, ווי געלע ריזיקע באַרשטן. פון דער ערד האָט זיך אויפגעהויבן אַ דורכזיכטיקער בלויער נעפּל, ווי די ערד וואָלט זיך געבאָדן אין שטראַלן און דאַמף.

נחום איז געגאַנגען מיט אַ גרינגן טראָט, די פיס האָבן זיך אים ווי פון זיך אַליין געהויבן, עס האָט אים געטריבן אַ פריילעך געפיל, אין וועלכן ער האָט זיך נישט געקענט פונאַנדערקלייבן, אָבער וואָס האָט אים געמאַכט אָנקוועלן און פאַר פרייד פלעגט ער פון צייט צו צייט אונטער־שפּרינגען און זיך לאָזן לויפן, ווי בעת ער פלעגט גיין פון חדר מיט זיינע חברים. אויך דעמאָלט פלעגט אים מיטאַמאָל באַפאַלן אַזאַ פרייד, אַז ער פלעגט זיך לאָזן לויפן און שפּרינגען, נישט וויסנדיק פאַרוואָס און פאַרוועמען.

אָבער איצטער איז ער אַליין אין אַזאַ וויטן פרעמדן פּלאַץ, אויף אַן אַרגענטינער פעלד, וואָס איז אומענדלעך, גאָר אָן אַ סוף. אָבער אַרום איז דאָך וואַרים און ליכטיק און פון די פעלדער גייען אויף אַזעלכע הייסע שמעקנדיקע דופטן, וואָס קוועלן אָן דאָס האַרץ און הייבן פון אָרט

וואָס האָט ער מורא, נחום? פאַר וועמען דאַרף ער זיך שרעקן?

אַט וויל ער, לויפֿט ער און שפּרינגט ווי אַ ציג. אַט קען ער אַ געשריי טאָן, אַ קוויטש טאָן אין די ווייטע פֿעלדער אַריין, און וואַרטן אויפֿן עכאָ, וואָס קײַקלט זיך ערגעץ אין דער לופֿטן.

פֿון יענער זייט אַלאַמבּרע האָט זיך געפּאַשעט סקאָט. די יונגע ביקלעך שטעלן זיך אָפּ און קוקן פֿאַרוווּנדערט אויף נחומען, ער מאַכט זיך, אַז ער לויפֿט זיי אַנטקעגן, די ביקלעך קערעווען זיך אויס און לאָזן זיך לויפֿן אין סטאַדע אַריין. אַז זיי זענען שוין היפּשלעך ווייט, שטעלן זיי זיך אָפּ און גלאָצן די גרויסע אויגן און שפּרינגען אונטער מיט די הינטערשטע פֿיס.

אַ פּאָר שעה איז נחום אַזוי געגאַנגען, ער האָט נישט געפֿילט קיין מידקייט, אַדרבה, עס האָט זיך אים געדאַכט, אַז ער הייבט ערשט אָן צו גיין. דער וועג האָט זיך אַלץ געשניטן צווישן די פֿעלדער. סטאַדעס סקאָט האָבן געקוקט אויף אים פֿון אַלע זייטן. ווילדע בייזע אָקסן האָבן זיך צו אים געלאָזט מיט בלוט פֿאַרגאָסענע אויגן. אָבער ווען זיי פֿלעגן צוקומען נענטער, פֿלעגט ער מאַכן, גלייך ער וואַרפֿט זיי מיט עפּעס, און זיי פֿאַרטרייבן.

ווען די זון איז שוין געשטאַנען אינמיטן הימל, איז ער צוגעקומען צו אַ שטיבל, וואָס איז געשטאַנען בײַם וועג. ער האָט געקלערט, ער וועט זיך אָנטרינקען און גיין ווייטער. דאָס שטיבל איז געווען אַ פֿאַרלאָזטס, אָן עלנטס; דאָס דעכל מיט שטרוי געדעקט, די ווענט פֿון בלאָטע מיט דראָט געצויגן, מיט אַ קליין פּירקאַנטיק פֿענצטערל, פֿאַרקלאַפּט מיט ברע-מער. ווער ווייס וויפֿל יאָר דאָס דאָזיקע שטיבל האָט זיך אַזוי געבראָטן אונטער דער זון און געווייקט אונטער די רעגנס. דאָס שטרוי פֿון דאַך איז שוין געווען כמעט ווי שוואַרץ און די ערד פֿון די ווענט אַזוי צע-טריקנט, אַז עס האָט זיך געדאַכט, אַז אָט צעשיט זיך עס.

נחום האָט זיך אָפּגעשטעלט בײַם דראָטענעם פּלאַץ און האָט אַ פּאַטש געטאָן מיט די הענט, האָט זיך קיינער נישט אָפּגערופֿן. האָט ער געמיינט, אַז דאָס איז אַ פֿאַרלאָזטע ראַנטשע (שטיבל), האָט ער אַ שטופּ געטאָן דאָס דראָטענע טירל און געמאַכט אַ שפּאַן פֿאַראויס. האָט ער דערהערט אַ פֿרויען קוויטש און איז שטיין געבליבן ווי פֿאַרגאַפֿט. הינ-טערן שטיבל אין אַ צעבער וואַסער איז געשטאַנען אַ נאַקעטע פֿרוי און זיך געהאַלטן אין וואַשן, זי האָט זיך פֿאַר שרעק אַראָפּגעזעצט אויפֿן ראַנד

פון שמאָלן צעבער, פאַרשטעלט זיך מיט ביידע הענט איר פאָדערשטן טייל פון קערפּער. זי איז געווען אינגאַנצן ווי פון טונקעלן בראָנז אויס־געגאָסן, דאָס פּנים אַ קיילעכיקס, אַ ברוינס און אַ יונגס. די אויגן פאַר־שעמטע, אַראָפּגעלאָזט, זי איז געווען אַזוי הילפלאָז, אַז זי האָט אַ וואָרט נישט געזאָגט. זי האָט נאָר געהאַלטן פעסט צוגעדריקט די הענט צום פאָדערשטן טייל פון קערפּער. נחום האָט געוואָלט אומדרייען דעם קאָפּ, ער זאָל נישט זען, אָבער עפּעס האָט אים אָפּגעהאַלטן, הענט און פיס זענען אים ווי געליימט געוואָרן און אין פּנים האָט אַ שלאָג געטאָן אַ הייסע כוואַליע בלוט. ער איז געוואָרן אַזוי רויט, אַז ער האָט געפילט ווי ער פלאַקערט. און אין האַרצן איז עפּעס אויפגעשטיגן און זיך פונאַנ־דערגעעפנט, אַזוי אַז עס האָט זיך אים געגלוסט אַ געשריי טאָן.

— און פּאָקאָ דע אַגוּאַ (אַביסל וואַסער) — האָט ער קוים אַרויסגע־שעפּטשעט און אָפּגעקערט דעם קאָפּ.

דאָס מיידל האָט אַ שפּרונג געטאָן פון צעבער און מיט אַ פריילעכן ציטערדיקן קוויטש אַריינגעלאָפן אין שטיבל.

אין אַ ווײַלע אַרום איז זי אַרויסגעקומען אָנגעטאָן אין אַ סיצן קליידל, אַ רואיקע און אַ שמייכלענדיקע, האָט זי אים געהייסן צוּוואַרטן, זי וועט אים באַלד ברענגען וואַסער. נחום האָט אַראָפּגעלאָזט דאָס קלומיקל אויף דער ערד און זיך אָנגעשפּאַרט אָן פּלויט. ער האָט געזען ווי דאָס מיידל, אַ בויגעוודיקע, אַ שלאַנקע, איז געגאַנגען צום ברונים, האָט אָנגעשעפּט אַ קוואָרט וואַסער און אים צוגעטראָגן.

— טאָמאַ (נאַ דיר).

נחום האָט זיך אָנגעטרונקען, איר דערלאַנגט צוריק די קוואָרט און איר געזאָגט „גראַסיאַס".

דאָס גאַאוטש־מיידל האָט אים בעת מעשה אָנגעקוקט, זיין בלאָנדן קאָפּ האָר, זיין קינדיש געצויטלט פּנים און וואוקסיקן יונגן קערפּער.

— פון וואַנען קומסטו? — האָט זי אים געפרעגט.

— פון זאַיאַנצס טשאַקרע (פערמע). האָב דאָרט געאַרבעט ביי דער דרעש־מאַשין, איצטער גיי איך אין שטעטל אַריין; נאָך ווייט קאַרלאָס קאַסאַרעס?

— ניין, נישט ווייט, זעסט דאָרטן אַ דין רויכל, דאָס זענען די ערש־טע שטיבלעך.

— אדיאָס! — האָט נחום געזאָגט, האָט גענומען דאָס קלומיקל און זיך געוואָלט לאָזן גיין.

דאָס גאַאוטש מיידל איז געבליבן שטיין אַ צערודערטע. פאַרוואָס זאָל ער נישט טרינקען אַ מאַטע, אָט וועט איר טאַטע באַלד קומען פון קאַמפּ, וועט ער עסן מיט זיי אַסאַדע, אָבער נחום האָט נישט געוואָלט בלייבן. עס האָט אים ווי געשראָקן פאַר עפּעס. — אדיאָס! — האָט ער נאָכאַמאָל געזאָגט און זיך געלאָזט צום דראָטענעם טירל.

דאָס מיידל האָט אים באַגלייט ביז צו דער אַלאַמברע און ער איז מיט שנעלע טריט אַוועק.

ווען ער איז אָפּגעגאַנגען אַ שטיקל וועג, האָט ער זיך אומגעקוקט אויף צוריק. דאָס שטיבל האָט זיך קוים אַרויסגעזען. אָבער אים האָט זיך געדאַכט, אַז דאָס מיידל שטייט נאָך אַלץ ביים דראָטענעם פּלויט און ער האָט גענומען גיין שנעלער. ער וויל פאַרטרייבן פון זיך איר אָנבילד, אָבער ער קען נישט. אָט זעט ער ווי זי שטייט אַ פאַרשעמטע אין צעבער וואַסער. די זון־שטראַלן גלימשן זיך איבער איר גלאַנציקער ברוינער פּלייצע. די האָר שוואַרצע, וואָס פאַלן אַריין אין בלויקייט ווי די פליגלען פון אַ ראָב. זי זוכט נאָר צו פאַרשטעלן מיט די הענט דעם פאָדערשטן טייל פון קערפּער, און אָט גיט זי אַ קוויטש און שפּרינגט אַריין אין שטיבל. ער האָט טאַקע געהאַלטן אָפּגעקערט דעם קאָפּ, דאָך האָט ער זי געזען, יאָ אינגאַנצן געזען... ער נעמט גיין האַסטיקער. ער פילט ווי די זון באַקט אים איבערן קאַרק, אַ שוויים שלאָגט אים אַרויס אויפן פּנים, רינט איבערן האַלדז, אונטערן לייב. ער גייט נאָך האַסטיקער, אָט וועט ער נעמען באַלד לויפן, שפּרינגען. וואָס פרייט עס אים אַזוי? וואָס קוועלט אים אַזוי דאָס האַרץ? עס ווילט זיך אים לאַכן, שרייען, שפּרינגען, פלוידערן אינעם ליכטיקן טאָג אַריין.

ער שטעלט זיך פּלוצלינג אָפּ און קוקט זיך אום אויף צוריק. דאָס שטיבל זעט זיך שוין נישט. דאָס פעלד ציט זיך אומענדלעך אַרום און אַרום, נאָר דאָרטן, ווו עס זעען זיך די שטיבלעך פון שטעטל, זענען די פעלדער גרין. שיטערע וועלדלעך גרינען אונטער דער זון און ווינט־מילן דרייען זיך אין בלויער לופט.

האָט ער גענומען גיין מיט פעסטע טריט צום שטעטל. די ערשטע פורן זענען אים אַנטקעגנגעקומען אין געדיכטן שטויב איינגעהילט.

1936.

# צווישן הינט

1

אין דער קאָלאָניע איז שוין דער עולם לאַנג געשלאָפֿן, כאָטש עס איז נאָך נישט געווען שפּעט אין אָוונט.

דער ברייטער וועג, וואָס שניידט דורך די גאַנצע קאָלאָניע, איז גע־ווען באַגאָסן מיט אַ העלער לבנה-שיין. די קאָלאָניסטישע שטיבלעך האָבן געדרעמלט אונטער דעם בלאַסן ליכט פֿון דער לבנה, צוגעטוליעט צו די איינזאַמע נאַקעטע ביימלעך, וואָס זענען געשטאַנען צו צוויי־דריי נעבן אַ שטיבל.

אויפֿן וועג האָבן געבלאָנדזשעט וואַנדערנדיקע הינט פֿון די אַרומיקע ראַנטשעס. זיי זענען געקומען אָפּשטאַטן אַ באַזוך די צויגן, וואָס האַלטן זיך אויף אין דער קאָלאָניע. זיי זענען געגאַנגען איינציקווייז, ווי אין אַ שערענגע, מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ און די עקן פֿאַרנומען אונטער די פֿיס. זיי זענען צוגעקומען צו אַ שטיבל, אָנגעשמעקט ביי די קלעצער פֿון די אַלאַמברעס, דערהערט אַ ברום פֿון אַ הונט פֿון הינטער דער שטוב און געגאַנגען ווייטער.

אויף דעם זעלבן וועג איז אויך געגאַנגען וואַוויק, דער לערער פֿון קאָלאָניע. ער האָט זיך געהאַלטן ווייטער פֿון די הינט און מורא געהאַט זיי אָנצוויאָגן. דערום פֿלעגט ער אויסוואַרטן, ווען די הינט האָבן זיך אָפּגעשטעלט; כאָטש ער איז געגאַנגען מיט אַ שטעקן, האָט ער דאָך נישט געוואָלט איינשטעלן און אַריינגיין מיט זיי אין אַ קאַמף.

וואַוויק האָט ליב געהאַט הינט. ביי זיין שטוב, אין דער שולע, האָט ער געהאַלטן צוויי הינט. און זיי געגעבן גוט עסן. ער האָט אָפּט ליב געהאַט צו פֿילאָזאָפֿירן וועגן דעם תכלית פֿון הינט. פֿאַר זיינע אויגן איז

נישט איין הונט געפּגרט. ער האָט אפילו געזען ווי דער אַדמיניסטראַטאָר פון קאָלאָניע האָט דערשאָסן אַ שיינעם הונט, דעמב האָט ער געהייסן, ער האָט געזען ווי ער האָט זיך געצאַפּלט אין גסיסה־יסורים און האָט געהאַט גרויס מיטלייד מיט אים.

ער האָט אפילו געפּרובירט אַרויסרופן ביים אַדמיניסטראַטאָר אַ צער בעלי חיים געפיל און אים דערקלערט, אַז אַ הונט לײַדט ווייטיק צו־גלייך ווי אַ מענטש.

וואָוויק איז געגאַנגען מיט קליינע געציילטע טריט איבערן וועג. ער האָט נאָכגעקוקט די הינט, וואָס זענען געגאַנגען פאַראויס, און זיך גע־סטאַרעט נישט צו דערנענטערן זיך אויף איין שפּאַן צו זיינע ביינאַכטיקע מיטוואַנדערער.

אויך וואָוויק איז געגאַנגען, געטריבן פון דעם זעלבן פאַרלאַנג, ווי די, וועלכע זענען געגאַנגען פאַראויס... אָבער אַנשטאָט צו פאַרלאָזן זיך אויפן צופאַל ווי זיינע מיטוואַנדערער, האָט וואָוויק שוין געהאַט פון פריער צוגעגרייט דאָס פּלאַץ פון זיין ביינאַכטיקן באַזוך.

די לבנה איז געשטאַנען אין מיטן הימל און איר העלע שיין איז געפאַלן ווי אַ זילבערנער רעגן אויפן וועג. וואָוויק איז געווען באַגאָסן מיט העלער ליכט, און אים האָט זיך געדאַכט, אַז עס איז צו ליכטיק און אַז פון די דערבייאיקע שטיבער קוקט מען דורך שפּאַרונעס אויף אים און מען שושקעט זיך וועגן אים און וועגן יענער ווייבל, צו וועלכער ער גייט איצטער.

די לעצטע צייט האָט וואָוויק אָנגעפאַנגען איבערקלערן וועגן דעם, וואָס ער טוט. אין די בליקן פון זיינע שכנים און באַקאַנטע קאָלאָניסטן האָט ער אַרויסגעלייענט אַ פאָרוואורף. עס האָט זיך אים געדאַכט, אַז אפילו די קינדער פון דער שול קוקן אויף אים אַנדערש; מיט אַ פאַר־שטענדעניש אין זייער בליק. דערהויפּט האָט ער כמעט ווי מורא געהאַט פאַר די בליקן פון טייבעלען, דאָס אַכט יעריקע מיידעלע, וואָס זעט אים זייער אָפט אין שטוב פון איר מאַמען, ווען דער טאַטע פאָרט אין וואַלד אַריין נאָך האָלץ און זאַמט זיך אָפּ אַ צוויי־דריי טעג.

צו טייבעלען באַציט זיך וואָוויק מיט גרויס צערטלעכקייט און אין שול ניט ער זיך אָפּ מיט איר מער ווי מיט די אַנדערע שילערינס. אָבער

קוקן איר גלייך אין די אויגן קען ער נישט. טייבעלעם בלויע אייגעלעך רעדן צו אים ווי מיט אַ געבעט, און זיי דערציילן, אַז אין שטוב ביי איר מאַמען איז נישט גוט, און אַז זי ווייסט נישט, פאַרוואָס דער טאַטע איז בייז און קריגט זיך מיט דער מאַמען, ווען ער קומט פון וועג.

דאָס אַלעס לייענט וואוויק פון טייבעלעס אויגן און ער מיידט דערום אויס צו טרעפן זיך מיט איר קינדערשן בליק.

וואוויק האָט זיך אָפּגעשטעלט אין מיטן וועג אויפן גראָז, ביי דער אַלאַמבערע איז געלאָפן אַ שוואַרצע קודלאַטע צויג. איר פעל איז געווען גלאַנציק און מיט קרייזלעך. זי איז געלאָפן מיט לאַנגע שפּרונגען און נאָך איר איז נאָכגעלאָפן אַ ברוינער דאַרער הונט מיט ווייסע פלעקן אַרום די אויגן. ער איז געשפּרונגען אויף זיינע דאַרע הויכע פיס און געזען צו האַלטן זיך אויף אַ פּאַסיקער ווייטקייט פון דער צויג.

וואוויק האָט אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט, ווי ער וואָלט געוואָלט פאַרטרייבן אַ מחשבה, און זיך געלאָזט אַנטשלאָפן ווייטער גיין, שוין האַסטיקער.

די פעלדער בייביידע זייטן וועג זענען געלעגן באַגאָסן מיט לבנה שיין. אויף די גראָזן האָט געפינקלט אַ דינער טוי, ווי אַ זילבערנער שטויב.

וואוויק האָט נאָך געהאַט צו גיין אַ צוויי קילאָמעטער. די שטיבער זענען געוואָרן שיטערער. די ביימער האָבן אויסגעזען שוואַרץ אויפן טונקל בלויען פאָן פון האָריזאָנט. דער וועג האָט זיך געשניטן גלייך צווישן די פעלדער. זיינע טריט האָבן איבערגעלאָזן סימנים אויפן אשיקן שטויב פון וועג.

## 2

ווען וואוויק איז צוגעגאַנגען צום טויער, האָט ער דערהערט דעם באַקאַנטן ברום פון נעגראַ, דעם שוואַרצן גוטמוטיקן הונט.

— פוּראַ! — האָט וואוויק געזאָגט מיט נישט קיין בייזן טאָן און זיך געלאָזט אַריינקריכן דורך דער אַלאַמבערע אין הויף.

נעגראַ האָט שטילערהייט געקאָוועטשעט, געלעקט וואוויקן די האַנט

און געדרייט צופרידן און אונטערטעניק מיטן עק. ער איז אים נאָכגע־לאָפֿן ביז צום שטוב און זיך געפּלאָנטערט אונטער זיינע פֿיס.

וואוויק האָט שטילערהייט אָנגעקלאַפּט אין לאָדן און אויסגעוואַרט. ער האָט צוגעלייגט דאָס אויער צום לאָדן און זיך איינגעהערט. דאַן האָט ער ווידער אָנגעקלאַפּט. נעגראַ האָט זיך אַלץ געפּלאָנטערט אונטער זיינע פֿיס און שטיל געקאַוויטשעט. וואוויק האָט ווידער צוגעלייגט דאָס אויער צום לאָדן; אין אַ ווײַלע אַרום איז ער אַוועק און זיך אַוועקגעשטעלט נעבן טיר. עס האָט זיך געהערט אַ סקריפּ פֿון אַ שלאָס און די טיר האָט זיך אַ ריר געטאָן. ווען וואוויק האָט די טיר געעפֿנט, האָט ער געזען אַ פֿרויען־פֿיגור אין אַ נאַכט־העמד גיין באָרוויסערהייט צום בעט. ער האָט שטילערהייט פֿאַרשלאָסן די טיר און אַוועקגעשטעלט דעם שטעקן אין אַ ווינקל.

— בוענאָס נאָטשעס — האָט וואוויק געזאָגט אין דער שטיל.

קיינער האָט אים נישט געענטפֿערט. אויפֿן טיש האָט געברענט אַ קעראָסין לעמפּל און זיין געלבלעכע שיין איז געפֿאַלן אויף דעם בעטל, וווּ ביבעלע איז געשלאָפֿן. איר קליין מיילכל איז געווען אָפֿן און ס'האָט זיך געדאַכט, אַז זי שרייט אָן אַ קול.

די פֿרויען-פֿיגור איז שוין געלעגן אין בעט, איבערגעדעקט מיט אַ ליילעך. וואוויק איז צוגעגאַנגען צום בעט און עפּעס געזאָגט אין דער שטיל, און דאַן האָט ער אַראָפּגעדרייט דאָס לעמפּל אַזוי, אַז עס איז געבליבן אַ בלוי צאַנקענדיק פֿלעמל, וואָס האָט זיך פֿאַרלאָשן פֿון זיך אַליין נאָכדעם ווי עס האָט אַ פּאָר מאָל אויפֿגעצאַנקט מיט העלער שיין.

## 3

ביים שטוב איז געלעגן נעגראַ און געוואָיעט מיט אַן אויסגעצויגענעם יאָמער. זיין מאָרדע האָט ער געהאַלטן אויפֿגעהויבן צו דער לבֿנה, וועלכע האָט שוין געהאַלטן ביים פֿאַרגיין, און נאָר איר העלער האַלב־רונד האָט געקוקט פֿון אונטער אַ וואָלקן, ווי אַן אויפֿגעהויבענע ברעם.

די היימישע הינט האָבן זיך געשראָקן אַרויסגיין אויפֿן וועג, וווּ עס האָבן זיך געפֿונען די אָנגעקומענע וואַנדערנדיקע הינט פֿון די ראַנטשעס

און די ראָסן-הינט פון די נאָענטע עסטאַנסיעס. אַנדערע האָבן אַפילו געטראָגן רייכע האַלדז-באַנדן, עס זענען געווען יעגער־הינט מיט לאַנגע אויסגעצויגענע מאָרדעס און דינע פיס; אמתע ראָסן־מאָפּסן מיט אויס-געשטשירעטע ציין און קאָמיש פּאַרריסענע נעזער; הינט פון געמישטע ראָסן מיט מאָדנע געפלעקטע פעלן, קורצע פעסטע פיס און לאַנגע מאָר־דעס; הינט מיט לאַנגע קודלעס, וואָס האָט זיי פאַרשטעלט די אויגן און זיי האָבן אויסגעזען ווי בערן.

אויפן וועג ביי דער אַלאַמברע האָבן זיי זיך אַלע אויסגעמישט און געשטשירעט די ציין איינער אויפן אַנדערן, און זיך געיאָגט און פון צייט צו צייט געביסן.

די קלענערע הינטלעך האָבן זיך געהאַלטן אַביסל ווייטער פון די גרעסערע און נאָר ביי אַ געלעגנהייט האָבן זיי זיך דערנענטערט.

צו די טויערן פון די קאָלאָניסטישע שטיבער זענען זיי צוגעגאַנגען פאָרזיכטיק. די מער געוואַגטע זענען אַריין אין הויף און דאָן זיך גע־לאָזט אין פעלד נאָך אַ פאַרדעכטיקן הינטישן שאָטן, וועלכער איז גע־לאָפן אין גראָז.

די לבנה איז פאַרגאַנגען, עס איז געוואָרן פינצטער. דער וועג פון אַש־קאָליר האָט זיך איינגעפּאַסט אין די טונקל גרינע פעלדער און די הינטישע סילועטן האָבן זיך באַוועגט אין דער טונקל, פון צייט צו צייט האָט זיך פון אַ הויף דערהערט אַ געבילעריי און אַ ברומען, אַ קנאַקן פון ציינער און אַ ווייטיקלעכער הינטישער קוויטש.

אויף די פעלדער איז געפאַלן דער ביינאַכטיקער טוי און אין דער לופט האָט געוויייעט אַ קילקייט, וואָס איז אויפגעשטיגן מיט אַ פרי־מאָרגן-נעפּל.

ביים האָריזאָנט איז געוואָרן העלער.

4

די קאָלאָניע איז פּלוצלינג אויפגעציטערט געוואָרן פון אַ מאָדנעם גערודער, וואָס איז געקומען פון פעלד און זיך שנעל דערנענטערט. עס האָבן געקנאַלט בייטשן, רעדער האָבן געקלאַפּט אויפן האַרטן וועג און אַ גאַלאָפּ פון פערד האָט אָפּגעהילכט אין דער לופטן. אויפן וועג, ביים

אריינפאָר פון קאָלאָניע; האָט זיך באוויזן דער ערשטער וואָגן באַלאָדן מיט האָלץ, מיט פיר פערד געשפּאַנט. דער אָנטרייבער האָט געקנאַלט מיט דער בייטש און הויך און לוסטיק געמונטערט די פאַרמאַטערטע פערד.

נאָכדעם האָט זיך געוויזן נאָך א וואָגן און נאָך איינער. די קאָלאָניע האָט ווי אויפגעלעבט. פון אונטערן האָריזאָנט, וווּ עס האָט שוין געגרויט אויף טאָג, האָבן זיך אַלץ אַרויסגערוקט נייע וועגענער. די אָנטרייבער האָבן זיך געשאָקלט אויף די קעלניעס און די בייטשן אין זייערע הענט האָבן זיך געדרייט ווי שלענג איבער די רוקנס פון די פערד.

די שווער־געלאָדענע וועגענער האָבן געסקריפּעט און די אָקסן האָבן געקרעכצט פון דער משא. אונטער די וועגענער זענען געלאָפן הינט, וועלכע זענען געקומען פון דער ווייטער נסיעה פון וואַלד מיט זייערע באַלעבאַטים.

ווען די קאָלאָניסטן זענען אַרויסגעפאָרן אויפן וועג צווישן די היי־זער, האָבן די פרעמדע הינט זיך געלאָזט אַנטלויפן. אייניקע פון זיי האָבן געכאַפּט מיט א בייטש איבערן רוקן און זיי זענען אָפּגעשפּרונגען מיט א ווייטיקלעכן יאָמער־געשריי און געבילעריי. די היימישע הינט זענען אַרויס פון זייערע באַהעלטענישן און זיך געלאָזט מיט גרויס קו־ראַזש אויף די פרעמדע, וועלכע האָבן אָנגענומען א פאַרטיידיקונגס־פּאָזע און געוויזן די שאַרפע ציין.

דער נעגראָ האָט זיך אַרויסגעוויזן פאַר מער העלד ווי זיינע היי־מישע חברים. ער האָט זיך געלאָזט מיט רציחה ביז אין מיטן וועג, גלייך אַרויף אויף איינעם פון די פרעמדע הינט און אים א ביס געטאָן אין קאַרק, דאַן האָט ער זיך געלאָזט צו א צווייטן, אָבער יענער האָט זיך שנעל אָפּגעקערט און געמאַכט אַזא שרעקלעכן פּנים, אַז דער איז געבליבן אויף א מאָמענט אומאַנטשלאָסן, זיך אויסגעדרייט און געלאָפן צוריק צום שטוב, פּונקט אין דעם מאָמענט, ווען דורכן פענצטער איז אַרויס־געשפּרונגען וואַוויק. ער האָט אים אין דער רגע נישט דערקענט און זיך געלאָזט גלייך צו אים.

— פּוּרע נעגראָ! — האָט וואַוויק געזאָגט און געפּרוּבירט אַריינ־געבן גוטמוטיקייט אין זיין טאָן.

אָבער נעגראָ האָט אים ווי נישט געוואָלט דערקענען, כאָטש ער האָט טאַקע נישט אויסגעזען דער זעלבער וואַוויק, דער לערער פון דער קאָ-לאָניע.

ער איז געגאַנגען אָן א היטל, מיט צעשויבערטע האָר און איז גע־ווען בלייך ווי א מת.

ער האָט זיך געלאָזט לויפן מיטן פעלד, נאָכגעיאָגט פון נעגראָן, וועלכער האָט אים נאָר געוואָלט איינבייסן אין פוס.

ער איז אַריבערגעשפּרונגען די אַלאַמבּרע און ער איז אַרויף אויפן וועג, אַריינלויפנדיק אין קנויל אַנטלויפנדיקע הינט, ווי ער וואָלט געזוכט ביי זיינע צופעליקע מיטוואַנדערער א שוץ קעגן נעגראָן.

נעגראָ האָט זיך טאַקע אָפּגעשטעלט ביי דער אַלאַמבּרע און זיך נישט אַנטשלאָסן אַרויסצוגיין אויפן וועג, וווּ די פרעמדע הינט זענען געלאָפן. ער האָט דעריבער זיך באַגנוגנט מיט בילן און ברומען.

וואַוויק איז געלאָפן פאָראויס, מיט אַן אַראָפּגעבויגענעם קאָפּ. עס האָט זיך אים געדאַכט, אַז ער איז צו הויך געוואַקסן, און ער האָט געהאַט א פאַרלאַנג צו זיין אומבאַמערקט אויף דעם אָפענעם ברייטן וועג, צווישן די רייען הייזער. ווען ער וואָלט געקענט גיין אויף אַלע פיר, ווי די, וועלכע זענען מיטגעלאָפן מיט אים, וואָלט ער זיך מיט פאַרגעניגן אַראָפּגעלאָזט אויף די הענט און אין א לייכטן שנעלן גאַלאָפּ געשפּרונגען איבערן ווייכן גראָז, און דאַן וואָלט זיך נאָר אַרויסגעזען דער טונקעלער שטאָף פון זיין רעקל, פאַרן שיין פון דער זון, וועלכע האָט זיך שוין באַוויזן אויפן האָ־ריזאָנט.

אין דער קאָלאָניע איז געוואָרן ליכטיק. קאָלאָניסטישע פרויען זענען אַרויס פון די הייזער צו זייערע מענער, וועלכע זענען צוגעפאָרן צו דער שטוב מיט א פריילעכן געטומל.

נעגראָ איז מיט גרויס פרייד אַרומגעשפּרונגען אַרום וואָגן פון זיין באַלעבאָס און איז געלאָפן פון שטוב צום טויער מיט א פריילעכן קוויטש.

אין טיר האָט זיך באַוויזן טייבעלע. אירע בלאָנדע קרייזלעך צע־שאָטן, מיט פאַרשלאָפענע אייגעלעך, און זיך געוואָרפן צום טאַטן אויף די הענט. זי האָט געקושט זיין שוואַרץ בערדל, וואָס איז געווען דורכ־געזאַפּט מיטן שטויב פון וועג.

— די מאַמע שלאָפֿט? — האָט דער טאַטע געפֿרעגט טײַבעלען.

— מאַמאַ שלאָפֿט נאָך — האָט טײַבעלע געזאָגט, און אירע ליב־טיקע בלױע אײגעלעך זענען פֿאַרצװיגן געװאָרן מיט אַ טרױער.

דער טאַטע האָט אָראָפּגעלאָזט טײַבעלען פֿון די הענט און זיך גע־לאָזט גײן צום שטוב.

טײַבעלע איז נאָכגעגאַנגען מיט צעשראָקענע אײגעלעך און אירע פּיסלעך האָבן געציטערט.

פֿון אײניקע הױפֿן זענען קאָלאָניסטישע זין אַרױסגעפֿאָרן מיט די אַקער־אײַזנס און זיך געלאָזט אין קאַמף אַרײַן. קינדער זענען געפֿאָרן רײַטנדיק אַרײַנטרײַבן די פֿערד און קאָלאָניסטישע פֿרױען האָבן גע־מאָלקן די קי, װעלכע זענען געשטאַנען צוגעבונדן נעבן די קעלבער.

.1936

# די דימיסיע פון אַדמיניסטראַטאָר בייק

## 1

עטלעכע טעג נאָכאַנאַנד האָט דער ווינט געבלאָזן אָן אויפהער. עס האָט אויסגעוויזן, אַז דער יאָמער פונעם ווינט, דאָס גרילצן פון די ווינטמילן אין דער הויך, דער געדיכטער זאַמדיקער שטויב, וואָס האָט זיך איינגעגעסן אין די לונגען, וועט קיינמאָל נישט אויפהערן. עס האָט זיך געדאַכט, אַז די פּאַמפּאַ מיט אירע זאַמדן און ווינטן האָט זיך גערירט פון פּלאַץ און וואָס אַ טאָג דרייט זי זיך אַלץ שנעלער אין משונהדיקןווירבל־טאַנץ.

דאָס שלעכטע וועטער האָט זייער גענערוועט דעם אַדמיניסטראַטאָר בייק, וועלכער האָט געהאַט אַ סך זאַכן דורכצופירן און צוליב דעם ווינט מיט די זאַמדן האָט ער עס געמוזט אָפּלייגן. דאָס ערשטע האָט ער געהאַט אַ „דעסאַלאָכאָ" דורכצופירן קעגן דעם קאָלאָניסט וואָראָבייטשיק. ער האָט צוגעזאָגט אַ יונגע קאָלאָניסטקע צו באַזוכן זי, ווען איר מאַן וועט זיך געפינען אין בוענאָס איירעס, צו קלאָפּאָטשען ביים דירעקטאָר וועגן זיין קאַמף. די דעסאַלאָכאָ האָט אים אַזוי נישט געאַרט. פריערשפּעטער, ער וועט וואָראָבייטשיקן אַראָפּוואַרפן. אָבער דעם באַזוך האָט ער נישט געקענט מאַכן, כאָטש איר מאַן איז שוין געווען זינט צוויי טעג אין בוענאָס איירעס. עס איז געווען אוממעגלעך אַרויסצופאָרן אין פעלד אין דעם דאָזיקן שטורעם פון זאַמדן.

און בייס איז געזעסן אין אַדמיניסטראַציע און דורך דעם פון זאַמד פאַרגעלטער שייבל אַרויסגעקוקט צום שטעטל. די טירן פון די קלייטן זענען געווען פעסט צוגעמאַכט. קיין לעבעדיקן נפש האָט מען אין שטעטל

נישט געזען. אין די געסלעך איז אָנגעגאַנגען אַ טייוול־טאַנץ פונעם ווינט מיט די זאַמדן. שטיקער פּאַפּיר האָבן זיך אַריינגעדרייט אין ווירבל־טאַנץ. אַט איז דאָס געסל אין איין רגע אָפּגערוימט געוואָרן פון די זאַמדן, ווי אויסגעקערט מיט אַ בעזים. דער האַרט־ערדיקער גרונט האָט זיך אויפגעדעקט מיט די קאַרבן פון רעדער אָפּגעקערטע פון זאַמד. נאָר פּלוצלינג האָט זיך פון אַ זייטיק געסל אַ טראָג געטאָן אַ כוואַליע זאַמד און שטורעם און פאַרדעקט דאָס געסל מיט אַ געדיכטן זאַמד־שיכט.

— מאַך אַ מאַטע, — האָט זיך בייק געווענדט צו זיין משרת — נאָר אַ הייסע.

מאָטל, בייקס משרת, אַ בחור פון אַ יאָר 18, וועלכער איז שוין געווען עטלעכע מאָל אָפּגעזאָגט פון דער שטעלע, האָט זיך פויל אויפגעהויבן פון פּלאַץ, האָט אַוועקגעשאַרט די פּאַפּירן פון טיש, וועלכע זענען געווען באַדעקט מיט זאַמד, און איז אַריין אין צווייטן צימער מאַכן אַ מאַטע.

בייק איז געווען אַ מענטש פון אַ יאָר 34, אַ פּולער מיט אַן אַראָפּגעהאַנגענער מאָרדע, בלאָנדע געשוירענע וואָנסן און גרויע ביטערע אויגן. דער איק״א איז ער געווען אַ טרייער דינער, אָבער ער האָט אין זיך אויך נישט פאַרגעסן. ער האָט גוט געוווסט, אַז עס איז גענוג, ער זאָל זיך איין מאָל אויסגליטשן, וועט מען טאָן מיט אים, ווי עס פירט זיך ביי דעם איק״א. מען וועט אים אַוועקזעצן אויף אַ טשאַקרע און געבן געוויסע פּריווילעגיעס, אָבער וואָס וועט עס קלעקן פאַר אים, בייקן. ער דאַרף לעבן ברייט, נישט זשאַלעווען קיין הונדערטער. אים טאָר נישט פעלן קיין ווייב. און דאָס קאָסט געלט, און אָפּטמאָל אַ סך געלט. ווען ער וואָלט נישט געשמירט מיט געלט און מתנות, וואָלט ער זיך נישט לייכט אַרויסגעדרייט פון דער געשיכטע מיט יאַניקס מיידל. ער האָט זי געמוזט שיקן קיין בוענאָס איירעס, ווו זי האָט קיינעם נישט געהאַט, אויסהאַלטן זי אַ לענגערע צייט אין אַ האָטעל און נאָכדעם, ווען זי איז פּטור געוואָרן פון „פּעקל", האָט ער ערשט באַדאַרפט טאָן עטלעכע שווערע טובות איר טאַטן, פאַרדינגען אַ קאַמפּ (פעלד), פון וועלכן ער וואָלט געקענט גוט פאַרדינען, ווען ער פאַרדינגט עס אַ גוי.

מאָטל האָט אַריינגעטראָגן אַ מאַטע און דערלאַנגט בייקן.

— הייס די מאַטע ווי פייער, — האָט מאָטל געזאָגט גלייכגילטיק.
בייק האָט גענומען די „באַמביזשע" (דאָס רערל) צו די ליפּן און אַ ציִ געטאָן.

— זשאַלעוועסט אַ שטיקל צוקער. לייג אַריין מערער — האָט בייק געזאָגט און דערלאַנגט צוריק מאָטלען די מאַטע.

די אויגן האָט ער נישט אַראָפּגענומען פונעם געלן שייבל, ער האָט אַרויסגעקוקט אין גאַס און מיט אומגעדולד געוואַרט, עס זאָל זיך אַביסל איינשטילן דער ווינט, כדי צו נעמען זיך עפּעס טאָן.

און אַרבעט האָט ער געהאַט אַ סך. אין דער דירעקציע האָט בייק געהאַלטן אין איין שרייבן „דאַטעס" וועגן די קאָלאָניסטן. וויפל זיי האָבן פאַרזייט דאָס יאָר, וויפל זיי זענען שולדיק, וויפל מען וועט ביי זיי קענען היינטיקס יאָר נעמען; ווען מען דאַרף אַראָפּוואַרפן און ווען מען דאַרף אַרויפזעצן אויף אַ קאַמפּ. וועגן יעדן איינעם האָט ער געהאַט זיינע ספּעציעלע דאַטעס, אויסגערעכנט זייער פּינקטלעך. האָט ער איינעם באַדאַרפט אָנטאָן צרות, האָט שוין די דירעקציע געוווּסט, אַז יענער האָט זייער אַ סך ווייץ פאַרזייט, אַז ביי אים מוז מען נעמען וואָס מערער.

אחוץ יידן, האָט ער געפירט געשעפטן מיט די קריסטן, גוטבאַזיצער פון דער געגנט. ער האָט מיט זיי געפירט באַזונדערע געהיימע מסחרים, האָט זיי פאַרדונגען קאַמפּן פון איק"אַ און געהאַלטן די אייגענע פּי אויף די דאָזיקע קאַמפּן.

אַרום בייקן האָט זיך געדרייט אַ גרויס געשעפט, איק"אַ-קאָלאָניזאַציע: ריזיקע שטרעקעס לאַנד זענען איבערגעגעבן געוואָרן אין זיין רשות. הונדערטער פאַמיליעס זענען אָפּהענגיק געווען פון אים. און ביי בייקן האָט זיך אויסגעאַרבעט אַ ספּעציעלער קוק אויף אַלץ און אַלעמען. די ריכטער פון געגנט זענען געווען זיינע אונטערטעניקע. ווי מאָטל זיין משרת האָבן זיי דערפילט אַלעס, וואָס ער האָט זיי פאַראָרדנט.

דער קאָמיסאַר האָט געדינט מער ביי אים ווי ביי דער רעגירונג. און בייק האָט געקוקט אויף זיי אַלעמען, ווי זיי וואָלטן צו אים געהערט, ביי אים געדינט.

אויף די קאָלאָניסטישע פאַמיליעס האָט בייק געקוקט ווי אויף שקלאַפן. עס האָט נאָך נישט פּאַסירט, אַז אַ קאָלאָניסט זאָל אויספירן.

האָט בייק אַזוי געוואָלט, האָט עס אַזוי געמוזט זיין. די מערסטע טייל קאָלאָניסטן פלעגן שטיין פאַר אים אָן היטלען, מיט די קאַלטענעוואַטע אַפּגעדעקטע קעפּ, צעשויבערטע בערד, דורכגעאַקערטע עלנטע פּנימער, הילפלאָזע, וועלכע האָבן כסדר געבעטן גנאָד און קיין איין מאָל נישט געפאָדערט, אין שטענדיקער מורא אַראָפּגעוואָרפן צו ווערן פונעם קאַמפּ מיט ווייב און קינד.

און בייק האָט געפילט, אַז ער האָט אַן אומבאַגרענעצטע מאַכט איבער אַלץ און אַלעמען.

אינערלעך פלעגט ער כסדר זאָגן צו זיך אַליין: „אַז איך, בייק, וויל, וועט עס שוין דורכגעפירט ווערן". „זאָלן זיי זיך אָנהייבן מיט מיר, בייקן".

און אַפילו די איינוווינער פון שטעטל האָבן צו אים געמוזט אָנקומען. צו דער איק"אַ האָט אויך געהערט דאָס גאַנצע שטעטל. צו בויען אַ שטוב האָט מען ביי בייקן באַדאַרפט דינגען דאָס פּלאַץ און דאַן אויסצאָלן. האָט ער געוואָלט, האָט ער געהייסן דעם ריכטער אַראָפּוואַרפן אַלעם, וואָס עס געפינט זיך אויף דעם געדונגענעם פּלאַץ: די שטוב מיטן גאָרטן מיט אַלעם. עס פלעגט צו דעם נישט קומען, ווייל דער ייד איז שוין גיך געקומען צולויפן און איז געלעגן ביי די פיס פונעם אַדמיניסטראַטאָר, זיך געבעטן און אָפּגעבעטן זיך. פאַרשטייט זיך, אַז בייק איז פון דעם נישט אַרויס ליידיק.

## 2

ביי בייקן אין הויף האָט דער מאָטאָר פון אויטאָמאָביל געקלאַפּט מיט אַ רעגלמעסיקן טוק־טוק. בייקס שאָפער, יוזאַפּ, אַ רוסישער גוי, האָט זיך מיט אויפמערקזאַמקייט איינגעהערט אינעם קלאַפּן פונעם מאָטאָר, איז פון צייט צו צייט צוגעגאַנגען, האָט געעפנט די טירלעך פון מאָטאָר און אַ פּרווו געטאָן אַ שרייפל, האָט מיט אַ צווענגל געשרויפט און ענדלעך איז ער געבליבן צופרידן. ער האָט זיך געלאָזט גיין אין אַדמיניסטראַציע זאָגן, אַז אַלץ אין פאַרטיק.

אין אַדמיניסטראַציע איז בייק געזעסן מיטן קאָמיסאַר און גערויכערט פּאַפּיראָסן. ביים טיר איז געשטאַנען דער סאַרכענטאָ (סערזשאַנט),

אַ נעגער, מיט אַ גרויסן רעוואָלווער אין גאַרטל און אַ לאַנגע שווערד אין בלעכענעם שיידל.

— פּאַטראָן, דער אויטאָמאָביל איז גרייט. — האָט יוזאָפּ געזאָגט און, ווי זיין טבע איז געווען, זיך געקראַצט אין פּאַטילניצע, ווען ער האָט גערעדט מיט זיין באַלעבאָס.

— ווען מיר פאָרן צו וואָראַבייטשיקן. אַ גרינג שטיקל אַרבעט, — האָט בייק געזאָגט צום קאָמיסאַר. דער קאָמיסאַר, דאָן ראַפּאַלאָ, האָט זיך אויפגעהויבן פון פּלאַץ, האָט זיך אויסגעצויגן אין דער גאַנצער לענג זיינער, און אַ געגעץ געטאָן.

דער קאָמיסאַר איז געווען הויך און דאַר, מיט אַ טיפן שראַם אויפן פּנים, פון דעם רעכטן אויג ביז אונטערן קינבאַק. דאָס האָט ער באַקומען אַ שניט אין אַ געשלעג אויף מעסערס, איידער ער איז נאָך געווען קאָמיסאַר. אין דער גאַנצער געגנט ארום האָט מען געקענט דאָן ראַפּאַלאָן פאַר אַ דרייסטן מעסער־שלעגער. אַ קינד פון אַ גאַאוטש און אויסגעוואַקסן אין דער פּאַמפּאַ, האָט ראַפּאַלאָ נישט געוווּסט, וואָס עס הייסט שרעק. הונדערטער מאָל איז אים אויסגעקומען צו אימפּאָנירן זיך מיטן מעסער אין האַנט און אַרויסרופן רעספּעקט צו זיך אַפילו פון די וואַנדערנדיקע גאַוטשאָס, וועלכע קומען אָן פון דער טיף פון דער פּאַמפּאַ אויף ווילדע פערד צו רייטן.

נישט איינעם פון די דאָזיקע גאַאוטשאָס האָט ער שוין אַוועקגעשיקט אויף יענער וועלט, נאָכדעם ווי זיין „פּאַקאָן" האָט זיי דורכגעשטאָכן דורך און דורך. ער האָט זיך יאָרנלאַנג געוואַלגערט אין די טורמעס אין סאַנטאַ ראָסאַ און פּיקאָ און איז פיל מאָל אַנטלאָפן און אומגעוואַנדערט איבער די סטעפּעס פון דער פּאַמפּאַ, ביז מען האָט אים געכאַפּט. ער איז געזעסן, ביז מען האָט אים באַגנעדיקט.

דערפאַר אָבער, אַלס קאָמיסאַר, האַלט ער דעם פּאָסאָן פון אַן אַנשטענדיקן מענטשן, וועלכער איז באַרופן אכטונג צו געבן, אַז די געזעצן פון לאַנד זאָלן פּינקטלעך אָפּגעהיט ווערן. נאָר פון צייט צו צייט, אין אַן אָנגעשטרענגטן מאָמענט, פינקלען אויף זיינע אויגן מיט מאָדנע פונקען און זיין האַנט כאַפּט זיך ווי באַוווּסטלאָז צום רעוואָלווער. דאַן איז ער געפערלעך.

פארברעכער און גנבים גיבן זיך אים אונטער מיט א שרעקעוודיקער אונטערטעניקייט און עס געדויערט לאנג, ביז זיין בליק באקומט דעם געווענלעכן אויסדרוק פון א ווילן יונג, וועלכער האט זיך ארויפגעארבעט אויף קאמיסאר.

דער אדמיניסטראטאר, דער קאמיסאר און דער סערזשאנט זענען ארוים אין הויף, וווּ דער אויטאמאביל האט אויף זיי געווארט.

יוזאפ האט געלאזט די מאשין און דאס רעגלמעסיקע קלאפן פונעם מאטאר האט אפגעהילכט אין דעם שטילן שטעטל.

ווען זיי זענען ארויסגעפארן פון הויף, איז נאך געווען פארטאג. די זון איז ערשט אויפגעגאנגען. אירע שטראלן זענען נאך געווען קאלט. ווי א העל פייערדיק ראד האט זי זיך אויפגעהויבן אריבער די ביימער פון דער פלאסא, וועלכע זענען געשטאנען פארטריקנטע און באדעקט מיט א דינעם זאמד-שיכט.

די דעכער פון די הייזער האבן געגלאנצט אונטער די קאלטע שטראלן פון דער זון. די קעלט פון דער נאכט איז נאך געלעגן אויף זיי. און זיי האבן אויסגעזען ווי באצויגן מיט א דורכזיכטיקן קאלטן נעפל.

טירן און קלייטן זענען נאך געווען פארהאקט. די הילצערנע לאדנד־לעך פון פירקאנטיקע פענצטער זענען געווען נאך פארלייגט מיט די פרענטן. דער זאמד-שטורעם האט זיך איינגעשטילט, אבער סימנים האט ער געלאזט אויפן שטעטל.

ביי זלמן פליישמאן האט דער ווינט אראפגעריסן דאס ראד פון דער וואסערמיל און איצט שטארצעט זי מיטן שפיץ אין הימל אריין און דער פליגל הענגט אראפ ווי אן אויסגעלענקטע האנט.

איבער יענקל שוסטערס קלייטל הענגט די שילד אויף איין צוועקל, און דער שוך, וואס איז אויסגעמאלט אויף איר, קומט אוים מיט דער פא־דעשווע ארויף.

אייניקע געסלעך זענען אינגאנצן אפגעקערט פון זאמד און אין אנ־דערע האט דער ווינט אנגעטראגן גאנצע זאמד־בערג.

יוזאפ האט פארקערעוועט דעם אויטאמאביל אויף לינקס צו דער גאס, וואס פירט צום וועג אין די קאלאניעס. זיי זענען פארבייגעפארן פליישערס יאטקע, וועלכע איז שוין געווען אפן.

אַרום דער טיר פון דער יאַטקע איז געשטאַנען אַ גאַנצע מחנה הינט.
אַביסל ווייטער זענען געשטאַנען צוויי פּרעמדע הינט, וועלכע האָבן מורא געהאַט צוצוגיין נאָענט און עפּעס אויך געניסן פון די ביינער, וואָס פליישער וואַרפט אַרויס אין גאַס.

ביי פליישערן האָט זיך שוין געאַרבעט. אַ פּאָר גאַאוטשאָס זענען צוגעפאָרן מיט טאָרבעס נאָך פלייש, האָבן די פערד צוגעבונדן צום סלופּ און זענען אַריין אין דער יאַטקע.

פליישערס יאַטקע איז דעם אַדמיניסטראַטאָרס אויטאָמאָביל דורכגעלאָפן שנעל.

אין איייניקע מינוטן אַרום איז דער אויטאָמאָביל געלאָפן איבערן זאַמדיקן וועג דורך די פעלדער. די זון איז אויסגעקומען אַנטקעגן און געשיינט אין די אויגן.

בייק האָט זיך אַרומגעקוקט. ער האָט פריי אָפּגעאָטעמט. תמיד ווען ער פאָרט אַרויס אין קאַמפּ, ווערט ער אַן אַנדער מענטש. די בלוטן ציר־קולירן שנעלער אין די אָדערן; עפּעס ווערן פאַרשוווּנדן די קליינלעכע טאָג־טעגלעכע זאַכן. עס גלוסט זיך טרוימען און פאַרגעסן זיך. דאָס האַרץ קלאַפּט שטאַרקער. דער מוח אַרבעט בעסער. עס אַרבעט די פאַנטאַזיע און ס׳פּילט זיך אַ דראַנג נאָך אַוואַנטורעס.

בייק איז געווען אַ 34 יעריקער בחור. אין די טומלדיקע טעג פון געלט־פאַרדינען, מסחרים און קריגערייען מיט קאָלאָניסטן, פאַרגעסט ער אין זיך, אַז ער איז איינער אַליין און אַז אַלע, מיט וועמען ער רעדט און מיט וועמען ער האַנדלט, האָבן אים ביטער פיינט.

ער האָט זיך אָנגעשפּאַרט אָן ווענטל פון אויטאָמאָביל און זיך פאַר־קלערט.

3

צען יאָר שוין ווי ער דינט דער איק״אַ. ער האָט שוין אָנגעקליבן אַ היפּשן קאַפּיטאַל; ער האָט קאַמפּן, וואָס ער האָט געקויפט אויף זיין אייגענעם נאָמען, מאַקע ביי דער איק״אַ.

די דינסטמיידלעך האָבן צו אים אַ ספּעציעלע נייגונג, אָבער ער ווייסט, אַז דאָס איז פאַר זיין געלט און זיינע מתנות, וואָס ער קויפט זיי.

אינערלעך האָבן זיי אים פײַנט, און זיי זענען אים קיינמאָל געטריי נישט געבליבן.

די יונגע קאָלאָניסטישע ווײַבלעך האַסן אים און די מיידלעך אַנט־לויפן פון אים ווי פון אַ פרויען־פאַרפירער.

און טאָמער איז אים געלונגען אַן אוואַנטורע, איז דאָס אַדאַנק די אומשטענדן, וואָס ער איז אַדמיניסטראַטאָר און דער אַלמעכטיקער הער־שער פון דער געגנט.

ער האָט אפילו לעצטנס באַמערקט, אַז די נײַע דינסטמיידלעך, וואָס קומען אָן דינען צו די רײַכע באַלעבאַטים פון שטעטל, ווײַכן אים אויס.

די שײנע עלקע וויל אויף קיין פאַל נישט אַרײַנקומען צו אים אין שרײַב־צימער, כאָטש פונעם גאָלדן פינגערל האָט זי זיך נישט אָפּגעזאָגט און באַלד צוגענומען, שענקענדיק אים אַ פיל־באַדײַטנדיקן שמייכל. און טאַקע מער נישט ווי אַ שמייכל. און דאָך ווייסט ער אויף זיכער, אַז זי האָט שטאַרק צו טאָן מיטן באַרבירער און מיט איר באַלעבאָס זונדל.

דער קאָמיסאַר האָט אים אַ רוף געטאָן און באַוויזן מיט דער האַנט אויף אַ שטוב פון אַ קאָלאָניסט, פאַר וועלכער זיי זענען פאַרבײַגעפאָרן.

— וואָס איז געוואָרן מיט אים. אַרעגלירט זיך?

בײַק האָט אַ קוק געטאָן צו דער שטוב און איז בלייך געוואָרן.

— אַרעגלירט זיך? האָט דער קאָמיסאַר איבערגעפרעגט.

— ער איז געפאָרן קיין בוענאָס איירעס צום דירעקטאָר.

אין טיר פון דער קאָלאָניסטישער שטוב איז געשטאַנען אַ פרוי אין אַ בלויעם כאַלאַט. זי איז געווען אַ הויכע מיט אַ שלאַנקן קערפּער. די האָר טונקעלע און צעוואָרפן, נישט פאַרקעמט.

— אידע. — האָט בײַק אַ טראַכט געטאָן. און אין האַרצן האָט אים אַ שטאָך געטאָן ווי מיט אַ נאָדל.

עס האָט אים טיף געקרענקט, וואָס ער האָט דורכגעלאָזן די געלעגנ־הייט זי צו באַזוכן, ווען איר מאַן איז אוועקגעפאָרן קיין בוענאָס איירעס. עס איז דאָך שוין געווען אַלעס צוגעגרייט, ער האָט שוין אפילו אַרויסגע־ריסן בײַ איר איר אײַנשטימיקייט. ער האָט זיך דערפילט דערשלאָגן און געבראָכן. ער פירט שוין אפילו נישט דורך אַזעלכע פּשוטע זאַכן ווי באַ־זוכן אַ פרוי, וועמעס מאַן איז אוועקגעפאָרן און וועלכע...

ווען דער אויטאָמאָביל האָט זיך אויסגעגלײַכט מיט דער שטוב, וועל־

כע איז געשטאַנען ביים וועג, האָט דער קאָמיסאַר אויסגעשריען פריילעך:
— אַדיאָס שיינע!

בייק האָט זיך איינגענורעט אין אויטאָמאָביל און אַ לייכטן שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ צו איר. די פרוי איז האַסטיק אַוועק און פאַרמאַכט די טיר.

דער אויטאָמאָביל האָט אַ שטאַרקן טרייסל געטאָן אַזוי, אַז כמעט אַלע זעגען שיעור נישט אַרויסגעפאַלן.

— צום טייוול יוזאַפּ, פיר ווי אַ מענטש — האָט זיך בייק צעשריען אויף זיין שאָפער. — צום טייוול!

ער האָט הנאה געהאַט, וואָס ער האָט אַ געלעגנהייט אויסצושרייען זיך אויף עמיצן.

מיט אַלע קרעפטן האָט ער געזוכט צו פאַרטרייבן זיין אומעט, וואָס איז אים פּלוצלינג באַפאַלן. עס האָט אים געדריקט אַ מאָדנע פוסטקייט. צו וואָס די אַלע געשיכטעס?... די אַלע זאַכן? הערשן, טרייבן פון די פעלדער, אַפּנאַרן פרויען? צו וואָס די אַלע זאַכן? — האָט ביי אים אינעווייניק געפרעגט עמיצער. אָבער בייק איז נישט געווען פון די מענטשן, וואָס לאָזן זיך אַריין אין אַזעלכע געדאַנקען. ער האָט אַרויסגענומען אַ פעקל פּאַפּיראָסן און מכבד געווען דעם קאָמיסאַר מיטן סערזשאַנט און דערנאָך אַליין פאַררויכערט.

— וואָס זאָגט איר אויף דעם וואָראָבייטשיקן, ער מיינט טאַקע, אַז ער וועט אייביק זיצן אויפן קאַמפּ — האָט בייק געוואָלט אַריינציען אין אַ שמועס דעם קאָמיסאַר.

— מען דאַרף אים אַראָפּוואַרפן, אַזוי זאָגט דאָס געזעץ — האָט דאָן ראַפּאַלאַ געענטפערט גלייכגילטיק.

דאָס וואָרט וואָראָבייטשיק האָט בייקן געמאַכט שנעלער קלאַפּן דאָס האַרץ. ער האָט וואָראָבייטשיקן נישט געקענט פאַרליידן, נאָר דערפאַר וואָס ער האָט אַרויסגערופן אין אים אַ סימן פון מיטלייד. דאָס גאַנצע אויסזען וואָראָבייטשיקס האָט אים דערמאָנט אין זיינעם אַ ברודער, וואָס איז שוין פון לאַנגע יאָרן געשטאָרבן. יענער האָט אויך געהאַט אַזאַ קרענקלעך אויסזען. ער איז געווען אַ קליינינקער, אַ דאַרינקער מיט קורצע הענטלעך און פיסלעך. אין דער היים פלעגט מען אים רופן ליליפּוט.

און כאָטש וואָראָבייטשיק איז אַ סך עלטער פון זיין פאַרשטאָרבע־

נעם ברודער, און כאָטש זיי האָבן נישט געהאַט קיין ענלעכקייט צווישן זיך, דאָך האָט בייק תמיד אַ קלער געטאָן פון זיין ברודער ווי נאָר וואָראַבייטשיק איז אַריינגעקומען אין אַדמיניסטראַציע.

און איצט, פאַרנדיק אים אַרויסוואַרפן, האָט ער נישט ווילנדיק אַ קלער געטאָן וועגן זיין ברודער און אין האַרצן האָט אים אַ ריס געטאָן ביז ווייטיק.

דאָס אויפגעבלאָזענע פנים פון יוזאפן האָט זיך אויסגעדרייט צו בייקן.

— נעמען רעכטס? — האָט ער געפרעגט.

— יאָ! צו די פיר שטיבלעך — האָט בייק געענטפערט.

ער האָט זיך אַ רוק געטאָן אויפן פלאַץ, האָט זיך געמאַכט שטייף און געפרווווט געבן זיין פנים אַן אויסדרוק פון באַדויערנדיקן ערנסט.

זיי זענען צוגעפאָרן צו וואָראַבייטשיקס שטוב.

— ענדלעך געקומען — האָט בייק געזאָגט צום קאָמיסאַר.

— יאָ, געקומען! — האָט דער קאָמיסאַר געענטפערט און איז אַראָפּגעשפרונגען פון אויטאָמאָביל.

בייק איז אַראָפּגעקראָכן לאַנגזאַם. אַרומקוקנדיק זיך אויף אַלע זייטן און זוכנדיק וואָראַבייטשיקן מיט די אויגן.

פון וואָראַבייטשיקס שטוב האָט זיך קיינער נישט באַוויזן. עס האָט געמאַכט דעם איינדרוק ווי די שטוב וואָלט נישט געווען באַוווינט. אויפן הויף האָבן זיך געוואַלגערט צעבראָכענע רעדער, שטיקער פאַרזשאַווערט אייזן, אַן אַלטער דישל פון אַ וואָגן און אַ צעבראָכענע „סולקי".

פון די שכנהשע הייזער זענען אַלע אַרויס און זיך אָוועקגעשטעלט נעבן דער „אַלאַמברע" און געקוקט מיט אָנגעכמורעטע פינצטערע פּנימער צו בייקן.

בייק האָט זיך געמאַכט נישט-זעענדיק. ער האָט עטלעכע מאָל אָנגעפּאַטשט ביים טויער און זעענדיק, אַז מען ענטפערט נישט, איז ער אַריין אין הויף צוזאַמען מיטן קאָמיסאַר און סערזשאַנט.

אַלע דריי זענען זיי געשטאַנען ווי אומאַנטשלאָסן... די זון איז שוין געהאַנגען גאַנץ הויך און האָט זיי געברענט אין די פּנימער. עס איז געווען מאָדנע ליכטיק און בייק האָט זיך צוליב דעם געפילט אומבאַקוועם.

די שכנים פון די אַנטקעגנדיקע הייזלעך האָבן זיך פאַרמירט אין אַ

רעדל. מען איז געשטאַנען און זיך שטילערהייט געסודעט.

דער שכן הערש, — אַ ייד מיט אַ געגאָלטער באָרד און אַראָפּגע־האַנגענער רויטער מאָרדע, אַ בייכיקער, מיט אַ דיקן קאַרק אין פאַלדן, האָט עפּעס געמאַכט מיט די הענט און איינגעטענהט מיט די איבעריקע פון רעדל, צווישן וועלכע ס'האָבן זיך געפונען צוויי עלטערע יידענעס, וועלכע האָבן זיך געווישט די אויגן מיט די טיכלעך.

בייק האָט נערוועז אַ פּאַשט געטאָן מיט די דלאָניעס און אַזוי ווי פּלוצלינג האָט זיך פון שטוב אַרויסגעריסן אַ כוואַליע פון געוויין און יאָמער. די גאַנצע פאַמיליע וואָראַבייטשיקס האָט זיך אַרויסגעשאָטן פון דער מיט רעש פונדאַנדערגעפּראַלטער טיר.

וואָראַבייטשיק האָט אויסגעזען ווי מיט אַ קאָפּ נידעריקער. זיינע קורצע הענטלעך האָבן זיך באַוויגן אומבאַהאָלפן. ער האָט געוויינט מיט אַ קינדערשן קוויטשל ווי אַ באַליידיקט קינד. אַרום זיין ווייב האָבן זיך אַרומגעשטעלט די קינדער און זיך אָנגעהאַלטן אין איר פאַרטוך.

וואָראַבייטשיקס פרוי איז געווען אַ הויכע און דיקע יידענע. אַן איר האָט מען דערקענט, אַז אין רוסלאַנד האָט זי געלעבט גוט. ס'האָט זיך נאָך געמערקט שפּורן פון עטוואָס אַריסטאָקראַטישעס אין איר האַלטונג. זי איז געשטאַנען שטאָלץ מיט אַן אויפגעהויבענעם קאָפּ, און אין איר געוויין האָט זיך מער געפילט אַ פאַרזעניגלעכע באַליידיקונג ווי געפאַלנקייט.

— מערדער, גזלנים — האָט וואָראַבייטשיק געבליפּעט. ער איז אומגעלאָפן הין און הער, גלייך ווי די ערד וואָלט געווען הייס אונטער זיינע פיס.

— לאָז זיי, די באַנדיטן. לאָז זיי צורו! מירן זיך פאַרנעמען! — האָט וואָראַבייטשיקס ווייב געזאָגט צו איר מאַן.

— איר מעגט פאָרן צוריק, מירן זיך שוין פאַרנעמען. מיר דאַרפן נישט האָבן אייער ערד. — האָט זי געזאָגט צו בייקן, און אירע אויגן האָבן גע־פינקלט מיט אַ טיפן ביטערן האַס.

— אַנטשולדיקט מאַדאַם. — האָט זיך בייק געווענדט מיט אַ העפ־לעכן טאָן צו איר און בעת מעשה האָט ער זיך אַליין פאַרוווּנדערט, וואָס די דאָזיקע פרוי האָט אַרויסגערופן צו זיך אַזאַ רעספּעקט. די דאָזיקע פרוי, וואָראַבייטשיקס ווייב, דאָס ווייב פונעם קליינעם דאַרן יידל מיטן פּיסטשע־וואַטן קול, האָט מאָדנע געווירקט אויף אים. ער האָט זיך דערפילט קלע־נער פאַר איר, אומדערצוויגענער.

— מיר וועלן אייך נישט שטארק צווינגען, — האָט ער פאַרגעזעצט.

— אויב איר קענט זיך נישט ציען היינט־מאָרגן, קענען מיר צוווארטן עט־לעכע טעג. עס ברענט נישט!

— מיר בעטן ביי אייך קיין טובות נישט! האָט זי געזאָגט מיט שטאָלץ, און זיך געלאָזט גיין צוריק אין שטוב.

עס האָט געמאַכט אַ מאָדנע איינדרוק איר שטאָלצע האַלטונג. עס האָט זיך געדאַכט, אַז אָט־אָט וועט זי מיטן פינגער אָנווייזן בייקן די טיר און ער וועט מיט אַ העפלעכן פאַרנייג אַוועקגיין.

אָבער פּלוצלינג האָט עפּעס פּאַסירט, וואָס האָט אַלעמען איבערראַשט.

דודל, וואָראָביטשיקס צען־יאָריק יינגל, איז די גאַנצע צייט געשטאַ־נען מאָדנע פאַרטראַכט, מיט אַ פינגער אין מויל און זיך פון אָרט נישט גערירט. די אייגעלעך: זיינע זענען געווען פאַרגלעזערט, און מיט אַן איינ־געעקשנטן קוק האָט ער באַטראַכט בייקן.

ער איז דעם טאָג נישט געפאָרן אין שולע, ווייל ער האָט געוווסט, אַז מען וועט זיי קומען אַראָפּוואַרפן פון דער טשאַקרע (ווירטשאַפט).

די גאַנצע נאַכט האָט ער געחלומט פון דעם אַדמיניסטראַטאָר. ווי ער שלאָגט זיך מיט אים אויף מעסער, ווי ער דערהרגט אים מיט איין קלאַפּ.

איצט האָט ער אין זיין הענטל געהאַלטן אַ קליין מעסערל. זיינע צאַרטע פינגערלעך האָבן פעסט צוגעדריקט דאָס ביינערנע הענטל, און אין דעם מאָמענט, ווען זיין מאַמע האָט זיך געלאָזט גיין צוריק אין שטוב, איז ער צוגעלאָפן צו בייקן און אים מיטן גאַנצן כוח אַ זעץ געטאָן מיטן מע־סערל אין פוס. דאָס קליינע קלינגל איז אַריין ביזן הענטל.

דודלען איז פינצטער געוואָרן אין די אויגן און ער האָט מער גאָר־נישט געזען אַרום זיך.

בייק האָט אַ ווילדן געשריי געטאָן. עס איז געוואָרן אַ טומל. דודל האָט זיך געצאַפּלט אין די הענט פון סערזשאַנט, געבריקעט מיט די פיסלעך און געקלאַפּט אים מיט די צונויפגעקרעמפּטע פויסטלעך אין האַרצן אַריין, און דער סערזשאַנט האָט אים אַלץ מער אויפגעהויבן אין דער הויך, כדי אויסצומיידן די קינדערשע קלעפּ.

די שכנים זענען זיך צונויפגעלאָפן. בייק איז געווען באַגאָסן מיט בלוט, וואָס האָט געשטראָמט פון דער וווּנד און גערונען אויפן שוך.

מען האָט אים אַריינגעטראָגן אין שטוב און אַוועקגעלייגט אין בעט.

דודלען האָט דער קאָמיסאַר געהייסן האַלטן אין אויטאָמאָביל, כדי אים אָפּצופירן אין שטעטל אין דער פּאָליציי.

4

ווען בייק איז צוריקגעפאָרן אין שטעטל מיט אַ פאַרבונדענעם פוס, האָט ער פון גאָרנישט געקלערט. ער איז געווען צופרידן מיט זיין טאַט, וואָס ער האָט געהייסן דעם קאָמיסאַר פריי לאָזן דודלען.

ערשטנס, וואָס האָט ער געקענט מיט אים טאָן און צווייטנס האָט זיך נישט געלוינט שטאַרק צוצעשפּרייטן דעם קלאַנג, אַז אַ צען־יאָריק יינגל האָט אים פאַרוואונדעט.

דערצו האָט ער געוואָלט באַווייזן וואַראַבייטשיקס פרוי, אַז ער איז נישט קיין באַנדיט און ווייסט אַמאָל צו זיין העפלעך אויך. און טאַקע דערפאַר האָט ער איר געזאָגט, אַז נאָר צוליב איר באַפרייט ער דאָס קינד. ווען נישט זי, וואָלט ער אים אַוועקגעשיקט אין אַ קינדער־טורמע.

ווען ער איז צוגעפאָרן צו זיין וווינונג, האָט ער זיך באַמיט אַליין אַראָפּצוקריכן פונעם אויטאָמאָביל, כאָטש ער האָט געפילט אַ שטאַרקן ווייטיק אין פוס און אין גאַנצן קערפּער.

די נאַכט האָט בייק געהאַט אַביסל היץ. ער האָט געחלומט משונה־דיקע חלומות. עטלעכע מאָל האָט ער זיך אויפגעכאַפּט מיט אַ פאַרשטיקטן געשריי. וואַראַבייטשיק האָט זיך פאַרוואַנדלט אין אַ ריזיקן שפּין און איז אַרויפגעקראָכן אויף זיין האַרץ און גענומען זויגן זיין בלוט. און ער, בייק, איז געבונדן און קאָן נישט רירן מיט קיין גליד. ער צאַפּלט זיך און שרייט מיט אַ פאַרשטיקט קול. ער ווייסט אָבער, אַז קיינער הערט נישט זיין שמים. ער מאַכט אַן איבערמענטשלעכע אָנשטרענגונג און כאַפּט זיך אויף מיט אַ ליאַרעם, דערשרעקט זיך פאַר זיין אייגן קול און קוקט מיט אויפ־געריסענע אויגן אין דער פינצטער.

ווי נאָר ער באַרואיקט זיך, פילט ער ווי עס רוקט זיך ווידער אַ קאָש־מאַר. ער ווערט אויפגערעגט, זוכט אין די קעשענעס פון רעקל, וואָס איז געהאָנגען אויפן ווענטל פון אַ בענקל נעבן בעט, די שוועבעלעך מיט די ציגאַרעטן און פאַררויכערט אַ פּאַפּיראָס.

אויף מאָרגן איז בייק אויפגעשטאַנען אַן אָפּגעצערטער און בלייכער.

ער איז אַריין צו זיך אין שרייב־צימער און זיך געזעצט שרייבן אַ בריוו אין דירעקציע.

וועגן וואָראָבייטשיקן האָט ער געשריבן, אַז ער רעקאָמענדירט, מען זאָל אים נאָך נישט אַראָפּוואַרפן, ווייל ער האָט זיך איבערצייגט, אַז ער וויל דערפילן די פליכטן צו דער איקאַ, נאָר די אומשטענדן האָבן אים דאָס נישט דערלויבט. ער וועט געפינען אַ וועג ווי אַזוי זיך צו פאַרגלייכן מיט אים, ווייל נאָך אַלעמען איז ער אַ גוטער קאָלאָניסט.

שרייבנדיק דעם בריוו וועגן וואָראָבייטשיקן, האָט בייק מער גע־קלערט פון זיין פאַרשטאָרבענעם ברודער, דעם קריפּל, וועמען ער פלעגט אַרומפירן און פאַר וועמען ער פלעגט זיך שלאָגן מיט זיינע חברים, וועל־כע פלעגן אים באַליידיקן.

ער האָט פאַרקלעפּט דעם בריוו און געהייסן דעם משרת אָוועקטראָגן אים אין פּאָסט.

ער האָט זיך אַרומגעשלייכט מיט שוואַכע טריט איבער די צימערן פון דער אַדמיניסטראַציע. אין פּוס האָט ער נאָך געפילט אַ שטאַרקן ווייטיק. אינגאַנצן איז ער עפּעס געווען נישט ווי דער זעלבער. ער האָט געקוקט אויף די פּאַפּירן, אויף די טישן, אויפן שראַנק, אויף די שאַפעס, וווּ עס ליגן די איקאַ־ביכער, און עס האָט זיך אים געדאַכט, ווי ער וואָלט דאָ געווען אַ פרעמדער, ווי ער וואָלט אין די ביכער קיינמאָל נישט אַריינ־געקוקט.

ער איז אַריין צו זיך אין שלאָפצימער, זיך אָוועקגעלייגט אין בעט, באַלד האָט ער זיך אויפגעהויבן און איז אַוועק צו זיך אין אַדמיניסטראַ־ציע, מיט אַ באַשלוס צו נעמען זיך צו דער אַרבעט. ער דאַרף ברענגען אין אָרדענונג די רעכענונגען פאַרן לעצטן מאָנאַט. ער דאַרף צושטעלן די „פּלאַ־נירזשאַס" אין דער דירעקציע. און ער האָט נאָך גאָרנישט געטאָן וועגן דעם.

זיצנדיק ביים שרייבטיש פאַרטאָן אין די פּאַפּירן, איז אים פּלוצלינג געקומען אַ געדאַנק, צוליב וואָס זאָל ער בלייבן אַן אַלטער בחור, פאַרוואָס זאָל ער נישט אָפּזוכן עפּעס אַ פּאַסיקן שידוך? נישט זיין עלנד און אַזוי הפקר; אויסער דעם וואָס ער איז ביי אַלעמען אַזוי פאַרהאַסט, זאָל ער ביי זיך אין דער היים בלייבן דער זעלבער אַדמיניסטראַטאָר בייק, און נישט פילן די אמתע געטריישאַפט פון אַ פרוי, גלייך ווי אַלע מענטשן.

וואָראָבייטשיק, דער שוואַכער און דאַרער יידל, וואָס קומט צו אים

זיך אָפּגעבן מיט די איקאַ־צאָלונגען, איז דאָך אין דער היום אַ באַלעבאָס. אַ פרוי זאָרגט פאַר אים. דאָס קינד קעמפט אויף לעבן און טויט פאַר זיין טאַטן. ווער שטעלט זיך איין פאַר בייקן?

אין דעם מאָמענט איז אים נמאס געוואָרן די איקאַ מיט איר מאַכט און רייכטום. ער, בייק, וואָלט סיי־ווי געמאַכט אַ קאַפּיטאַל, ביי וואָס ער זאָל זיך נישט געווען באַשעפטיקן. אפשר דימיסיאָנירן? — האָט אים דורכגעבליצט אַ געדאַנק.

— רעגונסירן, דימיסיאָנירן! — האָט ער אויפן קול אויסגעשריגן.

דער משרת איז אַריינגעקומען און זיך דערשראָקן פאַרן אויסזען פון באַלעבאָס.

— איר זענט נישט געזונט, סעניאָר בייק. אפשר ברענגען דעם דאָקטאָר?

— מען דאַרף נישט! — האָט בייק געענטפערט בייז.

ער האָט זיך אויפגעהויבן פון פּלאַץ און צוגעגאַנגען צום פענצטער. אין שטעטל זענען די קלייטן שוין געווען אָפן. קאָלאָניסטישע פורלעך זענען אָנגעקומען פון קאָלאָניע. עס איז געווען ליכטיק אין דרויסן און אָנגענעם. קאָלאָניסטישע טעכטער אין העלע קליידלעך זענען צוגעפאָרן פאַרנוויז אויף סולקיס. דאָס קומען זיי אין שטעטל אַריין צו די מאָדיסטקעס. בייק קען זיי אַלעמען. אָבער ער ווייסט, אַז זיי האָבן אים פיינט. זיי האַלטן אים פאַרן ביטערסטן שונא.

אַך, ווען ער קאָן אַראָפּוואַרפן פון זיך זיין נאָמען „אַדמיניסטראַטאָר".

— רעגונסירן, — האָט ער אַנטשלאָסן צו זיך אַ זאָג געטאָן. — רעגונסירן און שוין. לעבן ווי אַלע מענטשן לעבן. נישט אויף די ליידן פון אַנדערע, פון די טרערן פון אָרעמע און עלנדע פאַמיליעס. — רעגונסירן.

ער איז האַסטיק צוגעגאַנגען צום שרייבטיש און אָנגעשריבן פּאָלנדיקן בריוו: „געערטער דירעקטאָר!

צוליב מיין שוואַכן געזונט־צושטאַנד בעט איך אייך געפעליגסט צו שיקן אויף מיין פּלאַץ אַן אַנדערן. איך בין געצוווּנגען צו דימיסיאָנירן."

ער האָט איבערגעלייענט די עטלעכע שורות און איז געווען צופרידן פונעם טאָן אין דעם בריוו.

ער האָט געהייסן זיין משרת אוועקטראָגן דעם בריוו, כדי ער זאָל נאָך קענען אוועקגיין מיטן ערשטן באַן.

איצט האָט ער זיך דערפילט פריילעכער, עפּעס אזוי ווי ער וואָלט באפרייט געוואָרן פון א שווערער משא. ער האָט זיך אונטערגעזונגען א ניגונדל אונטער דער נאָז, און אָנגעהויבן קלערן וועגן זיינע פּלענער אויף ווייטער. ער וועט חתונה האָבן מיט א שיינער קאָלאָניסטישער טאָכטער און פארפירן א רואיק פאמיליען־לעבן.

אין אים האָט זיך דערוועקט עפּעס א ניי, באזונדער געפיל צו די קאָלאָניסטן, גלייך ער וואָלט זיי דערזען אין אן אנדער ליכט.

— מען מוז זיי שטיצן, זיי האָבן אזויפיל געשאפן. און פאר קיין פאל נישט פאר זיך — האָט ער געקלערט.

ווען דער משרת איז צוריקגעקומען, האָט אים בייק פארטרויט זיין באשלוס צו דימיסיאָנירן פון דער איקא.

דער משרת האָט אויפגעריסן א פּאָר גרויסע אויגן.

— גלויבסט נישט? — האָט בייק געקוקט אויף אים מיט א שמייכל. דאָס איז אמת. גענוג איקא. איך האָב זיך שוין גענוג אָנגעזויגן מיט קאָלאָניסטיש בלוט, ווי א פּיאַווקע. גענוג!

ער איז האסטיק ארומגעגאנגען הין און צוריק איבערן צימער — פארגעסנדיק דעם ווייטיק, וואָס ער האָט נאָך געפילט אין פוס — און גיך רעדט ווי צו זיך אליין: איך בין א מענטש ווי אלע מענטשן. מען האָט זיך אָפּגענארט, מען האָט געמיינט, אז בייק איז א בעסטיע. ניין! בייק איז א מענטש און זאָלן אלע וויסן, אז איך בין נישט קיין חיה. ס׳איז אמת, אז איך האָב געטרונקען טרערן ווי וואסער. פארשאפט יענעם ביטערע ליי־דן, אָבער אויף אלעם קומט א סוף. איך דימיסיאָניר. און דאָס וועט זיין א באווייז פאר דער גאנצער וועלט, אז בייק איז נישט קיין חיה, נאָר א מענטש.

פּלוצלינג האָט ער זיך אָפּגעשטעלט אין מיטן שטוב און זיך פאר־טראַכט. עס איז אים איינגעפאלן א געדאנק, וואָס האָט אים אויפגעצי־טערט. עפּעס רעדט ער נישט ווי געוואונלעך. איז דאָס בייק, דער וואָס רעדט אזוי? אָדער אפשר איז ער גאָר גערירט פון זינען? א קאלטער שווייס האָט אים באגאָסן. ער האָט זיך באמיט צו ווירקן אויף זיינע נערוון. זיך בארואיקן און האָט פארווּיכערט א פּאַפּיראָס.

כדי צו קאָנטראָלירן זיך, האָט ער איבערגעפּרעגט זיין משרת, צי האָט ער אוועקגעשיקט דעם בריוו. דאַן איז ער אַביסל אַ דערשלאָגענער אַריין צו זיך אין צימער און זיך גענומען באַטראַכטן אין שפּיגל.

זיין פּנים איז פון נעכטן אָן געוואָרן איינגעשרומפּן. די אויגן זיינע האָבן געפיבערט. ביי די מויל־ווינקלען האָבן זיך געלייגט פאַרקרימטע קנייטשן, וואָס האָבן צוגעגעבן זיין פּנים דעם דאָזיקן באַזונדערן אויסדרוק פון מענטשן, וועלכע לעבן איבער אַן אינערלעכן קריזיס.

בייק האָט לאַנג געקוקט אויף זיך אין שפּיגל, האָט אָבער גאָרנישט אויסגעפונען און איז אַביסל אַ באַרואיקטער צוריק אַריין אין זיין שרייב־צימער.

— רענונסירן — האָט ער אַרויסגערעדט — רענונסירן איז דער איינ־ציקער אויסוועג. יאָ, רענונסירן!

ער האָט זיך פלוצלינג פונאַנדערגעלאַכט מיט אַ ווילדן געלעכטער. די אויגן זענען אים אָנגעגאָסן געוואָרן מיט בלוט. ער איז אַריינגעלאָפן אין אַדמיניסטראַציע און אָנכאַפּנדיק דעם משרת פאַר דער האַנט, האָט ער אים מיט אַ ווילדן כעס געטרייסלט: לויף אין פּאָסט און נעם צוריק דעם בריוו. בייק רענונסירט נישט, פאַרשטייסט; בייק טאָר נישט רענונסירן. מען וועט לאַכן, לאַכן פון מיר. און ער האָט זיך ווידער צעלאַכט מיט אַ נערוועזן האַלב־ציטערדיקן געלעכטער.

.1923

# דער רומענישער

1

קיינער אין קאָלאָניע האָט נישט געוווּסט גענוי, ווער דער רומענישער איז געווען. די קאָלאָניסטן האָבן אַפילו זיין נאָמען נישט געדענקט. דער אַדמיניסטראַטאָר איז געווען דער איינציקער, וועלכער האָט געוווּסט דעם רומענערס נאָמען און פאַמיליע־נאָמען, אָבער ער האָט אים אויך גערופן דער רומענישער.

יידן האָבן צווישן זיך גערעדט, אַז דער רומענישער האָט אין רומעניע אָפּגעטאָן אַ פאַרברעכן; וואָס און ווען האָט מען נישט געוווּסט. אַנדערע האָבן געזאָגט, אַז ער האָט געהרגעט אַ מענטשן, און אַנדערע ווידער האָבן דערציילט געשיכטעס פון אַ גרויסן געלט־שווינדל, וואָס דער רומענישער איז באַגאַנגען און האָט געמוזט אַנטלויפן פון רומעניע.

געווען איז דער רומענישער אַ מאָדנער ייד.

ער האָט קיינמאָל נישט געקעמט זיין צעפּאַטלטע געלע באָרד. האָט געדעדט פאַנפעוואַטע און האָט תמיד געטראָגן אַ קאַפּאָטע, וועלכע איז געווען געלאַטעט און געניייט מיט ווייסן פאָדעם.

זומער און ווינטער האָט ער געטראָגן די זעלבע קאַפּאָטע און שטיוול מיט ברייטע כאָלעוועס. וואָכנלאַנג האָט ער געקענט נאָכשלעפּן אויפן שטיוול אַ שטיקל פאַפּיר, וואָס האָט זיך צוגעקלעפּט צו דער בלאָטע, אָדער אַ שטיקל שמאַטקע, און, אַז ער איז געגאַנגען, איז ער האַלב געלאָפן מיט אַ נישט גלייכן טריט. ער האָט געקוקט אויף אַלעם און עס האָט זיך געדאַכט, אַז ער האָט קיין זאַך נישט געזען אויסער דאָס, וואָס ער האָט זיך אינערלעך פאָרגעשטעלט.

אין די יידישע קלייטן האט דער רומענישער זעלטן געקויפט. ער האט געהאט געשעפטן מיט דעם טערקישן קלייטניק פון שטעטל, אבדול האמיד. ביי אבדולן אין קלייט פלעגט ער אפזיצן לאנגע שעהן, טרינקען א גלעזל וויין און קוקן דורך די גראטעם פון פענצטער אין געסל ארויס. מיט אבדול האמיד האט דער רומענישער געהאט שטענדיקע חשבונות, און ווען ער פלעגט קומען אין קלייט, פלעגט ער זיך רעכענען מיט אבדולן, אים צאלן געלט און בעטן „פאנארעען" (וועקסלען)... זיך רייסן מיט אים און סוף־כל־סוף פלעגט ער ארויסנעמען דעם גרויסן לעדערנעם בייטל און צאלן.

געלט האט דעם רומענישן קיינמאל נישט געפעלט.

און דאס אליין האט אינטריגירט און ווי באאומרואיקט די קאלאניסטן. ווו נעמט דער רומענישער געלט? זיין טשאקרע (ווירטשאפט) איז נישט קיין בעסערע ווי אנדערע טשאקרעס. אלפאלפא איז ביים רומענישן אויף דער טשאקרע נישט געוואקסן מער ווי ביי די אנדערע קאלאניסטן, און אין די ערגסטע צייטן האט דער רומענישער געהאט געלט.

— דאס געלט האט ער נאך פון רומעניע פון א גרויסער גנבה — האבן קאלאניסטן גערעדט צווישן זיך.

זיין ווייב, סאסיע, איז אויך געווען א מאדנע יידענע. זי איז געווען א דארע, א הויכע, א טויטלעך־בלייכע, מיט א שארפער שפיציקער נאז. זי האט געקוקט מיט א צעשראקענעם בליק און האט מורא געהאט פאר מענטשן. ,

די קאלאניסטישע ווייבער האבן זיך מיט איר נישט געקענט צונויפרעדן. זי האט נישט געענטפערט צו דער זאך, און געשמייכלט. און איר שמייכל און איר האלבער געלעכטער איז ענלעך געווען צו אן אפגעריסענעם שלוכץ.

אין קאלאניע האט מען זי כסדר געזען א שוואנגערע. ארום איר שמורציק קלייד האבן זיך נאכגעשלעפט פינף קינדערלעך. אלע האלב־נאקעטע. די בייכלעך און די פנימלעך אויסגעשמירט מיט בלאטע.

די קינדערלעך זענען אלע געווען רויטע, מיט גרויסע קעפ, ווי באוואקסן מיט רויטע שטעכערעס. די אייגעלעך בלויע און דערשראקענע, מיט העלע געדיכט־באוואקסענע ברעמען.

די קינדער פון די שכנישע קאָלאָניסטן האָבן זיך מיט זיי נישט גע־וואָלט שפּילן. זיי האָבן זיי גערופן „די רויטע האָזן" און געלאַכט פון זיי. דעריבער האָבן די פינף קינדער זיך צוגעוווינט זיך צו שפּילן אַליין. נעבן רומענישנס שטוב, אין הויף, איז געווען פון תמיד אָן אַ גרויסער גרוב. אין דעם גרוב האָבן די פּעאָנעס (טאָג־לוינער, אַרבעטער) פון דער איקאַ געמאַכט ליים צו בויען דאָס שטיבל.

תמיד איז אין דעם גרוב געשטאַנען אַ געדיכט בלאָטיק וואַסער און אין דעם וואַסער האָבן זיך די קינדערלעך געשפּילט און געפּליושקעט ווי חזירימלעך. אַ גאַנצן טאָג פלעגט דער רומענישער זיין אין שטעטל; אָדער ער איז געווען ביים טערק אָדער ער פלעגט זיך אַוועקלאָזן צווישן די „ראַנ־טשאָס" הינטערן שטעטל.

די ראַנטשאָס (הייזקעס) פון די סאַנטיאַגענער זענען אַנדערש גע־בויט ווי די געוועגלעכע ראַנטשאָס. זיי האָבן נישט קיין ווענט, נאָר שטרויענע דעכער געלייגט אויף דיקע צווייגן. די סלופּעס, וואָס האַלטן אונטער דעם דאַך, זענען פון גאַנצעביימער, נאָר בלויז אָרומגעהאַקט די צווייגן. דער ווינט בלאָזט פריי פון אַלע זייטן.

אָפּטמאָל האָט מען געקאָנט זען דעם רומענישן גיין מיט זיין גע־וועגלעכן האַסטיקן טריט פאַרביי אַ רייע ראַנטשאָס. ער גייט און קוקט זיך נישט אום אויף די סאַנטיאַגענער שיקסעס, וועלכע וואַשן וועש ביים טיר פון דער ראַנטשאָ, אָדער טרינקען מאַטע און שמייכלען מיט זייערע גלאַנציקע שוואַרצע אויגן ווי יאַפּאַנעזער. דער ווינט בלאָזט אים אונטער די פּאָלעס פון דער קאַפּאָטע, זיין פייערדיקע רויטע באָרד רייסט זיך פאָראויס און די אויגן זיינע, ווי ביי אַ קאַץ, קוקן אָנגעשטרענגט און מיט מורא.

ער גייט האַסטיק דורך די ראַנטשאָס און פאַרנעמט זיך מיטן פעלד צו דעם נאָענטן וועלדל. ווען מען זאָל נאָך וואַרטן אַ שטיקל צייט, וואָלט מען געזען ווי פון אַ מיטלסטער ראַנטשאָ גייט אַרויס אַ הויכע שוואַרצע פרוי, נעמט אַ פּאַק וועש אויפן קאָפּ און גייט אין דער זעלבער ריכטונג צום וועלדל...

2

אנטקעגן דעם רומענישנס שטוב אויף דער טשאקרע איז געשטאנען א פארלאזט שטיבל פון א קאלאניסט, וועלכער איז אראפ פונעם קאמפ פרייוויליק.

דער גאלפאן, וואס האט געהערט צו דער איקא, איז געווען צעגומען, נאר דער סקעלעט איז געבליבן שטיין, ווי אן עדות, אז דא איז אמאל גע-ווען א גאלפאן און מענטשן האבן דא געארבעט.

דאס שטיבעלע איז געווען איינגעפאלן. דאס דעכל און די אויבער-שטע טיילן וועגט זענען אריינגעפאלן אין שטיבל אריין. די ראמען פון די פענצטער זענען געבליבן שטארצען פון די ווענט ארויס.

אין דער חורבה האבן זיך געמאכט א נעסט קאראנטשעס, וועלכע פלעגן כסדר ארומטאנצן איבער די ציגל. די גרויסע פייגל האבן צונויפ-געשלעפט אין דער חורבה ביינער פון בהמות, צווייגלעך, גראז און שמא-טעס, און דאס אלץ צונויפגעלייגט אין מיטן די שטיינער...

ביינאכט פלעגן זיך אהין פארזאמלען גאנצע סטאיעס קאראנטשעס און געפיקט די שטיינער און געפאכעט מיט זייערע מעכטיקע פליגל.

דעם רומענישן האט נישט געארט, וואס אין דרויסן טוט זיך. אין זיין הויף האט געקענט אפליגן אן אלט ראד צוויי יאר נאכאנאנד אין מיטן טויער, אז מען האט מיטן וואגן נישט געקענט אריינפארן, ביז דאס ראד האט זיך אריינגעפרעסט אין דער ערד און זיך אויסגעגלייכט מיטן באדן.

פון אנפאנג פלעגן קאלאניסטן נישט קאנען פארליידן אזא נאכלע-סיקייט און פלעגן אים זאגן. פלעגט דער רומענישער זיי ענטפערן פאנ-פעוואטע אזוי, אז מען האט נישט געוווסט, צי פארענטפערט ער זיך, צי בייזערט ער זיך. נאר קיין סך האט ער נישט געוואלט רעדן, האט א שמיץ געטאן דאס פערד און איז אוועקגעפארן.

זייער אפט, שפעט ביינאכט, פלעגט ביים רומענישן אין שטוב ברע-נען דאס קעראסין-לעמפל. די געלע שיין פון לעמפל האט געווארפן א קרענקלעך און געהיים ליכט אין דער פינצטערער נאכט ארום שטיבל.

פון שטוב האט זיך געהערט א בייזער ברומען פונעם רומענישן און

דאָן אַ געקלינג פון צעבראָכענעם געשיר, אַ געוויין פון קינדער, און אַ פאַרשטיקט שלוכצן פון ווייב.

קאַלאַניסטן, וועלכע זענען שפּעט ביינאַכט פאַרבייגעפאָרן דעם רומענישנס טשאַקרע, האָבן דערציילט, אַז זיי האָבן אים געזען שלעפּן דאָס ווייב פאַר די האָר איבערן קאַמפּ.

און וואָס ס'האָט מער געוווּנדערט די דאָזיקע קאָלאָניסטן, און וואָס עס האָט זיי געשראָקן, איז דער פאַקט, וואָס די אומגליקלעכע פרוי האָט נישט געשריגן און נישט געוויינט. ווי אַ געבונדענע שאָף האָט זי זיך געלאָזט שלעפּן איבערן פעלד. אין איין העמד, מיט די דאַרע בריסטן צעוואָרפן איז זי געלעגן ווי אַ שטיק ליים. און דער רומענישער האָט שווער געסאָפּעט און געשאָלטן און האַסטיק געשפּאַנט איבערן פעלד, נאָכשלעפּנדיק דאָס ווייב ביי די האָר.

קאָלאָניסטן לצים האָבן געשמייכלט און סקעפּטיש געשאָקלט מיט די קעפּ: „עט, וואָס יידן דערציילן".

3

אין אַ פאַרטאָג איז מיטן באַן פון טוקומאַן אָנגעקומען אַ בחור, אַ באַוואַקסענער, מיט צעפּאַטלטע שוואַרצע האָר, אַ שיטער שוואַרץ-שטעכיק בערדל און מיט שוואַרצע פיבערישע אויגן, וועלכע האָבן געקוקט מיט פאַרדאַכט.

ווען עס איז טאָג געוואָרן, איז דער בחור אַריין אין שטעטל און איז דורכגעגאַנגען אַלע געסלעך, איז אַוועק הינטערן שטעטל און זיך אַוועקגעלייגט אין גראָז נעבן די קאַנאַלן.

ער איז געלעגן מיטן פּנים אַרויף און מיט האַלב-פאַרמאַכטע אויגן געקוקט צום הימל, וועלכער איז געוואָרן פון מינוט צו מינוט העל-בלויער און ליכטיקער.

ווען די זון איז אויפגעגאַנגען, האָט ער זיך אויפגעהויבן און איז אַוועק אין שטעטל, איז אַריין אין אַ יידיש קלייטל און זיך געהייסן דערלאַנגען אַ גלאָז וויין.

עס איז געווען אין מיטן זומער. די היץ האָט זיך געלאָזט פילן פון

פרי אָן. מחנות פליגן האָבן באַלאַגערט די קלייטן מיט א ווילד זשומען.

ארום די באוואסערונגס-קאנאלן האָבן זיך באוויינן שווארצע מחנות מאָסקיטן. די וועלדלעך ארום שטעטל זענען געשטאנען פארטרוקנטע. די קאָרע פון די ביימער האָט געקנאַקט און זיך געשפּאַלטן.

עס האָט זיך געטראָגן אַ גערוך פון זאַלץ און סאַליטרע, מיט וועלכן די ערד פון סאַנטיאַגאָ איז אָנגעפּילט.

קאָלאָניסטן האָבן זיך אָפּגעשטעלט ביי די קלייטן, האָבן פּאָראויס-געזאָגט אַ הייסן טאָג, און זיך געאיילט צו פאָרן פאַר מיטאָג אויף די טשאַקרעס.

דער בחור האָט יעדן קאָלאָניסט אָנגעקוקט מיט פאַרדאַכט, האָט נאָכגעקוקט זייערע באַוועגונגען, און זיינע אויגן האָבן געפּיבערט און גע-ברענט.

פאַרנאַכט איז דער רומענישער געזעסן ביים טערק אין קלייט נעבן אַ האַלבער גלאָז וויין און געקוקט, ווי זיין טבע איז געווען, דורך די גראַטקעס אין געסל אַרויס.

ווען דער בחור מיט די צעפּאַטלטע האָר איז פאַרבייגעגאַנגען, האָט זיך דער רומענישער אַ הייב געטאָן פון בענקל און דאָס גלאָז מיטן וויין איז אַראָפּגעפאַלן מיט אַ קלינג און האָט זיך צעבראָכן. דער בחור האָט זיך אומגעקוקט, האָט זיך אָנגעטראָפן מיט די צעשראָקענע אויגן פונעם רומענישן און אַ ציטער געטאָן.

פלינק ווי אַ קאַץ איז ער אריינגעשפּרונגען אין קלייט און זיך אַרויס-געוואָרפן אויפן רומענישן, וועלכער איז געשטאַנען ווי פאַרגליווערט.

דער בחור האָט מיט זיינע דאַרע פינגער אַרומגעכאַפּט דעם רומע-נישנס האַלדז און האָט אים געשטיקט.

דער רומענישער האָט זיך נישט געוועהרט, ער האָט פונאַנדערגענו-מען די הענט, און ווי מורא געהאַט זיך אָנצורירן אין עפּעס.

— פאַר מיין טאַטנס טויט! — האָט דער בחור מיט די צעפּאַטלטע האָר אַרויסגערעדט מיט אַ שטילן קול צווישן די ציין און נאָך מיט מער כוח געדריקט דעם האַלדז מיט פיבערישע פינגער.

מען איז זיך צונויפגעלאָפן; דער טערק האָט פון אַ שופלאַד אַרויס-געכאַפּט אַ לאַנג, האַלב-קיילעכדיק מעסער, ווי אַ גלאַנציקע האַלבע לבנה,

און געלאָפן צום קנויל מענטשן, וועלכע האָבן זיך ארומגעלייגט ארום ביי־דע און געריסן די פינגער פון דער רומעניִשנס האַלדז, וועלכע האָבן אים ווי צוואַנגען איינגעקרעמפּט.

ווען מען האָט זיי פונאַנדערגעריסן, איז דער רומעניִשער געווען האַלב טויט; מיט אויסגעגלאָצטע אויגן און מיט אַ בלויער ארויסגע־שטאַרצעטער צונג איז ער געלעגן אויפן טיש. דער גאַנצער קערפּער האָט געציטערט אין קאָנווולסיעס. דער בחור האָט זיך געמאַכט אַ וועג צווישן דעם געדיכטן מענטשנקנויל, איז צוגעלאָפן צום טערק, האָט פלינק ארויס־געריסן ביי אים דאָס מעסער און זיך געלאָזט לויפן גלייך פון שטעטל ארויס.

קיינער איז אים נישט נאָכגעלאָפן. אין אַ קורצער ווײַלע ארום האָט מען אים שוין נישט געזען, ער איז פאַרשוואונדן געוואָרן אין וועלדל.

## 4

עטלעכע טעג נאָך דער מאָדנער פּאַסירונג אין קלייט פון אבדולן האָט מען דעם רומעניִשן נישט געזען אין שטעטל.

נאָך ברויט און אַנדערע קאָנסום־אַרטיקלען איז געפאָרן זיין ווייב, סאָפיע. ווי נאָר עס איז נאַכט געוואָרן, איז ביים רומעניִשן אין שטוב געוואָרן טויט־שטיל. נישט מען האָט געהערט אַ שאָרך פון אינעווייניק, גלייך אַלע וואָלטן דאָרטן אין דערוואַרטונג איינגעהאַלטן דעם אָטעם.

שכנים האָבן דערציילט, אַז דער רומעניִשער שטייט הינטער דער טיר שעהן לאַנג, מיט אַ האַק אין האַנט און וואַרט אויף עמיצן.

אין דער קאָלאָניע האָט מען געגרעדט, אַז דער בחור, וואָס האָט אים בעשטיקט, איז געקומען אַזש פון רומעניע, זיך אָפּרעכענען מיט אים פאַר אַלטע זינד, און אַז דער בחור געפינט זיך אין אַ וואַלד און היט אים אָפּ.

קאָלאָניסטן האָבן דערציילט, אַז זיי האָבן דעם מאָדנעם בחור געזען אין אַ ראַנטשאָ ביים קאַנאַל טרינקען מאַטע. אַנדערע האָבן דערציילט, אַז ער וואַנדערט אום ביינאַכט איבער דעם רומעניִשנס טשאַקרע, אַז אין האַלבער נאַכט קלאַפּט ער אָן אין פענצטער און רופט אים אין דרויסן זיך שלאָגן.

א יידענע האָט דערציילט, אַז זי האָט געזען דעם בחור מיט די צע־פּאַטלטע האָר, מיטן רונדן מעסער אין האַנט, רייטנדיק אויף אַן אייזל, אויפן הויפּט־וועג, באַלד נאָר ווי ס׳איז נאַכט געוואָרן.

אין קאָלאָניע האָט מען אָנגעהויבן מורא האָבן פאַרן בחור מיט די צעפּאַטלטע האָר און ווייבער האָבן געשראָקן די קינדער מיט דעם דאָזיקן בחור.

:: :: ::

איינמאָל, אין מיטן נאַכט, זענען די קאָלאָניסטן אויפגעוועקט געוואָרן פון א מאָדנעם, צעצויגענעם יאָמער, וואָס האָט זיך געטראָגן אי־בערן קאַמפּ, ווי דאָס וואָיען פון א סטאַיע הינט.

יינגערע קאָלאָניסטן האָבן אַראָפּגענומען די ביקסן פון די ווענט און אַרויס פון שטוב, נישט פאָלגנדיק זייערע ווייבער, וועלכע האָבן זיי נישט געלאָזט עפענען די טירן.

יידן מיט לאַמטערנעס זענען זיך צונויפגעקומען אין מיטן וועג און מיט אָנגעשפּיצטע אויערן, צו טרעפן פון וואַנען עס קומט דער יאָמער.

— פון רומענישנס זייט, — האָט זיך איינער אָפּגערופן.

— אמת — האָבן אַלע צוגעשטימט.

יונגוואַרג אויף פערד, מיט רעוואָלווערן אין די הענט, זענען אַוועק־געריטן אַהין. ווען זיי זענען צוגעקומען צו דער שטוב פון רומענישן, האָט זיך דאָרט געלייכט א פייערל און א שטילער שלוכצן האָט זיך געהערט פון אינעווייניק.

— וואָס וויינט איר, סאָסיע! — האָט איינער א געשריי געטאָן.

פון אינעווייניק האָט קיינער נישט געענטפערט.

די קאָלאָניסטן זענען אַראָפּגעקראָכן פון די פערד און אָנגעקלאַפּט אין טיר.

— עפנט, מיר זענען שכנים — האָט איינער גערופן.

זיי האָבן אָנגעדריקט די טיר און זענען אַריין.

אויפן דיל איז געלעגן דער רומענישער אין א טייך בלוט. דער קאָפּ

כמעט אָפּגעטיילט פון די אַקסלען — נעבן אים איז געלעגן דאָס רונדע מעסער רויט פון בלוט.

סאָסיע האָט שטיל געוויינט, און די קינדער זענען געלעגן צוגעטו־ליעט אַרום איר קלייד.

— ער האָט אים געפונען — האָט סאָסיע צווישן די ציין געכליפּעט — ער האָט אים געפונען.

אויף מאָרגן האָבן יידן דערציילט, אַז אַ גאַאוטש האָט זיך אַריינ־געריסן אין שטוב און דערשטאָכן דעם רומענישן ייד.

.1923

# אַ פֿאַרפֿלייצונג אין קאָלאָניע

ווען די וואַסערן פֿונעם געזאַלצענעם טייך האָבן זיך דורכגעטראָגן איבער דער קאָלאָניע, האָבן צעבראָכן די שלוזן פֿון די קאַנאַלן און פֿאַרטרונקען די פֿעלדער, זענען אַלע באַשעפֿענישן, וואָס האָבן געלעבט אין דער ערד אין באַהאַלטענע גריבער, אַרויס פֿון זייערע באַהעלטענישן און זיך געלאָזט אויף הפֿקר. זיי האָבן נישט מורא געהאַט פֿאַר מענטשן, ווייל סיי ווי האָבן זיי נישט געהאַט וואָס צו פֿאַרלירן. הינטער זיי האָט גערוישט און געקאָכט אַ מוטנע שוימיק וואַסער, וואָס האָט געהאַט אַ געזאַלצענעם טעם און פֿאַרפֿלייצט זייערע נאָרעס און באַהעלטענישן. אַ חוץ דעם האָבן די מענטשן צו זיי זיך אַנדערש באַצויגן, נישט מיט אַזאַ פֿיינטשאַפֿט ווי אַלעמאָל, ווען זיי האָבן זיך נאָר באַגעגנט אויג אויף אויג.

די שנאה צווישן די מענטשן און די קליינע באַשעפֿענישן, וואָס האָבן זיך געווידמעט און געמערט אין די פֿעלדער און אין די שיטערע וועלדלעך, איז געווען שרעקלעך.

האָט אַ מענטש דערזען אַרויסשטעקן דאָס פּיסקל פֿון אַ גרויסער פֿעלד־מויז, און די פֿינקלענדיקע רויטלעכע אייגעלעך האָבן געקוקט אויף אים, האָט דאָס עלנטע באַשעפֿעניש געמוזט באַלד פֿאַרשווינדן אין דער נאָרע, ווייל עס איז שוין געפֿלויגן צום קאָפּ אַ שטיק האָלץ, אַ שטיין; און אויב דער מענטש איז נאָך געגאַנגען מיט אַ הונט, איז די געפֿאַר געווען אַ טאָפּלטע. דער הונט האָט מיט רציחה זיך אַ לאָז געטאָן צו דער נאָרע און געגראָבן מיט די פֿאָדערשטע פֿיס און זיך נאָר געוואָלט דאַביוועןן צום קרבן.

דערפֿאַר האָבן שוין די אַלע באַשעפֿענישן געוווּסט, אַז בייטאָג, ווען

מענטשן זענען װאַך, טאָר מען נישט אײנשטעלן זיך אַרױסצולאָזן פון די נאָרעס.

װען אָבער פונעם געזאַלצענעם טײך האָבן זיך באַװיזן די ערשטע כװאַליעס אױפן גראָז און דאָס געזאַלצענע װאַסער האָט אָנגעהױבן אַרײנרינען אין די ערשטע נאָרעס, איז פאָרגעקומען אַ גרינטלעכע ענדערונג אין דער האַלטונג פון די פעלד־באַשעפענישן. אַ גאַנצע פאַמיליע פון גרױסע פעלד־מײז האָט איבערגעװאַנדערט אין אַ װײטערער נאָרע. און די איבערװאַנדערונג איז פאָרגעקומען אין מיטן העלן טאָג און פאַר מענטשן אין די אױגן! די מענטשן האָבן מיט זײערע אײגענע אױגן געזען די גרױסע מײז לאַנגזאַם שפּאַנען איבערן גראָז אין פעלד אַרײַן און האָבן זײ אַפילו נישט נאָכגעיאָגט. דאָס האָט געגעבן די שרעקעדיקע באַשעפענישן אַ דרײסטקײט און זײ האָבן זיך אַפילו אָפּגעשטעלט אין מיטן פעלד, װי זײ װאָלטן זיך בעראַטן װאָס פאַר אַ ריכטונג צו נעמען.

אמת, די מענטשן זענען געװען שטאַרק באַשעפטיקט און האָבן נישט געהאַט אין זינען די נישטיקע באַשעפענישן, כאָטש אין זײער דמיון איז דורכגעפלױגן אַ נעפּלדיקער געדאַנק, װען זײ האָבן דערזען די גאַנצע פאַמיליע פעלד־מײז רואיק שפּאַנען איבערן פעלד אָן דעם ציטער און פיבערישער נערװעזיטעט פון תמיד. עפּעס איז זײ אױסגעקומען נײַ די האַלטונג פון די דאָזיקע באַשעפענישן.

נאָר װען דער געזאַלצענער טײך האָט זיך טאַקע אמתדיק צעשפּילט און זיך אָנגעבלאָזן און באַקומען אַ הױכן שטראָמיקן בױך, און די כװאַליעס זײַנע האָבן זיך אַראָפּגעלאָזט מיט אַ רעש איבער די פעלדער, האָבן שױן די מענטשן אױך אָפּגעטרעטן און פאַרגעסן אינגאַנצן אָן די באַשעפענישן פון די פעלדער.

„סאַלװעסע קיען פּועדאַ״ (ראַטעװעט זיך װער עס קען) האָט זיך יעדער אײנער געטראַכט בײַ זיך. די מענטשן האָבן אָנגענומען זײערע מיטלען; מען האָט זיך גענומען באַפעסטיקן די באַװאַסערונג־קאַנאַלן, װעלכע זענען געלעגן װי פאַרדרעמלטע, הױך פאַרװאַקסן מיט גראָז און פאַרצױגן מיט אַ דיק גרין הײטל. די אַלטע פאַרפױלטע שלוזן און די פאַרבינדונגטירלעך, װעלכע גיסן איבער דאָס װאַסער פון אײן קאַנאַל אין צװײטן, האָבן אױסגעזען צו שװאַך צו קענען אָנהאַלטן דעם דראַנג פון די מעכטיקע כװאַליעס פון דעם צעגאָסענעם טײך. און די מענטשן האָבן אָנגעשאַטן

בערג מיט ערד און זאַמד ביי די טירן פון די קאַנאַלן. נאָר ווען דאָס וואַ־סער איז אָנגעקומען, האָבן די בערג מיט זאַמד און ערד זיך באַלד פאַר־וואַנדלט אין אַ ריזיקער שיטערער קאַשע און דאָס וואַסער איז מיט שטור־רעם אַריינגעדרונגען אין די קאַנאַלן און זיי אויסגעגלייכט מיטן פעלד און דאַן זיך געטראָגן איבער די פעלדער צו די קאָלאָניסטישע שטיבער.

קאָלאָניסטישע פאַמיליעס האָבן זיך אויפגעזעצט אויף וועגענער און געפאָרן ווייטער, טיפער אין פעלד, אויף העכערע פלעצער.

די פעלד־באַשעפענישן האָבן אויך אָנגענומען זייערע מיטלען; כאָטש זיי זענען געווען פיל מער באַגרענעצטע ווי די מיטלען פון די מענטשן.

דאָס ערשטע מיטל איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס זיי האָבן אויפ־געהערט מורא׳ האָבן פאַר זייערע געפערלעכע פיינט, די מענטשן.

די שלענג זענען אין זיג־זאַגן געלאָפן פאַראויס און האָבן מיט אַלע כוחות געזוכט אַרויפדראַפּען זיך צו די שפּאַלן פון דער אייזנבאַן־ליניע, ווו דאָס וואַסער האָט נאָך נישט דערגרייכט.

דאָס פּלאַץ ביי די שפּאַלן האָבן אויסגעפונען די פעלד־מייז. און זיי האָבן זיך אין די טויזנטער באַזעצט אונטער דעם פרייערן הימל נעבן די שפּאַלן. זיי האָבן נישט מורא געהאַט, נישט פאַר די שלענג און נישט פאַר די מענטשן. אפילו פאַר די הינט זענען זיי נישט אַנטלאָפן. ווען אַ הונט איז אַריבערגעלאָפן די שפּאַלן, זענען זיי נאָר געבליבן אַביסל צע־מישט און דער נאַטירלעכער פיבער איז זיי באַפאַלן, אָבער זיי האָבן זיך נישט גערירט פון אָרט. זיי האָבן אויסגעשטעלט די פּיסקלעך, גרייט צו פאַרטיידיקונג. נאָר דער הונט האָט זיי נישט געטשעפּעט. מען האָט גע־זען, אַז ער איז געווען באַשעפטיקט מיט וויכטיקערע זאַכן און אַז ער האַלט פון דעם נישט צוזאַמענגערעדטן אָפּרעד פון שטילשטאַנד צווישן די מענטשן און פעלד־באַשעפענישן אין מאָמענט פון אַלגעמיינעם אומ־גליק.

און דער אומגליק איז געווען גרויס. דאָס וואַסער איז אַלץ מער און מער אָנגעקומען מיט ליאַרעם און געפּילדער און האָט מיט זיך גענומען אַלץ, וואָס עס האָט געטראָפן אויפן וועג. די שטרויענע ראַנטשאָס פון די גאַאוטשאָס האָבן די כוואַליעס גאַנצערהייט געטראָגן אויף זייערע רוקנס, אויף אייניקע ראַנטשאָס זענען געזעסן קעץ און האָבן אויסגע־

ווארט א גינסטיקן מאָמענט ארויפצודראַפּען זיך אויף א בוים, ווען די ראַנ־טשאָ איז נאָענט פארבייגעשוווּמען.

די ריזיקע זשאַבעס־שפּינען, די עסקווערסאַס, זענען אין די טויזנטער ארוים פון זייערע באהעלטענישן און געזוכט אַ פּלאַץ, ווו אהינצוטאָן זיך. זיי זענען געשוווּמען אויף די וואסערן און מאסן זענען אוועקגעטראָגן גע־וואָרן פון די שטראָמען. די קליינע קראָקאָדילן, די אגואנאָס, וועלכע זע־נען נישט געוווינט מיטן וואסער, ווייל זיי האלטן זיך אויף אין די נאָ־רעס אין פעלד, האָבן מיט פארצווייפלונג געשטשירעט די שארפע ציין און ברייט פונאנדערגעעפנט זייערע ריזיקע פּיסקעס. זיי האָבן געפּרוּווט שווי־מען, נאָר די דורות־לאַנגע אָפּגעוווינטהייט פון וואסער האָט זיי געמאכט פארגעסן, אז זיי זענען וואסער־חיות און זענען דערטרונקען געוואָרן. דע־ריבער האָבן די אנדערע זיך געזוכט א וועג צו די שפּאַלן, ווו פארשידענע באשעפענישן האָבן געפונען א רעטונג־פּונקט.

די גאנצע געגנט ארום האָט געהאט א טרויעריק אויסזען. דער סקאָט איז אנטלאָפן, און די וועלכע האָבן זיך נישט געקענט ראַטעווען, זענען דערטרונקען געוואָרן. ארום די געפּגרטע פערד און פי האָבן ארומגע־שוועבט קאראנטשעס, זיי זענען געהאנגען מיט די שווארצע פליגל צע־שפּרייט אין דער לופטן, איבער די פּגרים, ווי זיי וואָלטן זיי געהיט. זיי זאָלן נישט פארטראָגן ווערן מיט די שטראָמען.

די הייזער פון דער קאָלאָניע זענען געבליבן אומבאוווינט. אויף פערד און וועגענער און אויף קליינע שיפלעך האָבן די קאָלאָניסטן זיך אריבער־געצויגן אין די נאָענטסטע שטעטלעך. די שטוביקע הינט זענען נאָכגע־שוווּמען, אָדער האָבן זיך ארויפגעכאפּט אויף די וועגענער און צוזאמען מיט זייערע באלעבאטים פארלאָזט די וווינונגען.

:: :: ::

די פעלד־באשעפענישן, וועלכע האָבן זיך געטוליעט הילפלאָזע ביי די קאלטע רעלסן פון די אייזנבאַן־ליניעס, האָבן באמערקט ווי א לענגערע צייט האָט זיך קיין רויך נישט באוויזן פון די קוימענס פון די מענטשן־וווינונגען, און נישט עס האָט זיך געלאָזט הערן דער באקאנטער שווידער־לעכער געשריי פון א הונט, וואס האָט זיי תמיד דערמאָנט אָן טויט און זיי אריינגעבראכט אין א מין פיבערישן חלשות.

די ערשטע באַשעפעניש, וועלכע האָט זיך געפּרוּווט באַזעצן אין די פּאַרלאָזענע וווינונגען פון די קאָלאָניסטן, איז געווען די זשאַבע־שפּין, די עסקוּערסאַ.

עטלעכע פון דעם דאָזיקן מין האָבן זיך געלאָזט שווימען און מיט זייערע קלעפּיקע פיסלעך זיך אָנגעהאַלטן אָן די „פּאָסטן" (סלופּעס) פון די אַלאַמבּרעס. פון דאָרט האָבן זיי זיך אַרומגעקוקט און גישט דערזען קיינעם פון די באַקאַנטע געשטאַלטן, פון די מענטשן און הינט, און האָבן זיך געלאָזט גלייך אַריינשווימען אין די פונאַנדערגעעפנטע טירן פון די וווינונגען.

נאָך זיי איז געקומען די שלאַנג און פאַרנומען די שוועל פון וווינונג, צונויפדרייענדיק זיך אין אַ בייגל.

שווער איז געווען צוצוקומען צו די וווינונגען די פעלד־מייז. דאָך האָבן זיי זיך נאָך מער פאַר אַלעמען געסטאַרעט צו דערגרייכן אַ טרוקן שטיקל פּלאַץ, אַביסל ערד, אַ גריבל.

כאָטש זיי זענען געווען פאַרהעלטנישמעסיק זיכער ביי די שפּאַלן, האָט זיי דאָך געמאַטערט די פרייע לופט, די טונקעלע הימלען און דאָס מאַטע ליכט פון טאָג. און נאָך מער האָבן זיי געליטן, ווען עס איז מיט שטורעם און רעש דורכגעלאָפן אַ צוג און די רעלסן און שפּאַלן האָבן גענומען ציטערן און קלינגען.

פון די אָפענע פענצטערלעך פון די וואַגאָנעס האָבן אויף זיי געקוקט אומבאַקאַנטע, מאָדנע פּנימער פון מענטשן, לאַכנדיקע און פאַרוווּנדערטע, און אייניקע האָבן אויף זיי געוואָרפן, וואָס עס איז געקומען אונטער דער האַנט. אַ שאַכטל פון סאַרדינקעס, אַ קנויל פּאַפּיר, אַ שטיק האָלץ און איינער האָט אַפילו אויף זיי אויסגעשאָסן.

נאָר די פעלד־מייז זענען נישט אַנטלאָפן, ווי צוגעשמידטע צו די שפּאַלן, זענען זיי געשטאַנען, די פיסלעך אויפגעהויבן צו די דורכפאָרנדיקע און ווי מיט אַ פאָרוווּרף אין זייערע קליינע רויט־פיבערדיקע אייגעלעך.

דורך אונטערערדישע וועגן און שווימענדיק איז דאָך אַ היפּשע מאַסע פעלד־מייז צוגעקומען צו די וווינונגען און געמאַכט זייערע נאָרעס ביי די שטיבער און אונטער בערגלעך מיסט.

אָבער די הערשערין פון די וווינונגען איז געווען די שלאַנג, און אי־

נעווייניק האָט זי קיינעם נישט אַריינגעלאָזט אויסער פון איר אייגענעם מין.

:: :: ::

ווען די הימלען זענען געוואָרן העלער, די לופט טרוקענער, און עס האָט גענומען בלאָזן אַ דרום־ווינט, איז דאָס וואַסער אָפּגעפאַלן. דער גע־זאַלצענער טייך האָט פאַרלוירן דעם בויך און איז איינגעפאַלן אין קליינע קרעמפּן פון כוואַליעס. פון די ברעגן האָט אין אים אַריינגעשטראָמט אַ מוטנע ערדיק וואַסער מיט שטרוי און בינטן גראָז.

ביים ברעג פון קאַלאַניע האָט זיך באַוויזן דאָס ערשטע פורל מיט אַ קאַלאָניסטישער פאַמיליע און דער ערשטער געביל פון אַ הונט האָט זיך געלאָזט הערן פון ווייטן. די פעלד־באַשעפעניש האָבן זיך פאַרוווּנדערט. די ערשטע זענען פאַרציטערט געוואָרן די פעלד־מייז. די שלענג אויף די שוועלן האָבן זיך פויל אַ דריי געטאָן און אויפגעהויבן די שמאָלע גלי־טשיקע קעפּ.

ביי דער שטוב, ווו די קאָלאָניסטישע פאַמיליע איז צוגעפאָרן, איז פאַרגעקומען אַ שטילער און קורצער קאַמף. צוויי הינט האָבן זיך אַ לאָז געטאָן צו דער שלאַנג, איינער האָט זי אָנגעכאַפּט מיטן מויל ביים קאַרק און געקלאַפּט איר קאָפּ אָן שוועל. עס האָט לאַנג נישט געדויערט און די שלאַנג האָט זיך אויסגעגלייכט און געבליבן טויט.

די פעלד־מייז זענען געוואָרן איבערראַשט און געפּרוווט אָננעמען די צוגעוווינטע שטעלונג. זיי זענען שטיין געבליבן מיט אויסגעשטרעקטע פיסקלעך, אָבער די הינט האָבן זיך אַ לאָז געטאָן צו זיי. אַ פּאָר זענען באַלד געלעגן טויט.

די פעלד־באַשעפעניש האָבן דערפילט, אַז דער נישט געערדטער אָפּ־מאַן איז איבערגעריסן געוואָרן.

די זון איז אויפגעגאַנגען. די פעלדער האָבן זיך אויסגעטריקנט, סטייעס קאַראַנטשעס האָבן זיך געפּאָרעט אַרום די געפּגרטע בהמות.

מיטן ברייטן וועג, וועלכער איז נאָך געווען ווו־נישט־ווו פאַרטרונ־קען, האָבן זיך געצויגן פורלעך מיט קאָלאָניסטישע פאַמיליעס צו די פאַר־לאָזענע וווינונגען.

די פעלד־באַשעפעניש האָבן זיך ווידער פאַרגראָבן אין זייערע נאָרעס און האָבן אָנגענומען די אַלטע טאַקטיק פון אויסמיידן זייערע טויטלעבע פיינט — דעם מענטש און דעם הונט...

.1923

# דער זיווג

בערל איז געווען אַ שוסטער, אָבער נישט פון די געוועגלעכע, איינפּאַכע שוסטער־יונגען, וואָס אויף זייערע הענט ליגן די סימנים פון דער דראַטווע, אויף זייערע קני, וואָס זענען עטוואָס אויסגעבויגן, מערקט זיך דאָס פּלאַץ פון דעם אייזערנעם פּרעסל, אויף וועלכן זיי קלאַפּן אויס דעם לעדער.

בערל איז געווען אַ יונג, ווי מען זאָגט, „מיט ביינער"; אַ וווקסיקער, אַ שלאַנקער, מיט אַ ראָזעווען, שיינעם פּנים און דיקע מייסטערהאַפט פאַר־דרייטע וואָנצעס, וואָס דערמאָנען אין אַ רוסישן אָפיציר, אַ „פּאָדפּאָרו־טשיק". ער האָט אָבער געהאַט איין פעלער, וואָס האָט אים געשטערט זיין רו און תמיד געקרענקט.

דער רעכטער פוס איז ביי אים געווען אַביסעלע קירצער, אינגאַנצן אפשר אויף צוויי מילימעטער; אין גאַנג האָט זיך עס אָבער גוט געמערקט. און וויפיל ער האָט זיך נישט געסטאַרעט צו גיין לאַנגזאַם, כדי דאָס הינקען זאָל זיך אַזוי נישט מערקן, האָט ער אָבער דאָך נישט געקאָנט פאַרמיידן אָנצובויגן דעם קערפּער אויף דער רעכטער זייט, ווען ער האָט אַ שטעל געטאָן מיט דעם קירצערן פוס.

בערל איז געווען אַ געניטער אַרבעטער אין זיין פאַך און האָט זיך אַליין געמאַכט אַ שוך מיט אַ העכערער פּאָדעשווע און קאָריק, וואָס האָט אָנגעפּולט דאָס ליידיקע פּלאַץ, וואָס איז געווען צווישן זיין פוס און באָדן. געהונקען אָבער האָט ער דאָך.

און מער פאַר אַלעם האָט עס אים געשאַדט צו אַ שידוך.

בערל האָט געהאַט אַ פיינעם באַגריף איבער פרויען. ער האָט גע־וואָלט חתונה האָבן פאַר אַ פרוי, וואָס זאָל, ערשטנס, זיין אַביסל געביל־דעט און היינטוועלטיק און צווייטנס זאָל זי זיין אַ שיינע און קלוגע. און,

פארשטייט זיך, אז אזא מיידל מיט אלע מעלות האָט בערלען נישט גע־װאָלט צוליב זיין פעלער. בערל האָט שוין אָפטמאָל געהאַלטן ביי װערן א חתן, נאָר אויפן לעצטן מאָמענט, װען די כלה האָט געדאַרפט זאָגן איר „יאָ װאָרט", האָט זי זיך צעװײנט און געזאָגט איר מאַמען, אז זי װיל נישט חתונה האָבן פאר א קאַליקע. בערל פלעגט פאַרבייסן מיט די ליפּן און אװעקגיין מיט אַן אויסערלעכער רואיקייט, װי עס גייט אים גאָרנישט אָן, און אזוינע כלות קאָן ער באַקומען אויפן טוץ...

בערל האָט געהאַט פילע קענטשאַפט מיט מיידלעך פון מיטעלן קלאַס, עס פלעגט זיי פאַראינטערעסירן זיין אויסערלעכער אויסזען, װאָס האָט געהאַט אין זיך עטװאָס מאָדערנעס, װויליונגערישעס. ער פלעגט ביי זיי פאַרברענגען פיל אָװנטן, נאָר אין גאַס זענען זיי מיט אים נישט געגאַנגען. דאָס האָבן זיי געמאַכט אזוי קונציק, אז בערל פלעגט אָפטמאָל זיך פילן, גוטמוטיק באַליידיקט, װען זיי האָבן אים דערװויזן װי עס איז זיי איצט, פּונקט איצט, אוממעגלעך צו גיין מיט אים אין טעאַטער.

בערל איז אָבער נישט געװען אזא נאַר, ער זאָל אינגאַנצן נישט פאַר־שמייען און ער פלעגט זייער פיל ליידן פון דעם, און קומענדיק אהיים פלעגט ער קוקן אויף זיין קירצערן אויסגעדאַרטן פוס מיט א פינצטערן אָנגעכמור־רעטן בליק, װי ער װאָלט אים געװאָלט אינגאַנצן אָראָפּהאַקן.

ענדלעך האָט ער איינגעזען, אז דורך די דאָזיקע „ליבעס" װעט צו חתונה נישט קומען און ער האָט באַשלאָסן צו רעדן מיט א שדכן.

צום ערשטן האָט ער גערעדט מיט נישט קיין פּראָפעסיאָנעלן שדכן, מיט א יידל, װאָס טוט אַלעס, האַנדלט אין „רעמאַטעס" און איז א קאָ־מיסיאָנער פון אייער, װאָס ער שטעלט־צו פון קאַמפּ אין שטאָט אריין, און פירט אויס א שידוך, װען עס מאַכט זיך א געלעגנהייט. גערופן האָט מען אים „דער קאָמיסיאָנער" און געהאַט האָט ער א רונד בערדל פון טאַבאַק קאָליר און שטאַרק צעװאַקסענע ברעמען, װאָס האָבן באַשירעמט זיינע גרויע, שטאַרע אויגן.

דער קאָמיסיאָנער האָט אים צוגעזאָגט אַלע גליקן. ער האָט פאַר אים נישט איין כלה נאָר א סך און ער, בערל, װעט זיך אויסקלייבן.

אין א פּאָר טעג אַרום איז דער קאָמיסיאָנער געקומען צו בערלען א פּאַרסאָפּעטער, א צערודערטער און אינגאַנצן א באַװעגלעכער, װי אויף כפּרונזשינעס. ער האָט אים דערציילט, אז ער האָט פאַר אים א כלה, װאָס ער, בערל אַליין, האָט זיך עס נישט געריכט. דערװייל האָט ער ביי

אים געכאַפּט צען פּעזעס אַ גמילת חסד, אָדער אַן אויפגאַב, ווייל וועגן דעם, אַז בערל ווערט אַ חתן, איז קיין רייד נישטאָ...

און מער האָט אים בערל נישט געזען אין די אויגן. ער איז ווי אויס־געראָנען געוואָרן...

ענדלעך האָט זיך בערל געזען מיט אַ „פּראָפּעסיאָנעלן" שדכן. אַ ייד פון באַלעבאַטישן אויסזען, מיט אַ שטעקן מיט אַ זילבערנעם הענטל, אויף וועלכן עס איז געווען אויסגעקריצט „דער מאָדערנער שדכן", און געהייסן האָט ער סעניאָר שטיינהאָלץ.

דער סעניאָר שטיינהאָלץ האָט מיט אים גערעדט אַנדערש, קורץ, אָן גרויסע צוזאָגעכצן און איבערהויפּט געשעפטלעך. ער וועט אים קריגן אַ מיידל ווי עס פּאַסט זיך פאַר אים, און ער, בערל, פאַרשטייט דאָך שוין, וואָס פאַר אים פּאַסט.

אויף מאָרגן איז דער שדכן געקומען און זיך אים געהייסן שיין פאַר־פּוצן און גיין אָנקוקן אַ כלה.

אויפן וועג גייענדיק, האָט אים דער אַלטער שטיינהאָלץ אָפּגעשטעלט, אים גוט אויסגעפרעגט, פון וואַנען עס האָט זיך אים גענומען „זיין פוס" און אים געגעבן צו פאַרשטיין, אַז עס וועט זיין מיט אים אַ שווערע אַר־בעט.

— „ער לייגט מיר שטיינער אויפן האַרצן" — האָט זיך בערל גע־טראַכט און אינערלעך האָט ער געפילט, אַז דער אַלטער שטיינהאָלץ וועט אים שוין אויסזוכן אַ כלה.

ענדלעך זענען זיי צוגעקומען צום הויז, וווּ די כלה האָט געוווינט. דער אַלטער שטיינהאָלץ האָט זיך אָפּגעשטעלט נישט ווייט פון דער טיר און אַריינקוקנדיק בערלען שאַרף אין די אויגן, האָט ער געזאָגט:

— איך זאָג אייך פאָראויס, איידער איר גייט אַריין: דאָס מיידל האָט אייער פעלער... זי הינקט אויף דעם לינקן פוס... ווי איר זעט, איז עס אַ באַשערטע זאַך — האָט דער אַלטער צוגעגעבן און אַ לייכטער שמייכל האָט זיך געראָנצלט אויף זיין געקנייטשטן פּנים.

בערל איז געוואָרן אָנגעצונדן; ער האָט זיך געוואָלט אַרויפוואַרפן אויף דעם אַלטן און אים צערייסן. דער אַלטער שדכן האָט ווייזט אויס פאַר־שטאַנען, וואָס בערל לעבט איבער און אָנגעהויבן אים מוסרן:

— פע, יונגערמאַן! עס פּאַסט גאָר נישט פאַר אייך, צי דען אַז זי

הינקט אויף אַ פוס, איז זי נישט גלייך צו אַלע מענטשן? איז זי דען'נישט גלייך צו אייך און איר גלייך צו איר?

בערל האָט גענומען קלערן וועגן דעם, אַז דער אַלטער איז כמעט ווי גערעכט; דאָך האָט ער נישט געוואָלט נאָכגעבן און געקוקט מיט בייזע אויגן אויפן שדכן.

— וואָס וועט איר פאַרלירן, גייט אַריין — האָט דער אַלטער גענו־מען אים צורעדן. — קיין מיאוסע איז זי נישט, איי וואָס, זי האָט אַ פעלער? האָט איר אויך אַ פעלער, וועט איר זיין קוויט...

בערל האָט זיך געלאָזט איבעררעדן און איז אַריינגעקומען זי כלומרשט אָנקוקן, גלאַט אַזוי, אָן אַן אינטערעס.

דער ערשטער איינדרוק, וואָס האָט אויף אים געמאַכט, איז, אַז זי איז אַ גאַנץ שיין מיידל, און ווען קיינער האָט נישט באַמערקט, האָט ער באַטראַכט איר פוס מיט דעם הויכן שוך, וואָס איז געווען ספּעציעל צו־געאַרבעט און זיין געניט שוסטעריש אויג האָט באַלד באַמערקט אַ קינסט־לעריש שטיקל אַרבעט.

דעם אָוונט האָט זיך בערל זייער גוט אונטערהאַלטן; ער האָט גע־זאָגט פאַרשידענע אַנעקדאָטן, פון וועלכע דאָס מיידל האָט זייער געלאַכט.

אַז עס איז געוואָרן אַרום ניין אַזייגער, האָט זי בערל איינגעלאַדן אין קינאָמאַטאָגראַף.

ווען זיי זענען ביידע געגאַנגען אין גאַס, האָבן זיי געוואָרפן באַ־האַלטענע בליקן איינער אויפן צווייטן און ביידע האָבן געטראַכט דאָס זעלבע, אַז ס'איז כמעט נישט קענטיק זייער הינקען.

אין אַ פּאָר וואָכן אַרום איז געווען די חתונה. און ווען בערל פלעגט גיין געאָרעמט מיט זיין יונג ווייבל, פירנדיק אַ גליקלעכן פאַמיליען־לעבן, פלעגט ער זיך אָפט דערמאָנען אָן דעם אַלטן שדכן און זיך קלערן: „אַ קלוגער ייד געווען דער שדכן"...

.1919

# פעליפע קרייזלער

(פראַגמענט)

אין וואַרט־זאָל פון דער פירמע קרייזלער מיראַנדאַ האָט געוואַרט דער גביר זילבערשטיין מיט דעם שליח פון וועלט־קאָנגרעס, דאָקטאָר ליפשויץ.

זילבערשטיין האָט אַלץ געהאַלטן אין רעדן וועגן קרייזלערן, אַז ער איז אַ פאַרפרעמדטער פון יידישן לעבן. ער האָט דערציילט דעם שליח, אַז קרייזלער, דער מיליאָנער, האָט שוין לאַנג פאַרגעסן, אַז ער איז אַ ייד. ער וווינט מיט אַ קריסטלעכער פרוי און פאַרקערט אין די קרייזן פון דער הויכער טשילענער געזעלשאַפט. לויט מען דערציילט, שטאַמט ער פון אַן אָרעמער פאַמיליע, ערגעץ פון דער ליטע, אָבער ער טראָגט אויף זיך אַ מיניסטערשן קאָפּ. אויף דער בירזשע איז ער דער קעניג; זיינע אונטער־נעמונגען זענען געוואַגטע און מיט גרויס פאַרנעם. מינען אויף נאָרט; וואַלד און גרויסע שטחים לאַנד אויף סור. ער איז דער פאַקטישער פירער פון דער גרויסער פירמע קרייזלער מיראַנדאַ.

זילבערשטיין האָט ביי קרייזלערן געקויפט האַלץ פון זיינע זעג־פאַבריקן פון סור. אָבער שטאַרק נאָענט מיט אים איז ער נישט. ער גלויבט נישט, אַז דער דאָקטאָר ליפשויץ זאָל ביי אים עפּעס פועלן און ווירקן אויף אים. דאָס זענען מענטשן, וואָס די הערצער זענען ביי זיי פאַרשטיי־נערט, און מען יאָגט זיך רק נאָך געלט און ווידער געלט.

זילבערשטיין אַליין קען אויך נישט פאַררעכנט ווערן פאַר אַ קבצן. זיינע געשעפטן מיט געהילץ און מיט הייזער זענען אויך גאַנץ ברייט פאַרצווייגט, אָבער ער איז אַ ייד אַ געזעלשאַפטלעכער טוער און לאָזט זיך קאָסטן פאַרן כלל־ישראל. דאָס פירט ער אים, דעם דאָקטאָר ליפשויץ, צו די יידישע גבירים פון סאַנטיאַגאָ צו זאַמלען פאַרן וועלט־קאָנגרעס.

דאָקטאָר ליפשויץ איז נישט איינשטימיק מיט זילבערשטיינען, אַז די

האלב־אסימילירטע יידן זענען שוין איינגאנצן אפגעשטארבן פארן יידישן פאלק. א יידיש הארץ קען מען נישט דערגרונטעווען.

ווארטן זיי, ביז מען וועט זיי אריינרופן אין קאבינעט פון פעליפע קרייזלער.

אין דעם ווארט־זאל איז אזוי שטיל, אז מען הערט דאס זשומען פון א פליג. דער גערוימער זאל איז באצירט מיט בילדער פון געביידעס, לאנד־קארטעס און גראפישע צייכענונגען, דער באאמטער, וואס זיצט ביי א טיש אין א ווינקל, רויכערט פאפיראסן און קוקט אריין אין פאפירן.

דער דאקטאר ליפשוץ איז אן עלטערער מענטש מיט א גרוילעכער באָרד און מיט גאלדענע ברילן. ער זיפצט מיט א לייכטן זיפץ און וויגט זיך אויף זיין שטול, ווי ער וואלט געווען אין עפעס פארטיפט.

— אומזיסט די צייט, אומזיסט, — מורמלט זילבערשטיין, און קוקט אויפן זייגער.

די טיר האט זיך געעפנט און עס איז ארויסגעקומען קרייזלער, באַ־גלייטנדיק א באזוכער, וועלכער איז באלד אוועק.

פעליפע קרייזלער האט אנגעקוקט די צוויי יידן מיט א פארוואונדערטן בליק. זילבערשטיין האט פארגעשטעלט דעם דאקטאר ליפשוץ און קרייז־לער האט אים ווארעם געדריקט די האנט.

פעליפע קרייזלער האט אויסגעזען ווי אן עכטער טשילענער טיפ. א טונקעלער, ברוינע אויגן, כמעט שווארצע, און שווארצע גלאטע קורצע האר. ער איז געווען הויך און מיט ברייטע מאסיווע פלייצעס, אביסל שווער. זיין שמייכל האט נאר דערמאנט אן עפעס, וואס איז נישט געווענלעך אין די טשילענער טיפן. א גוטברודערישע גוטמוטיקייט האט געווייעט פון אים. ער איז דעם דאקטאר ליפשוץ באלד געפעלן געווארן. אזוי האט מיט אלע־מען פאסירט, מיט וועמען ער האט זיך צו ערשטן מאל באקענט.

עס האט געווייעט פון אים אפנהארציקייט, ברייטקייט און גוטמו־טיקייט. מיט דער זעלבער לייכטקייט, מיט וועלכער ער האט געשלאסן געֶ־שעפטן אויף מיליאנען, האט ער זיך געקענט פאראינטערעסירן מיט קלייני־קייטן און אנעקדאטן. נישט אומזיסט האט מען אים גערופן אויף דער בירזשע „על בוען כודיא”, דער גוטער ייד.

זיי זענען אריין אין קאבינעט, וואס איז געווען אויסמעבלירט מיט לוקסוס. אין די באקוועמע פאטעלן פון גרינעם לעדער ביים גרויסן ניקלנעם

שרייבמיש איז מען געזעסן ווי באַרואיקט, אָן אומדערוואַרטע איבעררײַ־שונגען. און ד"ר ליפשוץ האָט זיך דערפּילט עפּעס גרינגער אויפן האַרצן.

— אַ ייד איז פאָרט אַ ייד — האָט ער געקלערט.

זילבערשטיין האָט זיך געפילט אומבאַקוועם. ער האָט באַדאַרפט אָנ־פאַנגען דערציילן, וואָס עס איז אַזוינס דער וועלט־קאָנגרעס און וואָס איז דער ציל פון זייער באַזוך.

אָבער דער דאָקטאָר ליפשוץ האָט אים אַרויסגעהאָלפן. ער האָט אויסגעווישט די ברילן און האָט גענומען רעדן אויף יידיש.

פעליפּע קרייזלער האָט אויפגעלויכטן. אַ ברייטער שמייכל האָט זיך צעלייגט אויף זיין ברוינעם טונקעלן פּנים.

— יידיש, יידיש, רעדט, רעדט...

און דער שליח פון וועלט־קאָנגרעס האָט מיט אַ ציטערדיקער שטימע דערציילט, וואָס עס לעבט איצט איבער דאָס יידישע פאָלק אונטערן יאָך פון היטלערן, ימח שמו. הונדערטער טויזנטער יידן זענען פאַרטריבן גע־וואָרן פון זייערע היימען, מען ווייס אפילו נישט די צאָל פון די קרבנות פון די היטלעריסטן. פרויען, זקנים און קינדער, געשאָכטן, דערשטיקט דורך גאַזן, און די גרעסטע וואַלגערן זיך אין די קאָנצענטראַציע־לאַגערן. טויט און פאַרוויסטונג הערשט אומעטום. און די יידן פון די אַמעריקאַנער לענדער, די גליקלעכע, וואָס זייער מזל האָט זיי פאַרהיט פון די גרויסע אומגליקן, מוזן קומען צוהילף זייערע ברידער פון יענער זייט ים.

ער האָט אָפּגעכאַפּט דעם אָטעם און ווייטער גערעדט.

גלויבט דער הער קרייזלער, אַז עס איז פון זיי אַ פעלער, וואָס זיי האָבן אים באַזוכט? וואָלט נישט געווען פון זיי אַ פאַרברעכן, ווען זיי שליסן אים אויס פון זייער מיט און מיידן אויס זיין הילף?

אַלע יידן אָן אונטערשייד, אַלע, אַלע יידן, דאַרפן העלפן; קיינער קען זיך נישט אָפּזאָגן פון אַזאַ הייליקער זאַך ווי ראַטעווען די אומגליקלעכע ברידער.

פעליפּע קרייזלער איז געזעסן דעם קאָפּ אָנגעשפּאַרט אָן די הענט און דאָס פּנים פאַרגראָבן.

פלוצלינג האָט ער זיך מיט רעש אויפגעהויבן און זיך געלאָזט אין אַ צווייטן צימער און פאַרמאַכט די טיר.

זילבערשטיין האָט אָנגעקוקט דעם שליח און אין זיין בליק איז גע־

ווען עפּעס אַזוינס, ווי ער וואָלט געזאָגט: „האַ, וואָס האָב איך גע־זאָגט? אַרויסגעוואָרפן די אַרבעט".

דער אַלטער דאָקטאָר האָט אַראָפּגענומען די ברילן און מיט נערוועזע ציטערדיקע פינגער געווישט די גלעזלעך.

פעליפּע קרייזלער האָט פאַרמאַכט הינטער זיך די טיר און גענומען אָפּבינדן דעם קראַוואַט. עס האָט אים געשטיקט אין האַלדז. אַ קנויל האָט זיך אים געשטעלט אין גאָרגל און פון די אויגן האָט אַ שטראָם געטאָן טרערן. ער האָט זיך אָנגעכאַפּט מיטביידע הענט ביים קאָפּ און גענומען אַרומלויפן איבערן צימער. מיט צוקנדיקע אַקסלען און באַגאָסן מיט טרערן, האָט ער זיך געוויגט שפּרייזנדיק ווי אַ חיה.

נאָכדעם האָט ער זיך באַרואיקט, האָט פאַרבונדן דעם קראַוואַט, אויסגעטריקנט די אויגן און איז כמעט אַ רואיקער צוריק אַריין אין קאַ־בינעט. די צוויי יידן זענען געזעסן אומעטיקע און שטילע.

קרייזלער איז האַסטיק צוגעלאָפן צום שרייבטיש, האָט אַרויסגעכאַפּט פון שופלאָד אַ טשעק־ביכל און אָנגעשריבן אַ טשעק.

— פאַרגעסט נישט אָן מיר, קומט אַריין, קומט אַריין שטענדיק — האָט ער געזאָגט מיט אַ הייזעריקער פרעמדער שטים.

זילבערשטיין האָט אַ בליק געטאָן אויפן טשעק און איז נשתומם גע־וואָרן. עס איז געווען אַזאַ קאָלאָסאַלע סומע, אַז ער האָט זיך זיינע אויגן נישט געגלויבט.

אַראָפּפאָרנדיק אין דער ווינדע, האָט ער אַלץ געמורמלט:

— אומפאַרשטענדלעך, אומפאַרשטענדלעך.

— פאָרט אַ יידיש האַרץ — האָט דער שליח מיט אַ געפיל פון זיג געמורמלט.

עס איז געווען אַרום פיר אַזייגער נאָכמיטאָג.

קרייזלער האָט דורכשפּאַצירט איבער די צימערן, ווו עס האָבן גע־אַרבעט די אָנגעשטעלטע ביי שרייב־מאַשינקעס, ביי טעלעפאָנען און אי־בער פּלענער פון געביידעס. מען האָט אים דערלאַנגט טעלעגראַמעס, בריוו, ער האָט עס אַריינגעלייגט אין קעשענע מעכאַניש, ווי עס וואָלט נישט געהאַט קיין שייכות מיט אים.

זיין פרוי, כואַניטאַ, האָט צו אים טעלעפאָנירט, אַז זי וועט וואַרטן אויף אים פינף אַזייגער צו „אַנסע" אין „קריזשאַן". עס וועט זיין מוראַנ־

דאָ מיט זיין געליבטער אַניסעטאַ. זאָל ער אומבאַדינגט קומען. ער געדענקט נישט, וואָס ער האָט איר געענטפערט. ער איז געזעסן ביי אַ טיש פון זיינעם אַ באַאַמטן און האָט עפּעס אויסגעקלאַפּט מיט די פינגער אויפן גלעזערנעם דעק. דאַן האָט ער זיך אויפגעהויבן, האָט גענומען דעם הוט און איז אַראָפּגעפאָרן מיט דערווינדע אין גאַס.

אין גאַס האָט גערוישט. עס איז געווען אַ טאָג פון מיטן דעצעמבער, אַ וואַרעמער זומערדיקער טאָג. דער צענטער האָט געלויכטן מיט העלן שיין, ווי באַגאָסן מיט שטראַלן. כאָטש עס איז געווען אַ געוויינלעכער וואָכעדיקער טאָג, האָט קרייזלער געפילט ווי דאָ אין דער שטאָט, און אויף די דאָזיקע גאַסן איז יום־טוב, גלאַנץ און לוקסוס. די שויפענצטער פול מיט לוקסוס־אַרטיקלען, פאַר טוריסטן, פאַר רייכע ענגלענדער און אַמעריקאַנער, וואָס קומען קיין טשילע אויף די זומער־מאָנאַטן פאַרברענגען ביי די פּליאַזשן און אין קאַסינאָ פון וויניאַ דעל מאַר. ער האָט דערזען עפּעס בייעם אויף די סאַנטיאַגער צענטער־גאַסן, גאָרנישט ווי פריער.

ווער האָט אים די אויגן אויפגעעפנט? און ווען האָט ער, פעליפּע קרייזלער, שפּאַצירט אין מיטן אַ וואָכעדיקן טאָג איבערן צענטער אָן אַ ציל, זיך אָפּשטעלן ביי די שויפענצטער, קוקן און באַטראַכטן פאַרביי־גייער, אָבסערווירן? ער איז דאָך געווען תמיד פאַרנומען אין זיינע געשעפטן.

דער אַלטער שליח שטייט אים פאַר די אויגן, ווי ער ווישט זיינע פייכטעברילן, ווי ער רעדט מיט זיין ציטערדיקער שטימע, ווי ער שילדערט פאַר אים דעם גרויסן אומגליק פון יידישן פאָלק. איז ער דאָך אויך איינער פון יידישן פאָלק. געדענקט ער דאָך נאָך זיין שטעטל ביי ווילנע, און ווילנע גופא, שניפּעשאָק. איז וואָס־זשע איז ער, פעליפּע קרייזלער, אַ ייד צי אַ קריסט? ער האָט אינערלעך געלאַכט; אַ קריסט גאָר, ווער האָט אים געמאַכט פאַר אַ קריסט? אויף דער בירזשע קלאַפּן זיי אים גוטמוטיק איבער דער פּלייצע, ווען ער פירט דורך אַ געלונגענע בירזשע־אָפּעראַציע און זאָגן אים, אַז ער איז „גראַן כודיאָ“ (גרויסער ייד). אָבער ער איז דאָך קיין ייד אויך נישט. מיט וואָס איז ער אַ ייד? ווייל ער איז געמלט? דאָס זענען מאַכמעדאַנער אויך. איז וואָס איז ער, פעליפּע קרייזלער? ער איז אַ געלט־מאַשין. אַ מאַשין, וואָס מאַכט געלט, גרויסע סומען

געלט. און וואָס האָט ער מיט זיין געלט אויפגעטאָן? טשאָלעטן געבויט, הייזער געבויט, בריליאַנטן געקויפט פאַר כואַניטאַן, צוויי אויטאָמאָבילן, פאַר איר און פאַר איר. און וואָס נאָך? געפאָרן יעדן זומער אין ווינאַ, אין קאַסינאָ, געטראָפן זיך אין קלוב „לאַ אוניאָן" מיט די גרויסע קאָרפּן־קעפּ פון דער בירזשע און פינאַנצן. זיי, די גרויסע מיליאָנערן, האָבן צו אים געשמייכלט, אַמאָל זיך טאַקע געחנפעט, און אַמאָל אונטערגעבור־טשעט הינטער זיין פּלייצע, אַז אַ „כודיאָ", אַ „גרינגאָ" האָט זיך אריינ־געריסן אין זייער מיט, האָט חתונה געהאַט מיט אַ טאָכטער פון די מיר־ראַנדאַס, פון די טשילענער פּני. און אַמאָל טאַקע אים געוואָרפן אַ שטעך־ווערטל, אַז די אויסלענדער פאַרנעמען הויכע פינאַנציעלע פּאָזיציעס אין לאַנד.

און ער האָט עס אַלץ אָנגענומען פאַר גוט. האָט זיך געמאַכט נישט ווויסנדיק, ווען מען האָט פון אים אומדירעקט געחוזקט: ביי די פּליאַזשן, ווען ער האָט שפּאַצירט מיט דער שיינהייט, זיין פרוי כואַניטאַ, האָט מען זיך צו אים געגריסט ביים פּליאַזש, בעת זיין פרוי האָט שפּאַצירט אין דעם באַד־קאָסטיום. דאָס ברענגט אים אויף דעם געדאַנק וועגן אַן אַנאָנימען בריוו, וואָס ער האָט דאָ נישט לאַנג באַקומען, אַז זיין שיינע „לוקסוס"־פרוי איז אים אומטריי, אַז זי פאַרראַט אים מיט איינעם פון די אויבנאַנסטע לעב־יונגען פון דער הויכער געזעלשאַפט.

יאָ, אַזוי האָט מען אים געשריבן אין בריוו. זיין „לוקסוס"־פרוי. וואָס באַדייט עס? מיינט מען, אַז ער האָט חתונה געהאַט מיט אַ פרוי נאָר צוליב לוקסוס?

ער האָט געמעגט גיין האַסטיקער, ער האָט זיך אָנגעשטויסן אויף די פאַרבייגייער, זיך אַנטשולדיקט און געגאַנגען ווייטער. עמיצער האָט אים געגריסט. ער האָט זיך אומגעקוקט, דאָס איז געווען דער דירעקטאָר פון דער נאַציאָנאַל־באַנק, גאָנזאַלעס סאַנטאַמאַריאַ, מיט וועמען פעליפּע טרעפט זיך יעדן טאָג, אָבער איצט האָט ער געקוקט אויף אים מיט אויפ־געריסענע אויגן און אים נישט דערקענט. ער איז אַוועק ווייטער און גע־נומען רעדן צו זיך אַליין אויפן הויכן קול:

— האַ, וואָס איז ער, פעליפּע קרייזלער, אַ ייד צי אַ גוי?

ווען ער איז צוגעקומען צו דער פּלאַסאַ דע אַרמאַס, האָט ער זיך אָפּ־

געשטעלט. גרינעביימער, קינדער שפּילן זיך אויף די פרישע בייטן, דינסטן אין ווייסע פאַרטעכער פירן קינדער־וועגעלעך מיט קינדער, איינגעדעקטע מיט זיידענע דעקעס, מיט בלויע זיידענע מיצלעך. און אָט זיצט אויף אַ באַנק אַ פרוי און נעבן איר שטייט אַ מאַן אין אַ רעגנמאַנטל, צוויי קינדער שפּילן זיך ביים זיים. דאָס איז אַ יידישע פאַמיליע פּליטים, אַנטלאָפענע פון היטלערן. זיי זוכן אַ נייע היים דאָ אין סאַנטיאַגאָ. פאַרוואָס זענען זיי צו אים נישט געקומען בעטן באַשעפטיקונג. ער וואָלט זיי אַוועקגעשיקט אויף איינעם פון זיינע גיטער, זיי באַזאָרגט מיט פּרנסה, מיט אַ היים. פון וואַנען האָבן זיי געקענט וויסן, אַז פעליפּע קרייזלער איז אַ זייעריקער? קרייזלער מיראַנדאַ איז דאָך אַ טשילענער פירמע.

ער האָט געוואָלט צוגיין צו זיי און זיי פאָרלייגן אַרבעט, הילף, אָבער ער האָט עפּעס ווי נישט געוואַגט. עס איז דאָך נישט קיין וועג אַזוי גלאַט צוגיין. ער קען זיי נאָך באַליידיקן. די פרוי, אַ לייביקע, מיט העלע אויגן פאַרצויגן ווי מיט אַ נעפּל, האָט אַ קוק געטאָן אויף אים און אַ זאָג געטאָן צו די קינדער:

— קאָמט הער.

פעליפּע האָט איצט אַריבערגעשפּרייזט די גאַס און איז שטיין געבליבן ביי אַ קאַפע־הויז. ער איז אַריין. עס איז געווען „אָנסע" צייט. די טישלעך זענען געווען פאַרנומען. גאָר אין טיף פון סאַלאָן האָט ער געפונען אַ פּלאַץ און זיך אַוועקגעזעצט.

דערנעבן ביי אַ טישל האָבן צוויי מיידלעך גערעדט אין דער שטיל און געלאַכט.

איין מיידל האָט אים אויסגעזען צו זיין אַ יידישע, כאָטש ער האָט נישט געוווּסט געניי פאַרוואָס. ער האָט זיך דערפילט, אַז צו דעם דאָזיקן מיידל איז ער נענטער ווי צו דער אַנדערער. יענע, די צווייטע, האָט געהאַט אַ טונקל־מאַטן פּנים, מיט שוואַרצע אויגן, וואָס האָבן זיך געריסן פון די אויגן־לעפּלעך אַרויס, און די ערשטע איז געווען אַ בלאָנדע, אַ צוריקגעהאַלטענע, אין אירע בלויע אויגן האָט זיך באַהאַלטן אַ פאַרבאָרגענע שרעק, אַ שטילער טרויער.

פעליפּע האָט צוגערופן דעם קעלנער און געפרעגט, צי קען ער אָט די צוויי פרייליינס. יאָ, ער קען זיי. איינע, די בלאָנדע איז אַ כודיאַ, און

זי איז אָנגעשטעלט אין געשעפט פון שרייב-געצייג דאָ דערבײַ, אויך אַ כּודיאָ. זי קומט עסן אָנסע יעדן טאָג, און די אַנדערע איז אַ טשילענערן.

ווען די מיידלעך זענען אַוועקגעגאַנגען, איז פעליפע אַריין אין געשעפט פון שרייב־געצייג. ער האָט זיך געהייסן דערלאַנגען פאַרשידענע זאַכן פאַר זיין אָפיסינע. דאָס מיידל האָט אים ווייזט אויס דערקענט, אַז ער איז דאָ נישט לאַנג געזעסן נעבן איר טישל אין קאַפע. ער האָט געהייסן אַלעס איינפּאַקן און אָפּשיקן אויף דעם אַדרעס און דערלאַנגט זיין וויזיט-קאַרטע.

פאַרן אַוועקגיין האָט ער איר געגעבן די האַנט. אַ וואַרעם ווייך הענטל האָט אים אַ דריק געטאָן, און אירע בלויע אויגן, וואָס האָבן געהויכט מיט טרויער, האָבן ווי אויפגעלויכטן.

ווען פעליפע קרייזלער האָט זיך ווידער געפונען אין גאַס, איז שוין געווען נאָך זעקס. ער וועט שוין נישט גיין אין „קריזשאָן״, ווו כּואַניטאַ וואַרט אויף אים, און ווו זיין שותּף מיראַנדאַ איז געקומען מיט דער געליבטער. אויב דער אַנאָנימער בריוו איז אמת, איז איר וואַרטן אויף אים נישט מער ווי אַן אָנשטעל. ניין, ער וועט נישט גיין. ער האָט איצט געשפּרייזט אָן אַ ציל. ער האָט געקלערט פון דעם יידישן מיידל, וואָס האָט אים דערמאָנט אָן עפּעס אַ צעשראָקענער גאַזעלע, וואָס ווייסט נישט, פון וואַנען דער יעגער לויערט אויף איר. איז זי אויך פון די אַנטלאָפענע, וואָס זענען אַרומגעכאַפּט מיט שרעק פון פאַרפאָלגונג, פון פּיין און מאָרד, ווענן וועמען עס האָט אים דערציילט דער שליח דאָקטאָר ליפשיץ? און אויב זי דאַרף דאָ האָבן שוץ — וועט ער זי באַשיצן. אפשר האָט זי אַ קראַנקן פאָטער און זי האַלט אים אויס מיט אירע קליינע פאַרדינסטן. און אפשר איז גאָר איר פאַמיליע אין פּוילן ביי היטלערן און זי האָט זיך מיט אַ נס געראַטעוועט.

ער האָט זיך איצט געפונען ביים סעראָ סאַנטאַ לוסיאַ. דער באַרג איז געווען פאַרגאָסן מיטן רויטן אָפּשיין פון דער אונטערגייענדיקער זון. פאַסן רויט זענען געפאַלן ביי די ראַנדן פון באַרג און אויף די דערבייאיקע טראָטואַרן. פעליפע האָט געקוקט אויף דעם דאָזיקן בילד און זיך געחידושט, עפּעס האָט אים אויסגעזען ניי די שטאָט מיט אירע גאַסן. ער האָט עס גאָר קיינמאָל נישט באַמערקט. און אָט קומט אים ווידער אויפן גע-

דאַנק דאָס בלאָנדע יידישע מיידל. אַ זייטיקער געדאַנק זאָגט אים אונ־טער, אַז זי דאַרף האָבן הילף, אַז זי דאַרף שוץ, וועמען קען אים, פעליפּע קרייזלער, שטערן איר צו העלפן. אַלע טירן וועלן פאַר איר זיין אָפן. זי איז אַ יידישע און ער איז אַ ייד. זיי זענען ברידער פון איין פאָלק.

— וואָס? — האָט ער זיך אַליין געפרעגט. וואָס פּלאָנטערט ער זיך אין עפּעס, וואָס איז פאַר אים ניי. ער וועט זיך אומבאַדינגט מוזן דורכ־רעדן מיט דאָקטאָר ליפשוץ, מיט דעם שליח. זאָל ער אים זאָגן, צי האָט ער נאָך רעכט צו זיין אַ ייד.

געשמדט האָט ער זיך דאָך נישט. ביי זיין גלויבן איז ער געבליבן, ער איז נאָר אוועק, וויט אוועק...

זיין שטוב איז פול מיט קריסטלעכקייט. זי, זיין כואַניטאַ, האָט ליב קריסטוסן. יאָ, זי האָט אים ליב. איבערן בעט האָט זי אויפגעהאַנגען די הייליקע מאַריאַ מיט אַ לעמפּל מיט אייל. און דאָס בילד פון יעזוסן הענגט ביי איר אומעטום אויף די ווענט. ער האָט עס גאָר פריער נישט באַמערקט. עס האָט אים גאָרנישט געאַרט, ווען כואַניטאַ האָט זיך גע־שטעלט אויף די קני און עפּעס געשעפּטשעט פאַר דער הייליקער מאַריאַ.

ער האָט עס זייער לייכט גענומען. דאָס זענען נאַרישקייטן, האָט ער דאַן געקלערט, נאַרישקייטן פון אַ פרוי. איצט פילט ער, אַז עס איז פאַראַן עפּעס טיפערס אין דעם. זי, זיין לייכטזיניקע, שפּילעוודיקע כואַניטאַ, האָט דאָך עפּעס אַ גלויבן, זי גלויבט אין איר קריסטוסן, אין מאַריאַן, אין לאַ ווירכען דעל קאַרמען, און ער, ער איז אַ געלט־מאַשין, וואָס פּראָדו־צירט געלט צו באַזיצן אַ לוקסוס־פרוי...

פאַרוואָס האָט ער נישט געזען, אַז אויב אין זיין שטוב איז אַריינ־געפירט געוואָרן דאָס קריסטנטום, זאָל אויך אַריינגעפירט ווערן דאָס יידנטום? זי מיט איר גלויבן און ער מיט זיין גלויבן. אָדער ביידע, אָדער גאָרנישט. ער, פעליפּע קרייזלער, איז נישט קעגן קריסטנטום, ער וויל נאָר נישט, אַז אין זיין שטוב זאָל יעזוס נעמען די אויבערהאַנט איבערן יידישקייט...

דער דאָזיקער געדאַנק האָט אים אויסגעזען עפּעס מאָדנע. ווי אַזוי וועט ער קענען אַריינפירן דאָס יידישקייט אין זיין שטוב? דאָס וועט ער מוזן פרעגן ביים שליח. ער וועט אויפהענגען אויפן וואַנט דאָס בילד פון

ד״ר הערצל. ער געדענקט אַ בילד נאָך פון דער היים, אַ יידן אין אַ טלית און תפילין וואָס שרייבט מיט אַ גענדזענער פעדער. אָט דאָס דאָזיקע בילד וועט ער מוזן באַקומען און אויפהענגען אויף אַן אָנגעזעענעם פּלאַץ אין אויפנאַם-צימער, ווו עס הענגט אַ בילד פון קריסטוסן מיט אַ דערנער־קראַנץ.

איצט האָט ער זיך געפילט ווי באַרואיקט. ער, פעליפּע קרייזלער, וועט באַווייזן, אַז ער איז נישט נאָר אַ „בוען כודיאָ" אויף דער בירזשע, נאָר אַ ייד מיט אַלע יידן צוגלייך. און אויב כואַניטאַ וועט זיך קעגנשטעלן אויף דעם, וועט ער האָבן איין ענטפער: איר שיקן זיין אַדוואָקאַט, זיך צו פאַרשטענדיקן וועגן אַ גט. די לעב־יונגען פון דער הויכער געזעלשאַפט וועלן פּראָוועו באַנקעטן, ווען מען וועט זיך דערוויסן, אַז פעליפּע קרייזלער, דער בוען כודיאָ, האָט אָפּגעגט זיין שיינע קריסטלעכע פרוי.

פונדעסטוועגן, ווען פעליפּע האָט אַ קלער געטאָן פון פאָרן אַהיים, האָט ער דערפילט ווי אַ קעלטל איבערן לייב. עס שטייט אים פאָר אַ גרויסע אונטערנעמונג, אַ פיל גרעסערע ווי די, וועלכע ער פלעגט אונטערנעמען. אָבער תמיד ביי אַזעלכע פאַלן האָט זיך פעליפּע געפילט ווי געהויבן. ער וועט באַווייזן, וואָס ער קען. זיינע ברייטע פּלייצעס און זיין גאַנצער מאַסיווער קערפּער פון דעם דריי און פערציק יאָריקן קרייזלערן האָט געאָטעמט מיט געזונטקייט, מיט זיכערקייט.

מיט זיכערע טריט האָט ער איצט געשפּאַנט איבער דער שוין טונקעלער גאַס. עלעקטרישע לאָמפּן האָבן זיך געצונדן, און די שויפענצטער פון צענטער האָבן געלויכטן.

ער איז איצט געגאַנגען צום קלוב „לאַ אוניאָן", ווו ער וועט עסן נאַכטמאָל און דאַן וועט ער פאָרן אַהיים. דאָס וועט אָבער נישט זיין די היים פון פריער. אַ נייע היים וועט ער איצט פאַר זיך בויען. אַ היים, ווו זיין גלויבן וועט זיין גלייכבאַרעכטיקט מיט דעם גלויבן פון זיין פרוי.

.1945

# אין זונען־לאַנד

(מיניאַטורן)

## דער קאָליר פון אירע אויגן

— עס איז אמת, אירע אויגן, וואָס האָבן דעם קאָליר פון ים — האָט צו אים געזאָגט זיין אינערלעכער איך — האָט אין דיר ארויסגערופן א ניי געפיל. אָבער דאָך זיי געוואָרנט, באַדענק זיך און גיי נישט אראָפּ פון עם גלייכן וועג.

— דיין פריסטע יוגנט איז שוין לאַנג פאַראיבער, — האָט די שטימע פון זיין אינערלעכן איך צו אים ווידער געזאָגט — און די אוואַנטורע וועט זיך שווער אָפּרופן אויפן גאַנג פון דיין לעבן. פאַרנעם זיך אָן א זייט פונעם נייעם געפיל און מייד אוים די שטאַרקע עמאָציעס פון מאָמענט, וואָס וועלן איבערלאָזן טיפע וווּנדן אויף דיין נשמה.

— דאָס וואָלט געווען מעגלעך — האָט ער געענטפערט דער אינערלעכער שטימע, — ווען אירע אויגן וואָלטן נישט געווען אזוי טונקל בלוי ווי דער ים.

— דו אליין — האָט ער ווייטער געזאָגט צו זיין אינערלעכן איך — קענסט דאָך מיך גאַנץ גוט און דו ווייסט דאָך ווי שווער דאָס איז; וואָס פאַר א נישט גלייכער קאַמף דאָס איז. דאָס האַרץ ברענט מיט א פייער פון פרייד. קעגן אַלץ וואָלט איך געקענט קעמפן. קעגן די שטורעמס פון די ימים, קעגן דעם ווילדן אויסברויך פון מענטשלעכן צאָרן, קעגן די גלוסטן פון מיין קערפּער, אָבער נישט קעגן דעם קאָליר פון אירע אויגן.

— מיין טייערער ראַטגעבער, — האָט ער ווייטער געזאָגט צו דער שטימע פון זיין אינערלעכן איך — דו, וועלכער האָסט מיך געפירט דאָס

גאַנצע לעבן אויף ווײַבע, געטראַטענע װעגן און ביסט אַזוי קלוג און פּראַק־טיש, ווייסט דאָס מאָל מוזן באַזיגט ווערן, מײַן טײַערער... איך וועל נישט אויספאָלגן דײַן עצה און זאָל זײַן, וואָס עס וועט זײַן!

# אין טאַנץ

רויט ווי בלוט איז דער געדיכטער ווײַן; און אַן אומזיכטבאַרע האַנט פּילט אָן דעם בעכער.

וויפיל בעכערס ווײַן האָט ער אויסגעטרונקען?

ער ווייסט נישט, ווו ער געפינט זיך. ער פילט נאָר, ווי זײַנע פיס באַוועגן זיך אין אַ ריטמישן טאַנץ.

ער טאַנצט נאָכן טאַקט פון אַ מעלאָדיע, וואָס די כוואַליעס פון ים זינגען אָן אויפהער יאָר־איין יאָר־אויס.

דאָס איז אַ מעלאָדיע, וואָס ער האָט קיינמאָל נישט געהערט. נײַע טענער, מעלאַנכאָליש־צאַרטע און שטורמישע מיט יובל און פרייד גיסן זיך צונויף צוזאַמען אין איין האַרמאָנישן געזאַנג. דאָס איז דאָס געזאַנג פון די כוואַליעס.

ווו געפינט ער זיך? ביים ברעג ים אָדער אויף אַ גרינער לאָנקע? אין פרייען פעלד אָדער אין די וואָלקנס?

אונטער זײַנע פיס זענען געשפּרייט דיקע טעפּיכער און די ווענט זענען באַהאַנגען מיט ברוינע, פּליושענע פּאָרטיערן, אָבער די מוזיק פון די כוואַליעס הערט זיך אַזוי נאָענט, גלײַך דער ים וואָלט געקלאַפּט אין די טירן.

און ער טאַנצט אָן אויפהער טאָג און נאַכט, טאָג און נאַכט.

איר קערפּער בלײַכט זיך אויף אַ סאָפאַ אין הינטערגרונט. אירע אויגן, וואָס האָבן דעם קאָליר פון אַ טונקל בלויען ים, זענען אָנגעשטרענגט צו אים. און ער טאַנצט מיטן בעכער רויטן ווײַן אין האַנט. ער איז בויגזאַם און באַוועגלעך; ער פילט נישט קיין מידקייט אין זײַנע אברים; לײַכט ווי אַ הירש איז ער און זײַן בליק איז געווענדט צו איר.

וויפל בעכערס ווײַן, וואָס איז ענלעך צו בלוט, האָט ער אויסגעטרונ־קען? די אומזיכטבאַרע האַנט לאָזט דעם בעכער נישט ליידיק.

איר קערפּער צאַפּלט זיך אין ספּאַזמען אויף דער סאָפאַ; איר קער־

פער איז ווי אַ שלאַנג, וואָס קנוילט זיך צונויף און וויקלט זיך פונאַנדער און ציט זיך אויס ווי אַ ווייסע שלאַנקע בעריאָזע.

אָפּגעווישט איז די גרעניץ צווישן טאָג און יאָר, צווישן יאָר און יאָר־הונדערט, יאָר־הונדערט און אייביקייט, ווי אַ פוסטריט אויפן זאַמד פון מדבר נאָך אַ שטורעם.

## אַ וויכוח מיט זיך

— דו ביסט נישט דער ערשטער, וועלכער איז געפאָרן אויפן מיטן פון נישט קיין אויסגעטראָטענעם וועג — האָט זיין אינערלעכער איך, מיט אַ שוואַכער שטימע געזאָגט צו אים — און דאָס וועט אויך מיט דיר פּאַסירן; קער זיך אום, כל־זמן עס איז נאָך מעגלעך.

— איך גראַטוליר מיר — האָט ער געענטפערט דער אינערלעכער שטימע — וואָס דו האָסט שוין איבער מיר קיין שליטה נישט. מיין גאַנץ לעבן האָב איך אָפּגעלעבט אויספאָלגנדיק דיינע קלוגע עצות, און איך לייקן נישט, אַז דו האָסט מיך געפירט אויפן דרך הישר און איך בין געווען אַ ווילקאָמענער בירגער אין נעפּל. אַנדערש פאַרשטיי איך איצט דעם זין פון לעבן. אַלע דיינע פּראַקטישע אַרגומענטאַציעס וועלן מער נישט ווירקן אויף מיר. איך ווייס פון אַן אַנדער וועלט; דאָס איז יענע וועלט, אין וועלכער מיר האָבן מורא געהאַט אַריינצודרינגען, ווייל מיר זענען געווען פּחדנים.

— דו ביסט באַרוישט פון אַ פאַרכישופטן ווייִן — האָט די שטימע, וועלכע איז געוואָרן נאָך שוואַכער, צו אים געזאָגט — אָבער ווען דו וועסט זיך אויסטשוכען, וועסטו אַליין איינזען, אַז איך האָב געהאַט רעכט. עס איז נישטאָ קיין יענע וועלט אויף דער וועלט, איין וועלט איז פאַראַן און דו מוזט נאָכגיין איר גאַנג.

— כאַ־כאַ־כאַ! דו ציטירסט אַ זאַץ פון אַ פּראָפעסאָר פון פילאָזאָפיע, וועלכער איז באַגאַנגען זעלבסטמאָרד, ווייל ער האָט נישט געפונען קיין זין אין דער נעפלדיקער אַטמאָספערע... דאָס רעדט דאָך קעגן דיר אַליין, מיין טייערער.

די שטימע האָט לייכט אַ זיפץ געטאָן און נאָך אַ לאַנגער פּויזע האָט זי געזאָגט:

— אלע יאָרן האָב איך טריי געדינט דיין הארץ און דיין באוווסט־זיין. נישט איין מאָל האָב איך דיך, אומבאמערקט פאַר דיר אַליין, אוועק־גענומען פון ראנד פון אָפּגרונט. איך קלאַפּ איצט אין דער פאַרמאַכטער טיר פון דיין איך און באקום נישט קיין ענטפער.

— אומזיסט דיין מי, דו וועסט קיין ענטפער נישט באקומען. אָפּגע־לעבט איז דיין קריטעריום. ביסט אָנגעזאַפּט מיט דעם ריח פון נעפּל און קענסט נישט אריינדרינגען אין יענער וועלט.

זיין אינערלעכע שטימע האָט מער נישט געענטפערט.

## אויפן טריאומף־וועג

גירלאַנדן פון שטראַלן הענגען אין רוים, ווי איבער אַן אומענדלעכן העל־בלויען פענצטער. קליינע בריליאַנטן־זונען באקווייטן די גירלאַנדן און אונטן ציען זיך באַגרינטע אַלייען, וואָס פירן צום טונקל־בלויען ים ברעג.

איין וועג, דער טריאומף־וועג, פירט צום טראָן...

אין דער ווייט, אויף צוריק, טונקלט זיך אַ נעפּל; דאָרט לעבן זיי אין שטאָט.

צוויי ווייס־באַשטראַלטע פיגורן גייען פון נעפּל אַרויס. איר קאָפּ איז באַקרוינט מיט רויטע זונען און אירע לאָקן זענען פון שטראַלן געוועבט; אירע אויגן זענען צוויי טונקעלע ימען און איר קערפּער איז אַ שלאַנקע בעריאָזע.

וועמען פירט זי פאַר דער האַנט? דאָס איז ער! זיין טראָט איז אַ פעסטער און זיין ברוסט איז אויסגעשטרעקט פאָראויס. און אונטער זיינע טריט, שפּראָצן בלומען, בלויע, ווייסע און רויטע. און דער וועג הינטער זיי איז מיט בלומען באַזעצט און פאָראויס מיט רויטע קאָראַלן.

און פּלוצלינג האָבן זיך די הימלען געעפנט און זיי האָבן דערזען דעם בורא פון די זונען און הימלען און זיי האָבן דערזען דעם שעפער פון זייער נייער וועלט. און זיין האַנט האָט אויפגעהויבן די שטראַלן־פאַר־האַנגען און זיי האָבן שטאָלץ געשפּרייזט צום טראָן.

אויסגעבעט מיט ווייסע וואָלקנס איז דער טראָן, ווייך ווי דער דינס־טער פוך און דורכזיכטיקער ווי טולן פון שטראַלן.

מיט צאַרטע טריט האָבן זיי באַטראָטן די שטיגן און דער בורא

אַליין האָט זיי געזאַלבט... יונג־פּרויען מיט טויבן־אויגן האָבן געזונגען דאָס געזאַנג פון די כוואַליעס און זיי באַשאָטן מיט בלומען, בלויע, ווייסע און רויטע.

# אין נעפּל

מענטש, וואָס גלויבסטו אים נישט,
ער טראָגט אין זיין האַרצן די זונען, וואָס וואַרימען אייביק.
מענטש, וואָס באַוועגסטו זיך אין נעפּל. געל איז דער נעפּל, שמוציק און גרוי איז די שטאָט.
זע, קוק אַריין אין זיינע אויגן, עס ברענט אַ הייליקער פייער אין זיי. ער טאַנצט אַ הייליקן טאַנץ, און דיינע פיס זענען מיט קייטן גע־שמידט.
דיין וועג פירט צום בית עולם און דער נעפּל גייט נאָך דיין לויה...
דיינע פרויען, אויסגעטריקנט זענען די בריסטן ביי זיי, אויסגע־בענקט זייער בליק. שווערע קייטן ליגן אויף זייערע פאַרלאַנגען. אָפּגע־שטאָרבן זענען אייערע גלוסטן.
מענטש, וואָס גלויבסטו אים נישט!
עס איז פאַראַן אַ וועלט, דאָס איז יענע וועלט.
אין טויזנטער סימפאָניעס זינגט דער ים, דאָס זענען געזאַנגען, וואָס דו האָסט נאָך נישט געהערט אין נעפּל.
שטרעק אויס דיין ברוסט. וואַרף אַוועק דיין גרויען טאָג און אַנט־לויף פון דער נאַכט.
וואַרף איין די שטאָט, וואָס ליגט אין נעפּל. באַפריי זיך, טובל זיך, אין די וואַסערן, וואָס קיינער האָט נאָך נישט געטרונקען; אין הייליקע וואַסערן, וואָס זענען לויטער, ווי די ערשטע שטראַלן פון דער זון, און ווער אַ נייער מענטש.
גיי דאַן מיט איר אַרויס פון נעפּל אויפן קאָראַלן־וועג אַרויף צום טראָן...
מענטש, וואָס גלויבסטו אים נישט!

.1924

# אין אַ שטעטל

1

אין אַ מיטן העלן טאָג, ווען אברהם קלייטניקס ווייב, ביילע, איז גע־שטאַנען און עפּעס פאַרקויפט, האָט זיך איר פאַרדרייט דער קאָפּ, און ווען זי האָלט זיך נישט אָן אין ברעג פון דער סטויקע, וואָלט זי געפאַלן אין חלשות.

אָבער ביילע איז נישט געפאַלן אין חלשות; זי האָט זיך נאָר אַ רגע אָפּגערוט. האָט געהאַלטן אַ ווײַלע פאַרמאַכט די אויגן, זיך צוגעשלעפּט צום בעט און מיט דער גאַנצער שווערקייט פון איר אויסגעמאַטערטן קער־פּער זיך אַהין אַרײַנגעוואָרפן.

אברהם, איר מאַן, איז צוגעלאָפן צום בעט און זי גענומען אויס־פרעגן, אָבער ביילע האָט געקוקט אויף אים מיט אַ קאַלטן, פרעמדן בליק. און נאָר ווען אברהם האָט געוואָלט לויפן נאָך אַ דאָקטאָר, האָט זי מיט גרויס אָנשטרענגונג געזאָגט, אַז מען דאַרף נישט, אַז זי וועט באַלד אַראָפּקריכן פון בעט.

ביילע איז געווען אַ יידענע פון אַריבער די פערציק. אַ פולע, מיט אַ פּוקכע־געלבלעכן פּנים און ווײַס־אויסגעלאָשענע אויגן.

זינט זי האָט חתונה געהאַט מיט אברהמען, האָט זי כסדר געאַרבעט. איר מאַן אַליין פלעגט מיט איר שטאָלצירן. אין שטעטל, צווישן די שכנים, פלעגט מען רעדן, אַז אַזאַ פרוי ווי ביילע, איז אַ מזל־ברכה אין אַ שטוב... אברהם איז געווען אַ ייד, וועלכער איז אין רוסלאַנד געגאַנגען אין אַ

געפּרעסטן קאָלנער, און זיין טאַטע איז געווען אַ סוחר. ער אַליין האָט נישט געוווסט די קונסט פון האנדל; כאָטש אים פלעגט זיך אויסווייזן, אַז ער האָט אָפּגענאַרט דעם קונה, פלעגט זיך אויסלאָזן פּונקט פאַרקערט, דער קונה פלעגט אים אָפּנאַרן. ביילע פלעגט דאָס אים באַווייזן באַשיינ־פּערלעך. ביסלעכווייז האָט זיך אברהם צוגעוווינט צום געדאַנק, אַז ער טויג נישט אויף מסחר, און ער האָט האַלב-אָפיציעל איבערגעגעבן די פּיר־רונג פון געשעפט זיין ווייב, ביילען. דערפאַר פלעגט ער דורכפירן איי־ניקע קלענערע געשעפטס־אָפּעראַציעס: ווי פאָרן אין דער דערבייאיקער גרויסער שטאָט איינצוקויפן די סחורה, וואָס ביילע האָט אים אָנגעצייכנט און דאָס אָפּשיקן מיטן באַן.

אַ גאַנצן טאָג האָט זיך אברהם געפונען אין גאַס. ער האָט געוווסט, אַז זיין געשעפט וועט דערפון נישט ליידן; ביילע וועט שוין אַלץ באַ־זאָרגן. ער האָט ליב געהאַט צו שמועסן מיט די קליייטניקעס, אַרומרעדן די וועלט, און שפּילן אין דאָמינאָ.

מיטאָג־צייט, ווען אברהם האָט זיך געהאַט פאַרטאָן אין דאָמינאָ, האָט ער געוווסט, אַז ווען ס'וועט פאַרטיק ווערן דער אָנבייסן, וועט זיין יינגל, יאָסל, אים צווויסן געבן, געשיקט פון דער מאַמען, אַז דער טאַטע זאָל גיין עסן. אויף דעם פלעגט אברהם ענטפערן תמיד דאָס זעלבע: „זאָג דער מאַמען, אַז איך וועל באַלד קומען".

אָט אַזוי האָט זיך אברהם געלעבט. ער איז געווען רואיק, זיך נישט געקריגט מיטן ווייב, האָט נישט געשריגן אויף די קינדער און איז געווען אונטערטעניק און העפלעך מיט דער גאַנצער וועלט. עס האָט זיך גע־מערקט אין זיינע באַנעמונגען, אַז ער ווייסט און פאַרשטייט, אַז ער טויג נישט צו מסחר, און אַז ווען נישט זיין ווייב, וואָלט ער גוט אויסגעריסן געוואָרן.

אָבער זינט זיין ווייב איז קראַנק געוואָרן, האָט אברהם דערפילט, אַז זיין רואיק לעבן ווערט ווי צערונען, און עס איז געקומען די צייט, ווען ער מוז באַווייזן, אַז ער איז אַ מענטש ווי אַלע מענטשן, און אַ קליייטניק ווי אַלע קליייטניקעס פון שטעטל, און אַז ער איז אויך אַ טאַטע, וואָס דאַרף זאָרגן פאַר זיין פאַמיליע.

ער האָט זיך אוועקגעשטעלט אין קלייט אונטער דער סטויקע און

גענומען האַנדלען. די קליענטן, קאָלאָניסטישע פרויען, קאָלאָניסטן־קינדער, האָבן אַלע אויף אים געקוקט מיט אַ באַהאַלטענעם שמייכל, ווי זיי וואָלטן זאָגן: „וואָס זאָגט איר, אברהם מענטשלט זיך אויס"... ער איז אַרומגעגאַנגען מיט פאַרקאַטשעטע אַרבל, האָט געוווגן קאַרטאָפל, זאַלץ, האָט פאַרקויפט ציבעלעס, געפּאַקט פּעקלעך און געאַרבעט. זיין אַכט־יאָריקער יינגל, יאָסעלע, האָט געוווסט אַלץ, וואָס ס׳טוט זיך אין קלייט, נאָר טאָמער האָבן זיי ביידע נישט געוווסט דעם פּרייז אויף אַן אַרטיקל, האָבן זיי אַריינגערופן די עלטערע טאָכטער, בערטאַ.

בערטאַ איז געווען די באַלעבאָסטע פון שטוב, זינט די מאַמע האָט זיך אַריינגעלייגט אין בעט. די ערשטע וואָך איז געווען אָרדענונג אין שטוב.ביילע איז געלעגן אין בעט און איר אויג האָט איבער אַלעם געוואַכט.

נאָר פּלוצלינג, דאָס איז געווען אין אַ פאַרנאַכט, האָט זיך ביילע צעוויינט. נאָר דאָס וואָלט נאָך נישט געווירקט אַזוי שטאַרק אויף אברהמען, ווי דאָס וואָס זי האָט אַרומגעכאַפּט יאָסעלען, אים פעסט געדריקט צום האַרצן, און שטיל געוויינט.

ווען אברהם האָט דאָס דערזען, האָט אים פאַרפעלט אָטעם. ביילעס געוויין איז עפּעס ווי נישט געווען קיין נאַטירלעך געוויין פון אַ מענטשן. זי האָט געוויינט זייער שטיל מיט אַ גלייכן, נישט איבערגעריסענעם קול, ווי אַ שטיל־אויסגעצויגענער ווויען.

אברהם האָט זיך געמאַכט האַרץ, איז צוגעלאָפן צום בעט, און געפּרווט אָנשרייען אויף איר, פאַרוואָס זי שרעקט איבער דאָס קינד. עס האָט אים אָבער געוואָרפן הענט און פיס. ביילע האָט אים עפּעס ווי נישט געהערט. זי האָט געהאַלטן דאָס קינד פעסט אַרומגענומען, איינגעקלאַמערט אירע ליפּן אין קינדס בעקל, און פון צייט צו צייט געלאָזט הערן אַן אויסגעצויגענעם שטילן געוויין.

איינגעשטילט די מאַמע האָט בערטאַ. זי האָט אַרויסגעריסן דאָס קינד פון די צונויפגעקלאַמערטע מאַמע־הענט, און אָנגעהויבן שרייען, אַז זי וועט אַנטלויפן פון שטוב, אַז זי קען מער נישט אַריבערטראָגן. ביילע איז באַלד אַנטשוויגן געוואָרן. זי האָט אויפגעהויבן אירע שטאַרע אויגן, אָן טרערן, צו דער טאָכטער און ווי אַ פאַרשולדיקטע איר געזאָגט עפּעס,

אָבער אַזױ שטיל, אַז בערטאַ האָט זי נישט פֿאַרשטאַנען. די מאַמע האָט געזען, אַז זי פֿאַרשטײט זי נישט, האָט זי עפּעס אַ ברום געטאָן און אײַנגעגראָבן איר קאָפּ טיף אין קישן.

פֿון יענעם פֿאַרנאַכט אָן איז אַברהמען געקומען דער געדאַנק, אַז ביילע װעט אװעקשטאַרבן. דאָס צודריקן יאָסעלען מיט אַזאַ האַרציק געװײן איז געװען נישט אַנדערש װי אַ שטיל געזעגענען זיך פֿון איר קלענסטן ייִנגל. װײַל מיט אים, מיט אַברהמען, װעט זי זיך דאָך נישט געזעגענען. ער װאָלט געמאַכט אַ גװאַלד, ער װאָלט צונױפֿגערופֿן דאָקטױרים, דאָס גאַנצע שטעטל װאָלט ער אײַנגעלייגט. װײַל עס ביילע נישט, זי װיל מסתּמא שטיל שטאַרבן. זעגנט זי זיך מיטן קלענסטן קינד, מיט יאָסעלען, כּדי קיינער זאָל נישט װיסן און מען זאָל קיין ליאַרם נישט מאַכן.

דער געדאַנק האָט אָנגעװאָרפֿן אױף אַברהמען אַ שרעק. ער האָט באַלד געבראַכט אַ דאָקטאָר, אָבער װאָס איר איז, האָט ער נאָך אַלץ נישט געװוּסט. דער דאָקטאָר האָט זי געהייסן האַלטן אין בעט און אַכטונג געבן, זי זאָל זיך נישט אױפֿרעגן, נישט ערגערן.

נאָכן אװעקגיין פֿונעם דאָקטאָר, איז אַברהם געװאָרן אַ סך רױיקער; אָבער דאָך, דער געדאַנק, אַז עפּעס זייער נישט קיין גוטס װעט פּאַסירן אין זײַן פֿאַמיליע, האָט אים נישט אָפּגעלאָזט.

## 2

דער װינטער אין שטעטל איז געװען זייער אַ קאַלטער. װען מען איז אױפֿגעשטאַנען אין דער פֿרי, האָט מען געטראָפֿן די פֿעלדער נאָך ליגן װײַס פֿון פֿראָסט, גלײַך בײַנאַכט װאָלט אױסגעפֿאַלן אַ שניי.

אין די לאַנגע װינטערדיקע אָװנטן איז אַברהם געזעסן מיט זײַנע קלײנטן בײַ אַ טישל בײַ זיך אין קלייטל און מען האָט געמאַכט אַ דאָמינאָ.

בערטאַ פֿלעגט זיצן בײַ דער סטױקע און זיך צוהערן צום שמועס, װאָס איז געפֿירט געװאָרן פֿון די דאָמינאָ־שפּילער און די זײַטיקע, װעלכע האָבן זיך אַרײַנגעכאַפּט אַ שמועס צו טאָן בײַ אַברהמלען אין קלייטל, אָבער מער האָט זי זיך צוגעהערט צום אינערלעכן געשפּרעך, װאָס זי האָט

געפֿירט מיט זיך אַליין. זי האָט געזען די אַלע, וואָס קומען אַריין צו איר טאַטן, אייניקע יונגעלייט, וואָס פֿירן גרויסע געשעפֿטן מיט פֿי, פֿאָרן ערגעץ אין די ווייטע קאַמפּן, מיט גאַאוטשאָס, קויפֿן ביי זיי סקאָט און טרייבן אים אויף הונדערטער קילאָמעטער. זיי מאַכן געשעפֿטן. און בערטאַ טראַכט, אַז זי איז נישט מקנא די פֿרויען זייערע, ווייל זיי דאַרפֿן שטענדיק זיין אין איינע ציטערניש, אפשר האָט עפּעס פּאַסירט מיט זייערע מענער.

אין דערצו האָט איר געצויגן צו עפּעס נייעס. אין איר פֿאַנטאַזיע האָט זי זיך פֿאָרגעשטעלט די גרויסע שטאָט בוענאָס איירעס, מיט אירע פּלאַצאָס, ברייטע אַלייען, גרויסע עלעקטרישע לאָמפּן. פֿאָרלעך שפּאַצירן געאָרעמט: פֿאָרן אויף אויטאָמאָבילן אין די טעאַטערס, אויף בעלער און פֿאַרוויילונגען. זי האָט נאָך קיינמאָל נישט געזען די גרויסע שטאָט בוענאָס איירעס, אָבער זי שטעלט זיך פֿאָר די שטאָט פּונקט ווי זי וואָלט זי געזען. און דאָ אין שטעטל זיצן די יונגעלייט און שפּילן אין דאָמינאָ; זי באַטראַכט זייערע פֿון זון־פֿאַרברענטע פּנימער, און דעם טיפֿן אינטערעס, וואָס זיי ווייזן אַרויס צום שפּיל. האָט זי ביי זיך געפֿילט, אַז זי וואָלט אַנדערש געווען, אַז אין איר איז פֿאַראַן עפּעס מער ווי אין די דאָזיקע מענטשן, וואָס רינגלען זי אַרום.

פֿון צייט צו צייט פֿלעגט אויפֿפֿינקלען ביי איר אַ געדאַנק, אַז זי וועט זיך לאָזן קיין בוענאָס איירעס און זיך אַריינוואַרפֿן אין רוישיקן לעבן פֿון דער גרויסער שטאָט, ווייל וואָס וועט זי אויפֿטאָן דאָ, ווען זי וועט חתונה האָבן פֿאַר אַ קאָלאָניסטישן בחור? אָט האָט זי ביישפּילן: איר חברטע צירל האָט חתונה געהאַט פֿאַר באַראַנאָוויטשעס אַ זון. אַלע האָבן געזאָגט, אַז דאָס איז אַ גליקלעכער שידוך. וואָס איז געוואָרן דער סוף? — דער טאַטע האָט דעם פֿאָרפֿאָלק געשטעלט אַ קלייטל. שטייט באַראַנאָוויטשעס זון אין קלייטל און פֿאַרקויפֿט ציבעלעס, פֿעפֿער, זאַלץ און צוקערקעס די קינדערלעך. ווי פֿיין דאָס איז, טראַכט בערטאַ, אַז באַראַנאָוויטשעס זון פֿאַרקויפֿט צוקערקעס די קינדערלעך, און דערפֿון מאַכט ער אַ לעבן, פֿאַרדינט פּרנסה.

און אַזוי, זעט זי, פּאַסירט מיט אַלע יונגע פֿאָרפֿאָלקן. באַראַנאָ־

וויטשעס זין האָבן נישט וואָס צו טאָן ביי זייער טאַטן אויפן פעלד, מוז מען מאַכן יעדן זון אַ קלייטל, ווען ער האָט חתונה.

קומט צו אַ פאַרפאַלק אין שטעטל — קומט צו אַ קלייטל...

נאָר זי, בערטאַ, וועט דאָס פּאָר קיין פאַל נישט טאָן — אוועקפאָרן. זי וועט אוועקפאָרן, אָדער וועט גאָרנישט חתונה האָבן...

צו וואָס דאַרף זי חתונה האָבן?

3

דאָס איז געווען אין אַ פרימאָרגן, ווען אַלע זענען נאָך ביי אברהמען געשלאָפן. אברהם אַליין האָט צעלייגט אַ פייער אויפצוקאָכן אַ „מאַטע“. פּלוצלינג האָט ער דערהערט אַ מאָדנעם קול, וואָס האָט זיך געטראָגן פון־נעם שלאָפצימער, און דערנאָך אַ צעשראָקן געוויין פון בערטאַן. ער איז אַריינגעלאָפן אין שטוב און דערזען ווי ביילע זיצט אויפן בעט, דאָס פּנים רויט און פאַרשוואָלן, איין אויג צוגעמאַכט און דאָס אַנדערע קוקט מיט פאַרצווייפלונג און טרערן, ווי דאָס דאָזיקע אויג וואָלט זיך אַזוי ווי גע־בעטן און מאַכטלאָז געוווּנקען. ביילע האָט געוואָלט עפּעס זאָגן און נישט געקענט. איר קול איז געווען אַ יאָמערלעכער; אָפּגעהאַקטע קלאַנגען האָבן זיך געריסן פון האַלדז, אָבער קיין איין גאַנץ וואָרט האָט זי נישט גע־קענט אַרויסברענגען. ס'האָט זיך געפילט ווי זי רעדט, אָבער די ווערטער בלייבן ביי איר שטעקן ערגעץ טיף אין האַלדז; וואָס ווייטער ווערן ביי איר די ווערטער מער צערונען און ס'באַקומען זיך אומפאַרשטענדלעכע קלאַנגען צונויפגעמישט מיט ווייטיקלעכע קרעכצן, וואָס רייסן זיך שטראָ־מענווייז פונעם האַלדז אַרויס.

ווען אברהם האָט געבראַכט דעם דאָקטאָר, איז שוין ביילע געווען טיילווייז באַרואיקט. אָבער, נישט זי האָט געקענט עפענען דאָס רעכטע אויג, נישט אַרויסרעדן אַ וואָרט.

דער דאָקטאָר האָט דערקלערט, אַז דאָס איז אַ פּאַראַליז.

ערשט סוף ווינטער, ווען די זון האָט שוין אָנגעהויבן אביסל וואַרע־מען, גרעזעלעך האָבן זיך באַוויזן ביים ברעג פון די טראָטוארן, און מענ־טשן זענען שוין אַרויס אין גאַס אָן שאַליקעס אויף די העלדזער, האָט

ביילע, דורך יסורים, פאַרלאָזט די וועלט און אברהם איז געבליבן אַן אַלמן...

4

— טאַטע, איך וויל פאָרן אין שטאָט — האָט בערטאַ געזאָגט מיט אַן אייגנעקשנטקייט אין איר שטים.

אברהם האָט זי אָנגעקוקט, און פון אָנפאַנג נישט פאַרשטאַנען, וואָס זי מיינט.

— וואָס הייסט אין שטאָט? — האָט ער זי געפרעגט — שפּאַצירן ווילסטו פאָרן?

— ניין, נישט שפּאַצירן — האָט בערטאַ געענטפערט, און אירע שוואַרצע, גרויסע אויגן האָבן געקוקט ערגעץ אין דער ווייטקייט.

— איך וויל פאָרן אין שטאָט, ווייל דאָ קאָן איך נישט לעבן, פאַר־שטייסט, ווייל דאָ קאָן איך נישט לעבן — האָט זי אַ געשריי געטאָן און טרערן האָבן איר אַ שפּאַר געטאָן פון די אויגן.

אברהם האָט נישט געענטפערט. ער איז אַוועק אין גאָס צווישן די קלייטניקעס פאַרשפּילן זיך אין דאָמינאָ, כדי זיך צו פאַרטאָיען און נישט קלערן פון גאָרנישט.

בערטאַ איז אַריין אין שטוב, איבערלאָזנדיק די קלייט אויף יאָסעלען. זי האָט זיך אַריינגעוואָרפן אין בעט און אויסגעבראָכן אין אַ קינדישן קאַפּריזנעם געוויין. זי האָט געפילט, אַז אַלע אירע האָפענונגען צו לעבן אַן אַנדער לעבן זענען צערונען. זי ווייסט, ווי אַלע דאָ, מוזן חתונה האָבן, שטיין אונטער דער סטויקע און פאַרקויפן זאַלץ און ציבעלעס...

.1921

# אַ שניי אין סאַנטאַ מאַריאַ

ווען שמואל־לייב איז אויפגעשטאַנען אין דער פרי און אַרויס אין הויף, איז ער געוואָרן איבעראַשט פונעם בילד, וואָס ר'האָט פאַר זיך דערזען.

פאַר די אויגן האָט אים אַ בלענד געטאָן אַ מאָדנע ווייסקייט, וואָס האָט זיך אויסגעשפרייט העט־ווייט הינטערן פּלויט און איבערן גאַס אַריבער.

— אַ שניי? — האָט זיך שמואל־לייב מיט איבעראַשונג אַ פרעג געטאָן, און איז אַריינגעקראָכן טיף אין פוכיקן ווייסן שניי.

ער איז צוגעגאַנגען צום פּלויט און אַ קוק געטאָן אין גאַס אַרויס.

די פעלדער אַרום דעם קליינעם שטעטל זענען געווען פאַרצויגן מיט ווייסע דעקעס. די וועגן, וואָס האָבן געפירט צום גרעסערן שטעטל סאַנטאַ דאָמינגאָ, זענען פאַרשוווּנדן געוואָרן אונטער דעם ווייסן טעפּיך, און נאָר וווּ־נישט־ווו האָט אַרויסגעשטאַרצט אַ שטיקל שוואַרצע ערד.

די הויפּט־גאַס האָט געהאַט אַ מאָדנעם אויסזען:

ביז די שוועלן פון די הייזער איז דער שניי געלעגן אויסגעשפּרייט און אין דער לענג האָט זיך די גאַס צונויפגעגאָסן מיט די פעלדער אין איין ווייסן פינקלענדיקן ים. די שטיבלעך האָבן אויסגעזען נידעריקער און באַפּוצט מיט וואַטע, און די רייען ביימער אין דער הויפּט־גאַס האָבן אויסגעזען נאָך קוריאָזער; אויף יעדן בלאַט אַ בערגעלע שניי, ווי אַ פּאָרציע אייזקרעם... גרין מיט ווייס באַפּוצט.

פון וווּיטן האָט זיך געזען די קליינע אייזנבאַן־סטאַנציע אַרומגע־פּלאַנצט מיט גלייך־געשווירענע אַמאַריסקאַס, וועלכע האָבן אויסגעזען ווי אָפּגעקאַלכט אויף ווייס, מיט גרינע קווייטן.

שמואל־לייבן האָט הנאה געטאָן, וואָס די קריסטלעכע שכנים וועלן זיך איבערראַשן און פרעגן אים, שמואל־לייבן, דעם „רוסאָ״, וואָס דאָס איז אַזוינס און ווי מען באַגייט זיך מיט דעם. און ער, שמואל־לייב, וועט זיי ווייזן ווי אַזוי מ׳קערט עס אָפּ און ער וועט זיי זאָגן, אַז דאָס איז מאַקע מער נישט ווי שניי, וואָס ווערט באַלד פאַרשוווּנדן.

אָבער שמואל־לייבן, דעם קליטניק, וואָס האַנדלט מיט סיפּאָן־וואַסער, קאַלטן לימאָנאַד און זומער־צייט מיט אייזקרעם, האָט אָנגעהויבן נאָגן אַן אומקלאָר געפיל פון מורא.

— וואָס האָט דאָ אין סאַנטאַ מאַריאַ צו טאָן דער שניי? — האָט ער זיך געפרעגט, און נישט געגלויבט זיינע אויגן, קוקנדיק אויף די ווייסע גאַסן און הייזער.

סאַנטאַ מאַריאַ האָט נישט געוווּסט פון קיין שנייען. דאָס קליינע שטעטל גרינט סיי זומער און סיי ווינטער, און נאָר כמורנע קאַלטלעכע טעג לאָזן מערקן, אַז עס איז האַרבסט אָדער ווינטער.

תמיד ליגן גרינע פעלדער אַרום סאַנטאַ מאַריאַ, און נאָר ווען די שפּיצן פון די גרעזלעך ווערן געלבלעך, איז אַ סימן, אַז עס איז האַרבסט.

ווען די איינוווינער האָבן זיך אויפגעכאַפּט און אין די הויפן אַרויס, זענען זייערע אויגן גרעסער געוואָרן; אייניקע גלוביקע האָבן זיך איבער־געצלמט און די קינדער האָבן מיט מורא אָנגעטאַפּט דעם שניי, און באַלד צוריקגעכאַפּט די פינגער, ווי זיי וואָלטן זיך אָפּגעבריט.

די יידישע איינוווינער האָבן געוויזן אַ ביישפּיל, וואָס מען דאַרף טאָן. זיי האָבן גענומען לאַפּעטעס און בעזימער און אָפּגעשאַרט דעם שניי פון די שוועלן און פרייליכע געעפנט די קלייטן.

ווען די יידישע קאָלאָניסטן פון די אַרומיקע קאָלאָניעס זענען אַריינ־געפאָרן אין שטעטל, האָבן זיי פאַרהילכט די לופט מיט די פרייליכע גע־שרייען:

— הורא, אַ שניי! הורא, אַ שניי! און זיך געקלאַפּט מיט די הענט אונטער די פּאַכוועס.

שמואל־לייב האָט געעפנט זיין קלייטל און פויל אָפּגעשאַרט דעם שניי פון שוועל. די אַרבעט איז אים נישט איינגעגאַנגען. פאַרוואָס וועט ער איצט לייזן? ער האָט אַפילו אויסער קאַלטן ביר און לימאָנאַד אויך מאַראַנצן און קליינע גרינע עפּעלעך, אָבער ווער דאַרף זיי איצט? און וואָס

קען מען פאַר דעם לייזן. ביר און לימאָנאַד איז אַן אַרטיקל, פון וועלכן שמואל־לייב מאַכט אַ לעבן אַ גאַנץ יאָר מיט זיין פאַמיליע, אָבער גרינגע עפּעלעך און מאַראַנצן קענען נישט טראָגן אַפילו אויף דירה־געלט.

אַלע יאָר דרייט זיך שמואל־לייב אַדורך דעם ווינטער, פּונקט ווי דער ווינטער דרייט זיך דורך סאַנטאַ מאַריאַ צווישן האַרבסט און פרילינג...

עס איז רעכט, אַז אין מיטן ווינטער זאָלן זיין אַזעלכע הייסע טעג, פּונקט ווי זומער־צייט און ס׳גלוסט זיך טאַקע טרינקען אַ גלעזל ביר אַזן ווען ער וואָלט נאָך געהאַט דאַן אייזקרעם, וואָלט ער אויך נישט שלעכט געמאַכט. אָדער ס׳טרעפט, אַז אַ גאַנצע וואָך אין ווינטער זאָל דורכגיין אין אומבאַשטימטע פייכטע נעפּלדיקע טעג, טעג וועלכע מ׳קען נישט צו־שרייבן נישט צו ווינטער און נישט צו זומער. אין אַזעלכע טעג בלאָזט אַ וואַרימער נאָרד־ווינט און ס׳שטעטל סאַנטאַ מאַריאַ ווערט ווי אָפּגעבאָדן מיט אַ הייסער כוואַליע און דער עולם לויפט צו שמואל־לייבן טרינקען אַ קאַלט פלעשל ביר...

די דאָזיקע טעג זענען ביי שמואל־לייבן ווי געפונענע. דאָס זענען טעג, וועלכע מ׳קען צושרייבן כמעט צו זומער. קאָלאָניסטן קומען פאַר־שוויצטע מיט וואָלענע שאַלן, אויף די העלדזער, קלאָגן זיך אויף דער היץ און שטעלן זיך אָפּ ביי שמואל־לייבס קלייט זיך אָפּקילן... שמואל־לייב נעמט זיי אויף מיט אַ שמייכעלע, ווי ער וואָלט זאָגן: „איך בין נישט שולדיק, דאָס האָט אייך גאָט אָפּגעטאָן אַ שפּיצל״...

אָט־אַזוי דרייט זיך אַדורך שמואל־לייב דעם ווינטער. אָפּטמאָל דוכט זיך אים, אַז ער נאַרט עמיצן און ווען יענער באַמערקט נישט, כאַפּט ער אַריבער אַ פּאָר וואָכן פון ווינטער אין זומער אַריין...

אָבער איצט, ווען אין סאַנטאַ־מאַריאַ האָט זיך באַוויזן דער ווינטער נישט אויף געלעבטער ווי אַלע יאָר, נאָר מיט שניי, ווי אין רוסלאַנד, האָט שמואל־לייב טיף איינגעקנייטשט דעם שטערן און זיך פאַרקלערט.

דערווייל איז אויפגעגאַנגען די זון, און מיליאָנען דימענטן און ברי־ליאַנטן האָבן זיך צעשאָטן איבער די פעלדער און געסלעך פון סאַנטאַ מאַריאַ.

פון יעדן ווינקל און פון אומעטום האָט געבליצט מיט פונקען פון מויזנטער קאָלירן. עס האָט אויסגעוויזן ווי דער גאַנצער שטח וואָלט אויס־געשפּרייט געווען מיט צעשטויסענעם פינקלדיקן גלאָז.

איינער האָט דעם צווייטן כמעט נישט געזען פון בלענדעניש, און די מענטשן האָבן אויסגעוויזן ווי נישט פון דאַנעט, פון סאַנטאַ מאַריאַ, נאָר ווי פאַרבלאָנדזשעטע אין אַ פאַרכישופטן לאַנד פון שפּיגל־גלאָז און פּאַטשערקעס.

נאָר פּלוצלינג האָט זיך גענומען באַוועגן דער גאַנצער ווייסער שבת, זיך באַוועגן און גליטשן, ווערן גלאַטער און איינגעפאַלענער און אינטן ביים טאָל האָט אָנגעהויבן רינען דער צעגאַנגענער שניי. שוואַרצע ערד־פלעקן, ווי באַצויגן מיט אַ גלאַנציקער שאָלעכץ, האָבן זיך געזען ווי פון אונטער אַ גלאָז, און די זון, ווי זי וואָלט זיך אליין געוווּנדערט קוקנדיק אויף סאַנטאַ מאַריאַ, האָט זיך פּלוצלינג פונאַנדערגעלאַכט מיט שטראַלן און פונקען.

שמואל־לייב איז געזעסן הינטער דער סטויקע און געקוקט אין גאַס אַרויס.

— אַ זומערדיקער שניי — האָט ער זיך געקלערט, ווען ער האָט געזען די ריטשקעלעך אַראָפּרינען אין טאָל, און דאַכט זיך, אַז אַ וואַרימער ווינט האָט אָנגעהויבן בלאָזן.

— סאַנטאַ מאַריער שניי איז אַ געלעכטער — האָט זיך שמואל־לייב ווייטער געקלערט, אָבער ווי אויף צו־להכעיס איז געוואָרן כמורנע, גלייך ווי עמיצער וואָלט מיט דער האַנט אַוועקגענומען די זון פון הימל.

דאָס וועטער האָט זיך גאָר אומגעריכט געביטן, עס איז געוואָרן גרוי, כמורנע און קאַלט און באַלד האָט אָנגעהויבן פאַלן אַ ווייסינקער דינענקער שניי...

דער שניי איז געווען אַזוי דין, אַז ווען ער איז אַראָפּגעפאַלן אויפן פּנים, איז ער באַלד צעגאַנגען, אָבער אויף דער גאַס האָט ער זיך אויסגעשפּרייט ווי אַ גומענע ווייסע דעקע אין די פלאַכע טאָלן און אויף די בערגלעך, און וואָס ווייטער איז ער געוואָרן אַלץ געדיכטער; עס האָט אָנגעהויבן שווינדלען פאַר די אויגן און דער דרויסן איז געוואָרן ענלעך צו אַ ווייסן אומענדלעך ברייטן טול, וואָס דרייט זיך אויף אַ ראָד אָן אויפהער.

שמואל־לייב האָט שוין געזען, אַז דער שניי האָט זיך אַריינגעכאַפּט אין סאַנטאַ מאַריאַ נישט אויף אַ געלעכטער. און ווער ווייסט, וואָס מאָרגן און איבערמאָרגן וועט זיין?

שמואל־לייב איז פּלוצלינג אויפגעשפּרונגען פון אָרט און האַסטיק

אַוועק אין קיך. אַ נייע אידייע האָט אויפגעבליצט אין זיין מוח. ער האָט אַוועקגעשטופּט ס'ווייב, וועלכע איז געשטאַנען ביים אויוון און גענומען צונויפשאַרן די הייסע קוילן. ער האָט קיינעם פון שטוב נישט געוואָלט אויסזאָגן זיין פּלאַן. דאַן איז ער אַוועק אין קלייט, האָט צונויפגענומען זיינע קליינע גרינע עפּעלעך און זיי געלייגט באַקן אויף אַ בלעך.

אין אַ שעה אַרום האָט שמואל-לייב אַוועקגעשטעלט ביי דער טיר אויף אַ בענקל אַ בלעכענעם בעקן מיט הייסע עפּל.

— דאָס איז ווינטערדיקע סחורה — האָט ער צו זיך אַליין גערעדט, און באַטראַכט די עפּעלעך מיט דער אויפגעקאַרבטער אָפּגעשפּרונגענער שאָלעכץ.

אויף מאָרגן, ווען די זון איז אויפגעגאַנגען, איז דער שניי איינגעזאַפּט געוואָרן אין דער ווייכער ערד פון סאַנטאַ מאַריאַ. עס איז געוואָרן וואַרעם און עס האָט געשמעקט מיט פרילינג.

די גרעזער, פייכטע און גרינע און ווי באַצויגן מיט אַ טויאיקן נעפּל, האָבן געאָטעמט מיט פייכטקייט. פון די דעכלעך האָבן נאָך גערונען איינציקע טראָפּנס און די הייזער זענען געשטאַנען ווי אָפּגעצוואָגענע.

דאָס שטעטעלע סאַנטאַ מאַריאַ, האָט געשיינט אונטער דער זון ווי אַ פאַרשעמט מיידל וואָס איז אָקאָרשט פון באָד אַרויס. אומעטום האָט מען געזען שפּורן פון נעכטיקן ווונדער. און אַלע האָבן געקוקט ווי פאַרשעמט און נאָכמער האָט זיך געשעמט פאַר זיך אַליין שמואל-לייב.

— נישט כדאַי געווען זיך נעמען צום האַרצן — האָט ער זיך געקלערט — נאָך אַלעמען איז עס דאָך מער נישט ווי אַ שניי, ס'קומט און באַלד צעגייט עס...

.1921

# צווישן שאָטנס

ווי נאָר וואָלף האָט זיך מיט איר באַקענט, האָט זי אים מער פאַראינטערעסירט ווי אַלע. זי איז געווען אַ הויכע און אַ שלאַנקע, מיט קאַרשן־ברוינע האָר און טונקל־בלויע אויגן, וועלכע האָבן נאָכאַנאַנד געווונקען און געשמייכלט, און דערצו איז זי געווען רירעוודיק און באַוועגלעך; זי איז נישט געזעסן רואיק איין רגע. האָט זי געהאַט אַנטקעגן זיך אַ שפּיגל, האָט זי געהאַלטן אין איין קוקן אויף זיך און ווינקען צו זיך. אָדער זי איז אַרומגעגאַנגען איבערן צימער מיט ברייטע שפּאַנען און גראַציעז באַוועגט מיטן קערפּער, ווי אַן עלעגאַנטער אָפיציר. האָט ווער גערעדט צו איר, האָט זי אויף יענעם געקוקט מיט אירע גרויסע, אָפענע, טונקל־בלויע אויגן און פאַר זיך עפּעס געקלערט, גלייך זי זאָל האַלטן אין צוגרייטן עפּעס אַ שפּיצל דעם, ווער עס רעדט צו איר.

אין אירע שוואַרצאַפּלען האָט תמיד עמיץ געלאַכט מיט אַ געלעכטער פון אַ שטיפעריש קלוג מיידל.

ווען וואָלף האָט זי באַזוכט צום ערשטן מאָל, האָט ער זיך געסטאַרעט אויסצונעמען. ער האָט דעריבער אָנגעווענדט אַלע זיינע מעטאָדן, וועלכע ער האָט דערוואָרבן אין די פילע יאָרן, וואָס ער האָט געהאַט באַציאונגען מיט פרויען. ער האָט זיך געהאַלטן אָנשטענדיק, מיט ווירדע, נאָר אין דער זעלבער צייט האָט ער געלאָזט מערקן, אַז ער קען אויך זיין לעבנסלוסטיק, שאַרפזיניק און וויציק. ער האָט אפילו געזאָגט אַ פּאָר צווייטייטיקע וויצן, וועלכע האָבן געהאַט אַ געוויסן פּיקאַנטן אינהאַלט.

אין יענעם אָוונט האָט ער שוין געהאַט צייט צו באַמערקן, אַז דאָ האָט ער צו טאָן מיט איינער, וועלכע איז נישט גלייך צו אַלע אַנדערע

מיידלעך, וועלכע ער האָט געקענט. זי פירט אַ שמועס גאָר אַנדערש. זי לאָזט יענעם רעדן לאַנג, וויפל ער וויל נאָר אַליין, און זי קוקט אים אין די אויגן אַריין און אין אירע שוואַרצאַפּלען לאַכט עמיצער, לאַכט אַזוי האַר־ציק, אַזוי אַנגענעם; און יענער פאַרגעסט זיך און רעדט און רעדט... און פאַררעדט זיך... און דאַן, ווען יענער כאַפּט זיך שוין, אַז ער האָט צופיל גערעדט, און אפשר געזאָגט עפּעס אַ נאַרישקייט, איז שוין צו שפּעט... נאָר זי שמייכלט פאַרגעביק, און מ׳זעט, אַז זי ווייסט, אַז יענער האָט זיך פאַר־רעדט קוקנדיק אויף איר פּנים און אירע אויגן, וואָס לאַכן מיט אַזאַ מין פאַרפירערישן כישוף.

און דאַן, ווי צופרידן פון דעם, וואָס יענער האָט זיך פאַררעדט, פאַר־פירט זי אַ צווייטן שמועס און לאָזט יענעם ווידער רעדן...

זי האָט ליב צו זען ווי מענער געפינען זיך אין פאַרלעגנהייט.

אַריינקומענדיק צו איר אין צימער, האָט זי אים באַלד באַקענט מיט אַ יונגנמאַן, וועלכן זי האָט אָנגערופן מיט אַ לאַנגן טיטל, אומגעפער אַזוי:

— כ׳קען אייך פאָרשטעלן דעם סעניאָר סאָסיק, אַ שרייבער אין די שפּאַנישע צייטונגען, אַ נאָמען, וועלכן איר האָט זיכער געהערט. — און ווענדנדיק זיך צו יענעם, האָט זי געזאָגט קורץ:

— דער סעניאָר וואָלף.

וואָלף האָט אים געגעבן די האַנט און אים אָנגעקוקט פון אויבן ביז אַראָפּ.

זי האָט באַמערקט ווי וואָלף האָט באַטראַכט דעם „שרייבער אין די שפּאַנישע צייטונגען" און געשמייכלט. סאָסיק האָט דערוועקט אין וואָלפן אַ מאָדנע געפיל. אין זיין מוח האָט אַ פינקל־געטאָן אַ וויץ אויף סאָסיקס חשבון, אָבער ער האָט זיך געמאַכט ערנסט, כאָטש עס האָט אים גע־שטיקט אַ געלעכטער, זעענדיק ווי סאָסיק זיצט אויפן בענקל עפּעס אַזוי „סטאַטעטשנע" ווי אַ וואויל־דערצויגן יינגל.

— איבער וואָס שרייבט איר אין די שפּאַנישע צייטונגען? — האָט אים וואָלף געפרעגט מיט אַ טאָן, וואָס האָט געקענט זיין אי אין שפּאַס אי אין ערנסט.

— אָט, מ׳שרייבט איבער וואָס ס׳מאַכט זיך, מערסטנטייל באַ־שעפטיק איך זיך מיט ליטעראַרישע טעמעס.

— סאָסיק שרייבט צוליב דער ליטעראַטור, צוליב דער קונסט.

— רעוועקאַ האָט ליב צו איראָניזירן, — האָט באַמערקט סאָסיק.

— איר הייסט רעוועקאַ? — האָט וואָלף אויף איר אַ קוק געטאָן. — ביז איצט האָב איך נאָר געקענט אייער פאַמיליען־נאָמען.

— אין היימישע קרייזן רופט מען מיך רעוועקאַ.

זי האָט גענומען שפּאַצירן הין און צוריק איבערן צימער מיט גראַציעזע לייכטע באַוועגונגען.

וואָלף האָט איר נאָכגעקוקט און געקלערט, אַז ער האָט זיך דאָ באַקענט מיט אַן אָריגינעלער פרייליַן.

ער האָט אָנגעהויבן קלערן וועגן סאָסיקן, דעם „שרייבער אין די שפּאַנישע צייטונגען", און זיך דערמאַנט, אַז ער האָט טאַקע ערגעצוו אין אַ שפּאַנישער אויסגאַבע באַגעגנט אַזאַ נאָמען, ער געדענקט נישט, וואָס יענער האָט געשריבן, אָבער איין זאַך געדענקט ער, אַז דאָס, וואָס ער האָט געלייענט, איז געווען באַנאַל, ס'האָט דאַן אויף אים געמאַכט אַ שלעכטן איינדרוק. ער האָט מיט מער אינטערעס גענומען באַטראַכטן סאָסיקן און האָט זיך דערמאָנט, אַז דאָס איז דער, טאַקע דער, וועגן וועלכן מען האָט גערעדט צווישן זיינע באַקאַנטע, אַז ער האָט ליב צו באַגיין „פּלאַגיאַט".

סאָסיק האָט זיך אויפגעהויבן פון פּלאַץ, ווי באַאומרואיקט פון וואָלפס פאַראינטערעסירטן בליק. ער האָט זיך אָנגעשפּאַרט אָן ווענטל פון בעט און זיך פאַרקלערט.

— סאָסיק טראַכט איצט פון אַ ליטעראַרישער טעמע — האָט רעוועקאַ געזאָגט לאַכנדיק.

וואָלף האָט געזאָגט מיט אַ שטילן קול רעוועקאַן:

— מאַכט ער זיך נישט נאַריש דער דאָזיקער „שרייבער"?

— איר האָט געטראָפן — האָט רעוועקאַ געזאָגט און גענומען אַזוי פינקלען מיטן גלאַנץ פון אירע אויגן, אַז וואָלפן האָט זיך פאַרדרייט דער קאָפּ. ער האָט פאַר זיך גאָרנישט געזען, נאָר אַ מאָדנער גלאַנץ האָט. ווי פייער, געברענט זיין פּנים.

— וואָס האָט געזאָגט דער סעניאָר וואָלף? — האָט אינדיפערענט און האַלב־נאַאיוו געפרעגט סאָסיק.

— וואָלף האָט געזאָגט, אַז איר זענט אַ גרויסער שרייבער און קינסט־

לער, נאָר איין זאַך פעלט אייך, טרעפט וואָס? — האָט זיך רעוועקאַ אָפּגערופן.

— וואָס? — האָט סאָסיק זיך פאַראינטערעסירט.

— אַביסל שכל, כאַ־כאַ־כאַ — האָט זי זיך צעלאַכט און גענומען ווי־דער אַרומשפּרייזן הין און צוריק איבערן צימער מיט אויסמוסטירטע גראַ־ציעזע שפּאַנען ווי אַן עלעגאַנטער אונטער־אָפיציר.

פון דעם ערשטן באַזוך איז וואָלף אַוועק צופרידן, ער איז געווען זי־כער, אַז סאָסיק וועט שוין קומען אַביסל זעלטענער צו רעוועקאַן.

וואָלף איז נישט געווען קיין שרייבער, אָבער ער איז נישט געווען פון די, וועלכע דערשרעקן זיך פאַר דעם דאָזיקן וואָרט. אַ גוטער לעזער, האָט ער זיך געפילט מיט מער רעכט אַלס אַנטיילנעמער אין דער ליטע־ראַטור ווי די שלעכטע שרייבער. און אַ באַזונדערע אַנטיפּאַטיע האָט ער געהאַט צו די „רענעגאַטן”, ווי ער האָט זיי גערופן, דאָס הייסט, צו די, וועלכע זענען אַוועק גלאַנצן מיט יידישע טעמעס אין דער פרעמדער לי־טעראַטור, דאָרט וווּ מ׳קען זיי נישט קאָנטראָלירן און אָנווייזן זייער איג־נאָראַנץ...

אין די ווייטערדיקע אָוונטן, וואָס ער האָט פאַרבראַכט ביי רעוועקאַן, האָט ער זיך געטראָפן מיט נאָך אַ פּאָר ענלעכע „שרייבער אין דער שפּאַ־נישער ליטעראַטור”. איינער צווישן זיי איז געווען אַ יונגערמאַן, מיט שוואַרצע לאַנגע האָר, אַן עכטער „פּאָעט אין בריל”, אָבער ער איז געווען אַזוי נאַריש, אַז וואָלף האָט זיך געחידושט ווי קומט ער אַהער, צו רעוועקאַן, וווּ אָפטמאָל ווערן געפירט גאַנץ אינטערעסאַנטע שמועסן, און עס ווערן געזאָגט שאַרפזיניקע וויצן.

עס איז נאָך נישט אַוועק קיין דריי וואָכן, ווי וואָלף האָט זיך אַרומ־געזען, אַז ער זיצט מיט רעוועקאַן שוין דעם צווייטן אָוונט אַליין און קיי־נער קומט נישט. ערשט דאַן האָט ער איינגעזען, אַז ס׳איז געקומען זיין צייט.

זיין שמועס איז געוואָרן אַנדערש; פּיקאַנטע פראַזן האָבן זיך איינ־געפלאָכטן אין זייער געשפּ־עך. זיין בליק איז געוואָרן נענטער, הייסער, און אויף מאָרגן האָט ער איז דערקלערט, אַז ער האָט זי ליב, מיט אַזאַ זיכערקייט אין טאָן, גלייך ער וואָלט שוין מיט איר פריער אָפּגערעדט וועגן דעם, און זיין דערקלערונג איז נישט מער ווי אַ פאָרמאַליטעט.

אָבער רעוועקאַ האָט געלאַכט און אים געזאָגט:

— קוקט זיך אָן אין שפּיגל ווי נאַריש איר זענט...

און וואָלף, אַזוי ווי ער איז געווען פאַרטאָן אין זיין ליבעס־דערקלע־רונג, האָט ער עפּעס ווי נישט ווילנדיק אַ קוק געטאָן אין שפּיגל... און זיך באַלד צוריקגעכאַפּט, אָבער ס'איז שוין געווען צו שפּעט...

— אמת, כ'בין נאַריש — האָט וואָלף געזאָגט און זיך צורעכט גע־מאַכט דעם שניפּס.

רעוועקאַ האָט אַרומגעשפּרייזט איבערן צימער און איבערגעחזרט:

— ווי נאַריש איר זענט וואָלף, ווי נאַריש.

— מאַכט נישט די זאַך גרעסער ווי זי איז — האָט וואָלף געוואָלט בייטן דעם טאָן — וואָס האָב איך אייך דען געזאָגט? כ'האָב אייך דער־קלערט, אַז כ'האָב אייך ליב, אַ זאַך וואָס, ווייזט אויס, ס'איז ביי אייך קיין נייעס נישט...

רעוועקאַ איז שטיין געבליבן אַ רגע פאַרקלערט, דאַן איז זי צוגעגאַנ־גען נאָענט צו וואָלפן און אים אַריינגעקוקט טיף אין די אויגן. וואָלף האָט זיך דערשראָקן. אירע אויגן האָבן פאַרלוירן דאָס בלויקייט. ער האָט גע־זען פאַר זיך צוויי שוואַרצע ברענענדיקע פונקען.

זי האָט געקוקט אויף אים אַ לאַנגע ווײַלע, אָבער וואָלף האָט נישט געקענט וויסן, וואָס עס ברענט אין אירע אויגן, ליבע, צי האַס.

מיטאַמאָל איז זי געוואָרן פריילעך. זי האָט זיך אַוועקגעזעצט נאָענט נעבן וואָלפן און געזאָגט.

— רעדט צו מיר פון וואָס איר ווילט, אָבער נישט פון ליבע... מיט ליבע־דערקלערונגען בין איך שוין זאַט פון די „רענעגאַטלעך”, ווי איר רופט זיי אָן.

— איר האָט רעכט, כ'גיב אייך מיין וואָרט, אַז מער רעד איך מיט אייך נישט וועגן דעם.

נאָכדעם איז וואָלף נאָך געזעסן ביי רעוועקאַן אַ פּאָר שעה. ער האָט געהאַלטן איר האַנט אין זיינער און זיי האָבן געפירט אַ געמיטלעכן שמועס פון טויזנטער גלייכגילטיקע זאַכן.

ווען ער איז אַוועקגעגאַנגען, האָט ער געקלערט, אַז ער מוז זי פאַר־לאָזן. עס איז פּשוט אַ שאָד די צייט. די יאָרן לויפן און זיין יוגנט איז שוין לאַנג אַוועק.

פאַר יענע יונגעלייט, וועלכע האָבן געדולד, ווי אַן אייזערנע בריק, און זענען קינדעריש מעלאַנכאָליש, ווי יונגע שעפעלעך, איז עס אפשר אַן ארבעט אַפּזיצן אַוונטן און בענקען, קוקנדיק אויף רעוועקאַס ווייסע הענט, און אויף איר גראַציעזן אומשפּאַנען איבערן צימער ווי אַן עלע־גאַנט אַפּיצירל, אָבער פאַר אים, וואָלפן, איז עס שוין נישט אם פּלאַץ.

עטלעכע טעג איז ער טאָקע צו איר נישט געקומען. פאַר דער צייט איז ער געווען אויף אונטערנעמונגען, אויף „באַילעס״, אויף פאַרזאַמלונגען, אָבער ס׳האָט אים געלאַנגווייליקט. די פריילנס, וואָס ער האָט געזען, האָבן אים אויסגעוויזן אַנטקעגן רעוועקאַן כמעט ווי מיאוסע; זייער האַלטונג איז נישט געווען אַזוי פריי, אַזוי גרינג ווי רעוועקאַס.

ענדלעך איז ער, נאָך עטלעכע טעג פון אומזיסטיקן אומלויפן איבער־די סאַלאָנען און באַילעס, אַוועק צו רעוועקאַן.

ווען ער איז אַריינגעקומען אין צימער, האָט רעוועקאַ אים אויפגענו־מען מיט אַ גלייכגילטיקן שמייכל. עס האָט אויסגעוויזן, אַז זי איז שוין געוווינט געוואָרן צו אַזאַ צוריקקומען.

— האָט איר גוט פאַרבראַכט די לעצטע טעג? — האָט זי געפרעגט און אַ ווונק געטאָן מיט די אויגן.

— נישט שלעכט פאַרבראַכט.

וואָלפן איז פּלוצלינג באַפאַלן אַ מאָדנע אומאַנגענעם געפיל. ער האָט זיך געפילט, אַז ער איז אויך אַזוי ווי יענער, ס׳מעלאַנכאָלישע יינגל, וואָס האָט זיך אַנגעטשעפּעט אין אַ מיידל און וויל נישט אַפּטרעטן.

ער איז געוואָרן ערנסט, אַביסל בלייך.

— כ׳גיי שוין רעוועקאַ.

— שוין אַזוי גיך? — האָט זיך רעוועקאַ געחידושט.

— גיך צי נישט גיך, כ׳דאַרף גיין — האָט וואָלף געזאָגט מיט אַ שאַרפן, כמעט גראָבן טאָן.

ער האָט זיך אין איילעניש געזעגנט און איז אַוועק מיטן באַשלוס מער נישט צו קומען צו איר.

וואָלף האָט געהאַלטן זיין באַשלוס, אָבער פון דאַן אָן, ווען ער איז אַוועקגעגאַנגען, האָבן זיך ביי רעוועקאַן אין צימער געמוען באַווייזן פאַר־בענקטע יונגעלייט מיט אויסגעצויגענע מעלאַנכאָלישע פּנימער, וועלכע שרייבן אין די שפּאַנישע צייטונגען און נאָר איבער ליטעראַרישע טעמעס...

1921.

# אינהאַלט

